# פלאַטאָנ׳ס דיאַלאָגן

איבערזעצט פון יעקב מילך

מיט אן איינלייטונג און פאררעדע פון דעם איבערזעצער.

מיט בילדער פון סאָקראַטעס און פלאַטאָן

ארויסגעגעבן פון
יעקב מילך
135 Eastern Parkway, Brooklyn, N. Y.
1 9 2 9

# אינהאלט

# הקדמה

צוליעב צוויי טעמים האַלט איך עס פאַר נויטיג צו שרייבן אַ קורצע הקדמה צו דער איבערזעצונג, וואָס דערשיינט דאָ צום ערשטן מאָל אין אידיש.

די צוויי טעמים זענען, ערשטנס, וואָס די איבערזעצונג איז ניט געמאַכט געוואָרן פון דעם גריכישן אָריגינאַל, און, צווייטנס, וואָס זי איז געמאַכט געוואָרן אין אידיש.

ביידע די אורזאַכן האָבן מיר פאַרשאַפט אָן אַ שיעור אַרבעט און קאָפּ דרייעניש, און האָבן מיך געצוואונגען צו מאַכן דריי פאַרשידענע איבערזעצונגען.

דאָס איז די דריטע איבערזעצונג וואָס איך פאַרעפענטליך דאָ. די ערשטע צוויי האָב איך פאַרבראַקירט, אָן רחמנות.

גאָר די ערשטע איבערזעצונג האָב איך געמאַכט לויט די קלאַסישע דייטשע איבערזעצונג פון פרידריך שלייערמאַכער.

דער באַוואוסטער דייטשער פילאָזאָף פרידריך שלייער־מאַכער ווערט נאָך היינט, קנאַפּע הונדערט יאָר נאָך זיין טויט, באַטראַכט אַלס דער גרויסער פּלאַטאָן אויטאָריטעט. זיין איבערזעצונג, אויף וויפיל מיר איז באַקאַנט, איז די נאָענטסטע צום אָריגינאַל. אָבער ווען איך בין געווען כמעט אין גאַנצן פאַרטיג מיט דער אַרבעט, האָב איך אָנגעהויבן צו צווייפלען. נאָך אַ לאַנגן ישוב הדעת בין איך געקומען צום שלום, אַז ביי אַלע מעלות, איז שלייערמאַכער׳ס איבערזעצונג צו שטייף, שווערפעליג און ניט צוגעפּאַסט צום היינטיגן לעזער.

האָב איך אַוועקגעלייגט די איבערזעצונג און האָב זיך אויפ׳סניי גענומען צו דער אַרבעט פון אַ נייער איבערזעצונג לויט דער קלאַסישער ענגלישער איבערזעצונג פון דזשאָועט. פון די נייעסטע דייטשע איבערזעצונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן בשותפות פון עטליכע געלערנטע, האָב איך זיך ערשט דער־

וואוסט לעצטן זומער, ווען איך בין געווען אין דייטשלאַנד.
דזשאָועט איז געווען אַ גרויסער געלערנטער אין גריכיש, און אַ קלאַסיקער אין ענגליש. איך האָב אַלעמאָל געוואוסט, אַז דזשאָועט האָט זיך גענומען פרייהייטן מיט דעם גריכישן טעקסט, פאַר וואָס ער איז אין זיין צייט געוואָרן שטאַרק קריטיקירט פון מאַנכע געלערנטע. אָרום זיין איבערזעצונג איז אָנגעגאַנגען אַ לאַנגער שטרייט, מאַנכע געלערנטע האָבן אים בשום אופן ניט געוואָלט מוחל זיין די פרייהייטן. ביי דעם אַלעם איז זיין איבערזעצונג פון אַלעמען אנערקענט געוואָרן אַלס די קלאַסישע ארבעט — אַזוי שיין, אַזוי רייך און אַזוי ברילִיאַנט איז די איבערזעצונג.
וואָלט איך אודאי געווען געבליבן ביי דער צווייטער איבערזעצונג. איז אָבער בינו לבינו דערשינען אַ גאַנץ נייע ענגלישע איבערזעצונג אין דער Loeb Classical Library מיט דעם גריכישן טעקסט ביי דער זייט. אַ פאַרגלייכונג פון שלייערמאַכער'ס דייטשע, און דזשאָועט'ס ענגלישע מיט דער נייער ענגלישער איבערזעצונג, האָט מיך איבערצייגט, אַז די לעצטע האָט די מעלות פוןביידע עלטערע איבערזעצונגען אָן זייערע חסרונות: זי איז געטריי צום אָריגינאַל און איז געשריבן אין אַ קלאָרע און לעבעדיגע ענגליש. די נייע איבערזעצונג האָט נאָך די זעלבסטפאַרשטענדליכע מעלה, וואָס דער נייער איבערזעצער H. N. Fowler איז באַקאַנט מיט די ביידע אַלטע, און האָט מן הסתם אויסגענוצט די מעלות פון יענע איבערזעצונגען.
האָב איך אויפגעגעבן מיין צווייטע איבערזעצונג, און האָב געמאַכט אַ נייע אַרבעט, לויט דער לעצטער ענגלישער אויסגאַבע, מיט שלייערמאַכער'ס ביי דער האַנד, וואָס האָט מיר געהאָלפן אין פאַל פון שפּראַך שוועריגקייטן.
דערווייל איז אין דעם „השילוח" דערשינען אַ העברעאישע איבערזעצונג פון דער אַפּאָלאָגיא. דער העברעאישער איבערזעצער, הער א. סימון, ווי מיר שיינט, האָט זיך אויך פיל באַנוצט מיט דער זעלביגער ענגלישער איבערזעצונג, אָבער פאַר מיר איז אויך די העברעאישע איבערזעצונג געווען אַ

הילף. פאַרגלייכנדיג די העברעאישע איבערזעצונג מיט מיינע, האָב איך געענדערט מאַנכע ווערטער אין מיין איבערזעצונג, ווי, למשל, „רבותי" אַנשטאָט „מיינע הערן", „כופר בעיקר" אַנשטאָט אַטעאיסט, און אַנדערע העברעאיש-אידישע ווערטער.

ואחרי ככלות הכל, האָב איך געפונען אַ פריינד, אַ יונגען מאַן, מיט דעם נאָמען שלמה לויפבאַן, וואָס איז שטאַרק באַהאַוונט אין דער גריכישער שפּראַך, און ער איז גאַנץ פרייוויליג איבערגעגאַנגען, צוזאַמען מיט מיר, די גאַנצע אַרבעט מיינע און פאַרגליכן מיט דעם גריכישען טעקסט, וואָרט פאַר וואָרט, פסוק פאַר פסוק.

די אַרבעט פון פאַרגלייכן און אויסבעסערן האָט פאַרנומען יעדן זונטאָג דעם גאַנצן ווינטער פון לעצטן יאָר.

דאָס זענען די שוועריגקייטן, וואָס די גריכישע שפּראַך האָט מיר פאַרשאַפט.

אָבער דאָס אַלץ איז גאָר ניט אין פאַרגלייך מיט די קאַפּדרייעניש, וואָס מיין אייגענער לשון האָט מיר אָנגעמאַכט. אַט דער לשון אונזערער איז לחלוטין ניט געווען בכח זיך צו ספּראַווען מיט דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע. עס איז נאָך היינט שווער גענוג, אָבער מיט אַ 15 יאָר צוריק, ווען איך האָב אָנגעהויבן די אַרבעט, איז עס כמעט געווען אוממעגליך איבערצוגעבן פּלאַטאָן אויף אידיש.

דאָ איז ניט דאָס אָרט זיך אַריינצולאָזן אין אַ חקירה וועגן דער אידישער שפּראַך. אחוץ דעם איז דאָס אַן ענין פאַר די פילאָלאָגן. עס וועט אָבער ניט שאַטן צו מאַכן עטליכע באַמערקונגען, כדי קלאָר צו מאַכן מיינע פּראָבלעמען.

דאָס אידישע לשון איז געבוירן געוואָרן, און געהאָדעוועט געוואָרן אויף דעם מאַרק. דער איד האָט דאָס לשון נאָר געברויכט פאַר גשמיות. ווען דער איד האָט זיך אויסגעטאָן פון די גשמיות, ווען ער איז געגאַנגען אין שול אַריין זיך דורכצורייזן מיט זיין גאָט און אויסצוגיסן זיין ביטער האַרץ, האָט ער געברויכט אַן אַנדער לשון, אַ הייליג לשון, אַ לשון וואָס גאָט אַליין באַנוצט אין זיין אומגאַנג מיט די מלאכים. אמת,

ניט אַלעמאָל האָט ער דאָס לשון פאַרשטאַנען, אָבער דאָס איז פאַר אים ניט געווען קיין אָבהאַלט. האָט ער געוואָלט אויס־דריקן די אידעע פון אַבסאָלוטער איינהייט, האָט ער דאָס געטאָן אויף דעם הייליגן לשון, און ער האָט געזאָגט: „אחד ואין יחיד כיחודו, נעלם וגם אין סוף לאחדותו.“ איז אים געווען גאָר ביטער, האָט ער געזונגען „מן המיצר קראתי יה“, און אַז ער האָט זיך געלאָזן אומברענגען פאַר זיין גאָט, איז ער געגאַנגען אויף „קידוש השם“.

די אידישע שפּראַך איז געווען אַ „שפחה“ אין דעם זין, וואָס מען האָט מיט איר פאַרריכט די גראָבע, איינפאַכע אַרבעט.

דאָס אידישע לשון האָט דערפאַר פון אָנהייב אָן פאַר־שטענדניש נאָר פאַר ממשות'דיגע, קאָנקרעטע און גשמיות'־דיגע זאַכן.

אין די שפּעטערע יאָרן, ווען די שפּראַך האָט זיך אַרויס־געריסן פון דעם מאַרק, און האָט זיך געלאָזן מיט אַן אימפּעט אין דער ברייטער וועלט אַריין, ווייט אַריבער אירע ערשטע גרענעצן, און האָט זיך פאַרשפּרייט אויף פאַרשידענע געביטן פון לעבן, ליטעראַטור, פּאָעזיע און פּובליציסטיק; ווען זי האָט אַראָבגעוואָרפן פון זיך דאָס פאַרטוך פון דער שפחה, און איז געוואָרן אַ ברייטע אויפגעקומענע באַלעבאָסטע, איז עס ווידער געווען דאָס ממשות'דיגע און קאָנקרעטע וואָס האָט באַשטימט איר ריכטונג. שוין ניט צו רעדן פון דער פּובלי־ציסטיק, וואָס איז הויפּטזעכליך דיקטירט געוואָרן פון דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע, נאָר אויך אין דער ליטעראַטור האָט זי זיך אָפּגעגעבן הויפּטזאַכליך מיט ממשות'דיגע און קאָנקרעטע זאַכן. עס איז געווען די קליאַטשע, דער בעל טאַקסע, דאָס קליין מענשעלע, פישקע דער קרומער, מנחם מענדעל, טוביה דער מילכיגער, דער בערדיטשעווער רב, דער חסידישער רבי, און ענליכע זאַכן. פאַר פילאָזאָפישע ווענדונגען און אַבסטראַקטע באַגריפן; פאַר גענויע דעפיניציעס און עקזאַקטע שאַטירונגען פון באַגריפן, איז אונזער לשון געבליבן

מאָגער און אויסגעדאַרט. אין דער ריכטונג פון פילאָזאָפישן דענקען, קען מען מיט אונזער לשון, אַפילו היינט, ווייט ניט גיין. און גראד די פילאָזאָפיע איז זייער און זייער איבער־קלייבעריש. זי איז אַ גרויסער מפונק. אָן אַ רייכער, פיל־פאַרביגער און בויגיגער שפּראַך, רירט זי זיך ניט פון אָרט. דער מאלער קען אויסמאָלן אַ שיין בילד; דער פּאָעט קען אַרויסזאָגן שיינע געדאַנקען אין אַ מוזיקאַלישער שפּראַך; דער נאָוועליסט קען באַשרייבן שיינע סצענעס, אָבער וואָס עס איז די שיינקייט אַליין, די שיינקט אין אַבסטראַקט, ווי עס איז, למשל, דער נומער אין אַבסטראַקט, און צו איז גאָר דאָ אַזאַ זאַך ווי אַבסטראַקטע שיינקייט — דאָס צו באַשטימען איז די עובדה פון דער פילאָזאָפיע, און זי קען דאָס צו שטאַנד ברענגען נאָר מיט דער הילף פון דער פּראָזע, וואָס מיט איר ראַנגלט זיך דער פילאָזאָף פיל מער איידער דער פּאָעט.

די פילאָזאָפיע, למשל, קען זיך ניט באַגיין אָן אַזעלכע באַגריף דעפיניציעס ווי קאָנצעפּציע, פּערצעפּציע און אַפּער־צעפּציע; אַפּריאָרי און אַפּאָסטעריאָרי, אַבסטראַקט און קאָנ־קרעט, סוביעקטיוו און אָביעקטיוו, דינאַמיש און סטאַטיש, דעדוקציע און אינדוקציע, קוואַליטאַטיף און קוואַנטיטאַטיף, און נאָך אָונדערטע, אפשר טויזענדע אַזעלכע אויסדרוקן. וואו זאָלן מיר נעמען ווערטער פאַר די דאָזיגע באַגריפן? די באָבע האָט פון זיי ניט געוואוסט און ניט גע׳חלומ׳ט, דעם זיידן אויפ׳ן מאַרק האָבן זיי אויך ניט געפעלט.

אָבער דאָס איז ניט דאָס ערגסטע. די דאָזיגע ווערטער האָבן מיר זיך שוין ווי עס איז אויסגעלערנט צו באַנוצן, צו דער לעזער פאַרשטייט זיי, צו ניט. ערגער איז מיט אַ גאַנצע רייע ווערטער און באַגריפן, וואָס די פילאָלאָגן (איך וואָלט גיכער זאָגן, די אַרכעאָלאָגן) פון דער אידישער שפּראַך דער־לויבן ניט צו באַנוצן, ווייל זיי זיינען „דייטשמעריש“? טאַקע, ווי קומט אידיש צו דייטשע ווערטער? אידיש האָט עפּעס צו טאָן מיט דייטש? אָבער וואָס טוט מען פאַרט מיט אַזעלכע באַגריפן ווי פאָרטפּלאַנצן, וועקסעלווירקונג, טוגענד, לאַסטער,

איבונג, אמפינדונג, רעפלעקציע, מעדיטירן און נאָך טויזנדער אַנדערע? פון דעם וואָרט „כפל“ האָבן מיר געמאַכט „כפלן“, קענען מיר אויך חיבור׳ן, חיסר׳ן און חילוק׳ן? איר מעגט געברויכן ווי עס איז דאָס וואָרט „אַבסטראַקט“, פּרובירט אָבער געברויכן דאָס וואָרט „אַבסטראַהירן“ און גאָט ווייסט וואָס עס וואָלט געוואָרן פון אייער רעפּוטאַציע אַלס אידישער שרייבער.

וואָס איינער האָט אויסצושטיין פון דער דאָזיגער אָרעמ־קייט, ווען איינער דערוועגט זיך צוצוגיין מיט איר צו איינס פון די אומשטערבליכע ביכער, וועט ווערן קלאָר פון איין ביישפּיל פון אַ גרויסער איבערזעצונג פון אַנאַנדער אומשטערב־ליך בוך.

דער פּסוק „ויולד בנים ובנות“ געפינט זיך אַ סך מאָל אין בראשית. ווען נעמען מיר די בעסטע איבערזעצונג פון דער תורה, ווערן מיר דערשטוינט צו זעהן, אַז לויט דער דאָזיגער איבערזעצונג זענען דאָס אַלעמאָל געווען מענער וואָס האָבן געבאָרן זין און טעכטער. אַזוי אַרום קומט אויס, אַז שרה האָט געבאָרן יצחק׳ן, און „אברהם האָט געבאָרן יצחק׳ן.“ „אלה תולדות ישמעאל בן אברהם“ ווערט איבערזעצט: „דאָס זענען די געבורטן פון ישמעאל דער זון פון אברהם“, און עטליכע שורות ווייטער ווערט דער פּסוק „אלה תולדות יצחק בן אברהם“ איבערזעצט: „דאָס איז די געשיכטע פון יצחק, דער זון פון אברהם.“

פון וואַנען נעמען זיך אַזעלכע אומפּאַרטייאישע פעלערן? פאַר וואָס איז „תולדות“ ביי ישמעאל׳ן „געבורטן“, און ביי יצחק׳ן „געשיכטע“? דאָס קומט פון דעם, וואָס אויף אידיש איז ניט דאָ קיין פּאַסיג וואָרט אויסצודריקען דעם באַגריף, וואָס דער דייטש דריקט אויס מיט דעם וואָרט zeugen, erzeugen, און וואָס הייסט אויף ענגליש to generate, to engender, to beget. אין דער ענגלישער איבערזעצונג פון דער תורה ווערט דאָס וואָרט „ויולד“ פאַרטייטשט מיט דעם וואָרט begot, און דאָס וואָרט „תולדות“, אין ביידע דערמאָנטע פאַלן,

ווערט איבערזעצט מיט דעם ווארט generations. יהואש'ס ארבעט איז, אין גאנצן גענומען, אן אויסגעצייכנטע, אבער מיר שיינט, אז אינ'ם לעצטן פאל האט מיין פארשטארבענער פריינד יהואש פשוט ניט געהאט דעם מוט צו געברויכן דאס ווארט גענעראציעס, אדער גאר דאס העברעאישע ווארט דורות.

אבער איך שרייב דא ניט קיין קריטיק אויף יהואש'ס איבערזעצונג. איך וויל נאר מיט דעם אנווייזן, וואסער ארבעט עס האט א אידישער איבערזעצער פון א גרויס ווערק, און די שטרויכלונגען, וואס ער באגעגנט אויף זיין וועג.

איך האב מיט אלע כחות געשטרעבט אויסצומיידן אזעלכע און ענליכע פעלערן אין מיין איבערזעצונג פון פלאטאן. צו דאס איז מיר געלונגען צו ניט, ווייס איך ניט. דאס אויסצוגעפינען וועט זיין די ארבעט פון די וואס וועלן זיך נעמען די מיה, אויב עס וועלן זיך געפינען אזעלכע, צו פארגלייכן די איבערזעצונג מיט דעם אריגינאל.

ניט קיין קליינע פראבלעמע איז פאר מיר געווען דער סטיל. פלאטאן איז געווען א שיין שרייבער פון דעם העכסטן ראנג. זייער ווייניגע אין דער וועלט-ליטעראטור האבן באזיצט אזא רייכקייט און פארשידנארטיגקייט פון שפראך ווי פלאטאן. דאן איז זיין סטיל אזוי קלאר ווי קרישטאל, און זיין גאנצער מאניער אזוי שיין און אנגענעם, אז קיינער אין דער גאנצער וועלט-ליטעראטור שטייגט אים ניט אריבער. די דיאלאגישע פארמע, דער צוויי געשפרעך, מאכט דאס לעזן נאך מער אנציענד. ביי דעם אלעם זענען דא מאנכע גאנץ שווערע שטעלן, וואס מען מוז איבערלייענען עטליכע מאל איידער מען קריגט פון זיי ארויס דעם ריכטיגן געדאנק מיט דעם ריכטיגן טעם. מען דארף ניט פארגעסן, פלאטאן האט זיך באשעפטיגט מיט די אבסטראקטעסטע געדאנקען, וואס דער מענטשליכער פארשטאנד האט ווען עס איז באריט. ארויסצוברענגען די דאזיגע אידעען, מוז די שפראך נויטווענדיגערוויז זיין אביסל פארוויקלט. מער ווי איינמאל האט דער יצר הרע מיך אנגערעט לייכטער צו מאכן די שטעלן.

אָבער איך האָב דאָס קיינמאָל ניט געטאָן. אין אַלע פאַלן, האָב איך זיך געסטאַרעט מיט אַלע מיינע כחות צו מאַכן די אידיש אַזוי לייכט און אַזוי שיין ווי איך האָב נאָר געקענט, אָבער איך האָב זיך ניט דערוועגט „אויסצובעסערן" פּלאַטאָן. די עטליכע שווערע שטעלן האָב איך געלאָזן ווי זיי זענען אין אָריגינאַל און אין אַלע אַנדערע שפּראַכן. דער אידישער לעזער איז ניט מער מיוחס איידער די לעזער פון אַלע אַנדערע שפּראַכן. אויב ע׳ר געפינט דאָ אָדער דאָרט אַ שטעלע וואָס איז אים שווער צו פאַרשטיין, זאָל ער לייענען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל, ביז ער וועט פאַרשטיין. צוזאַמען מיט דעם גרויסן דייטשן פּלאַטאָ־קענער, קאָנסטאַנטין ריטטער, קען איך אים פאַרזיכערן, דאָס לייענען נאָך אַמאָל וועט זיך אים לוינען. ער וועט קריגן זיין שכר אין דער גרויסער צופרידנהייט וואָס ע׳ר וועט האָבן אויף דעם שטעל.

איך האָב אויסגעקליבן די דריי דיאַלאָגן אַלס די ערשטע איבערזעצונגען אין אידיש, ווייל צוזאַמען זענען זיי די בעסטע באַשרייבונג פון סאָקראַטעס׳ לעבן, ווירקן, שטאַרבן און פילאָ־זאָפיע. דער פעדאָן איז נאָך דערצו איינער פון די דיאַלאָגן, וואו פּלאַטאָנ׳ס דראַמאַטישע קונסט דערגרייכט איר רייפסטע פאָלקאָמענהייט. ע׳ס ווערט פיל געשטריטן וועגן דער רייע פון פּלאַטאָנ׳ס דיאַלאָגן און דער צייט, ווען זיי זענען פאַרפאַסט געוואָרן. אין דער פראַגע, נאַטירליך, קען איך דאָ ניט אַריינ־גייען. זאָל זיין גענוג צו זאָגן, אַז מאַנכע געלערנטע, ווי פּאַאול נאַטאָרפּ, למשל, האַלט די „אַפּאָלאָגיא" און „קריטאָן" פאַר די ערשטע צוויי. אין פאַרשידענע אויסגאַבן אין אַנדערע שפּראַכן גייען דיזעלביגע דריי דיאַלאָגן צוזאַמען. אַפילו אין דער נייעסטער ענגלישער אויסגאַבע, וואָס איז פריער דערמאָנט געוואָרן, גייען אויך די דריי צוזאַמען.

די דריי דיאַלאָגן זענען נאָר אַ התחלה. דער איבערזעצער האָפט צו זיין אימשטאַנד ווייטער אָנצוגיין מיט דער אַרבעט און אַרויסצוגעבן מערערע פון פּלאַטאָנ׳ס דיאַלאָגן, און—ווער

וויים?—אפשר אריינצוברענגען דעם גאַנצן פּלאַטאָן אין דער אידישער שפּראַך.

דאָס אויסלייגן פון די גריכישע נעמען אויף אידיש, האָט מיר אויך פאַרשאַפט אביסל קאָפּווייי. איך בין נאָך איצט ניט זיכער צו מיין אויסלייגן איז די ריכטיגע. אָבער לויט דער עצה פון פאַרשידענע פריינד, וואָס מיט זיי האָב איך זיך מישב געווען, האָב איך באַשלאָסן צו געברויכן די ענגלישע פאָרמע אין איינע, און די דייטשע אין אַנדערע, ווי זיי זענען דאָ געגעבן.

א פּאָר ווערטער דאַרף דאָ געזאָגט ווערן וועגן דעם בילד פון סאָקראַטעס, וואָס ווערט דאָ געגעבן. דאָס איז אַ פאָטאָ-גראַפיע פון אַ מאַרמאָרנער פיגורקע, וואָס איז ניט לאַנג צוריק געפונען געוואָרן אין אַלעקסאַנדריע, און איז אָבגעקויפט גע-וואָרן פון דעם בריטישן מוזעאום. דאָס פיגורל איז אין גאַנצן עלף אינטשעס הויך, און איז געמאַכט געוואָרן, ווי עס שיינט, אַ 300 יאָר פאַר די קריסטליכע צייט רעכנונג, קנאַפּע 100 יאָר נאָך סאָקראַטעס' טויט.

„דער בריטישער מוזעאום קוואַרטאַלנע", נומער 1 (The British Museum Quarterly, No. 1) שרייבט וועגן דעם בזה הלשון:

„קוקענדיג אויף דער פיגור, שוינען מיר צו האָבן אַן אמת'ערע און מער לעבנס-געטרייע פאַרשטעלונג פון סאָקראַטעס'ן, אוידער וועלכע עס איז פון די פריערדיגע באַקאַנטע ביוסטן האָבן אונז געגעבן, און אַזוי ווי מיר האָבן אַצינדער צו דעם ערשטן מאָל אַ פולע-מאָס פיגור פון דעם פילאָזאָף, קענען מיר פילן, אַז ער שטייט פאַר אונז (הגם נאַטירליך אין אַ שטאַרק פאַרקלענערטן פאָרמאַט) זייער פיל ווי ער האָט זיך אַודאי געצייגט פאַר זיינע שכנים-בירגער אין אַטהען טאָג איין, טאָג אויס".

מיסס הוטשינסאָן (און איר אַסיסטענט מיסס וואוד), דער ביבליאָטעקאַר פון דעם ברוקלינער קונסט מוזעאום, קומט אַ דאַנק פאַר די מיה וואָס זיי האָבן זיך גענומען אויסצוגעפינען

דאָס בילד פון דער פיגור פאַר מיר, און האָבן מיר אַרויס־
געגעבן דעם דערמאָנטן זשורנאַל מיט דעם בילד, פון וועלכן
איך האָב אַראָבגענומען אַ פאָטאָגראַפיע.

צום שלום וויל איך נאָך דאַנקען מיין פריינד, דעם דער־
מאָנטן שמואל לויפבאַן, פאַר דער גרויסער הילף וואָס ער האָט
מיר געליסטעט, פרייוויליג און מיט התלהבות, פאַרגלייכנדיג
מיין איבערזעצונג מיט דעם גריכישן טעקסט.

איך דאַנק אויך מיין פריינד יוסף קאַהאַן, רעדאַקטאָר
פון דער „פרייער אַרבעטער שטימע“, פאַר זיין לייענען די
קאָרעקטור פאַר מיר, וואָס ער האָט מיר אָנגעבאָטן, פרייוויליג.

יעקב מילך.

ברוקלין, נ. י., נאָוועמבער 1928.



SOCRATES, 300 B. C.
By Courtesy of the British Museum

# איינלייטונג

## I.

צווישן די אמת אומשטערבליכע פון דעם אלטערטום איז סאָקראַטעס, אויב מען קען זיך אַזוי אויסדריקן, דער אומשטערבליכסטער פון אַלע. ניט ווייל סאָקראַטעס איז לחלוטין גרעסער פון יעדן פון זיי — אַזאַ באַהויפּטונג קען ניט געמאַכט ווערן מיט אַ לייכטע האַרץ — נאָר ווייל ער איז מענשליכער, און איז דערפאַר אונז נעהנטער און ליעבער.

אַלע אַנדערע אומשטערבליכע זענען אַזוי ווייט אַוועק פון אונז, אַז מיר קענען גאָר ניט דענקען פון זיי אין ווערטער פון מענטשליכקייט. שוין דער געדאַנק אַליין אַנצואווענדן אויף זיי מענטשליכע באַגריפן, אָדער אַלגעמיין מענטש־ליכע האַנדלונג, קומט ביי אונז אויס ווי אַ חלול הקודש. זיי שטייען פאַר אונז ווי איבערמענטשליכע קרעפטן, האַלב־געטער, לעגענדאַרישע ריזען, וואָס אפשר האָבן זיי גאָרניט עקזיסטירט, וואָס מיר שטעלן זיך נאָר פאַר אין דער פאַנטאַזיע, ווייל אַלץ מענטשליכע איז זיי פרעמד. קען ווער פון אונז זיך פאַרשטעלן, לאָמיר זאָגן, משה רבנו, ווי ער קריגט אַ סוף פון זיין ווייב, מאַדאַם צפורה, ווייל ער קומט אַהיים צו שפּעט פון הוליאַנקעס, ער גיט ניט גענוג געלט אויף פּרנסה, אָדער ער פאַרנאַכלעסיגט די קינדער? אַזאַ געדאַנק קענען מיר גאָר ניט דערלאָזן אין פאַרבינדונג מיט משה רבנו. מיר קע־נען זיך ניט פאַרשטעלן משה רבנו זאָל זאָגן אַ וויץ, אָדער ער זאָל לאַכן פון יענעמס אַ וויץ. מיר דענקען פון אים נאָר אַלס דער געטליכער מענטש, וואָס האָט גערעדט מיט גאָט אַליין, און איז כסדר געווען פאַרטאָן מיט איבערמענטשליכע זאַכן.

און ניט נאָר משה, נאָר אפילו קלענערע פון אים, ווי

ישעיהו הנביא, אָדער יחזקאל, אָדער ירמיהו (דער מענטש־ליכסטער פון אַלע) — אַפילו פון זיי דענקען מיר נאָר אין באַגריפן פון איבערמענטשליכקייט און געטליכקייט. אַזוי ווייט זענען זיי פון אונז, אָדער מיר פון זיי.

אַפילו פּלאַטאָן אַליין, וואָס אַ דאַנק אים קענען מיר אַזוי גענוי סאָקראַטעס'ן — אַפילו פּלאַטאָן אַליין דערשיינט פאַר אונז ווייניגער מענטשליך ווי סאָקראַטעס.

ניט אַזוי סאָקראַטעס!

אים באַטראַכטן מיר ביז היינטיגן טאָג אַלס איינעם פון אונז, אַלס אַן אייגענעם מענטשן.

צוויי טויזנט דריי הונדערט יאָר זענען אַוועק זינט סאָקראַטעס האָט, לויט דעם פּסק דין פון אַ פאָלקס־געריכט אין אַטהען, געטרונקען דעם סם, וואָס האָט געמאַכט אַ סוף צו זיין ערדישער עקזיסטענץ, אָבער ער איז נאָך דאָ צווישן אונז.

צו די אידעען, וואָס פּלאַטאָן פירט אויס אין דעם נאָמען פון סאָקראַטעס'ן אין זיין „פעדאָן", באַווייזן די אומשטערב־ליכקייט פון דער נשמה צי ניט — גיכער באַווייזן זיי דאָס ניט — סאָקראַטעס' לעבן, זיין באַנעמונג, זיין אויפפירונג און זיין טויט, באַווייזן דאָס גאַנץ באַשטימט, אויב מען נעמט נאָר דאָס וואָרט נשמה ניט אין דעם בוכשטעבליכן זין פון דער רעליגיע, אָדער אַפילו אין דעם זין פון סאָקראַטעס אַליין.

סאָקראַטעס לעבט און ווירקט מיט זיין פּערזענליכן מאַג־נעטיזם ניט ווייניגער, אפשר מער, ווי ווען ער איז געווען צווישן די לעבעדיגע. ווי אַ לייכט־טורם שטייט ער, איבער די קעפּ פון די דורות, מיט אַ פאַקל אין דער האַנט, און ער וואַרפט זיין ליכט אויף דעם וועג פון דער מענטשהייט. און אַ סך פון אונז גייען פאַרביי מיט יראת הכבוד, פאַררייסן די קעפּ צו דער שווינדלדיגער הויך, פאַרנייגן זיך פאַר דעם ליעבן, קלוגן אַלטן, און באַשליסן ביי זיך צו גיין אין די וועגן און נאָכצופאָלגן די עצות פון דעם פריינד, וואָס זיי קענען

אַזוי גוט, וואָס זיי קענען בעסער איידער זייערע נאָענטסטע באַקאַנטע.

דאָס איז די הויפּט-מעלה פון סאָקראַטעס'ן. מיר קענען אים; מיר קענען זיין טאָג-טעגליך לעבן; מיר ווייסן זיין באַנע-מונג מיט זיינע פריינד, מיט זיין פרוי און קינדער; מיר קענען אפילו מאַדאַם קסאַנטיפּאַ, וואָס די וועלט האָט מיט אומרעכט אַריינגעשריבן אין דעם בוך פון דער געשיכטע אַלס די גרעסטע ארורה.

די מאַגנעטישע קראַפט פון סאָקראַטעס' פּערזענליכ-קייט איז אַזוי גרויס, אַז קוים ווערט מען מיט אים איינמאָל באַקאַנט, קען מען זיך מער פון אים ניט אָפּרייסן. מען קען אים מער ניט פאַרגעסן, ניט זיין פּערזאָן, ניט זיין לערע און ניט זיין מעטאָדע פון פילאָזאָפירן. איבערהויפּט זיין מעטאָדע, וואָס איז ביז היינט געבליבן די מעטאָדע פון דער ווויסנשאַפט. איר דאַרפט נאָר אַרויסגיין אויף דעם מאַרק, דאַכט זיך אייך, און איר וועט באַגעגענען אָט דעם נידעריגן, ברייט-ביינינגן סאָקראַטעס, מיט זיינע שטאַרקע פּלייצעס, הויכן שטערן, פעטן בויך, דיקע ליפּן, פלאַטשיגע, פאַר-ריסענע נאָז און צופּאַטלטע באָרד, ווי ער שטייט אַ באַר-וועסער, מיט דער ברוסט אַנטבלויזט, מיט דעם מאַנטל האַלב פאַרוואָרפן, אָרעם געקליידעט, אָבער ציכטיג; אין אַ פריי-לעכער שטימונג, אָבער קאַלטבלוטיג; שאַרף, אָבער בנעימות'-דיג, אַביסל איראָניש, מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן, אָבער זייער ערנסט, ערנסט ביז גאָר.

און ער שאַלט ניט, און טרומייטערט ניט; ער מוסר'ט ניט און שרעקט ניט. ער פרעגט נאָר שאלות — שאלות, דעם און יענעם; שאלות וואָס זעהען אויס צו זיין פּוסט, אַביסל תמ'עוואַטע, וואָס ווערן אָבער באַלד ערנסט. אַרום אים, שטעלט איר זיך פאָר, אַ רעדל פון שיין געבויטע, פיין אויסגעפּוצטע און געבילדעטע יונגע לייט — די רייכסטע קינדער אין שטאָט, דער העכסטער אַדל פון אַטהען —

הערן זיך איין, און קוועלן אַז ווי די געפרעגטע ווערן צו־טומלט און ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן.

און די גאַנצע צייט, זייט איר זיך באַוואוסט, אַז דאָס שטייט פאַר אייך אַן אייגענער מענטש, אַ גוטער ברודער, וואָס האָט ליעב צו פאַרברענגען מיט גוטע פריינד ביי אַ גוט גלעזל וויין; אַז ער קען טרינקען מער פון אַלע, אָבער אַז ער איז קיינמאָל ניט שיכור, ווייל ניט נאָר טרינקען קען ער בעסער פון אַלע, ער קען זיך אויך אָבהאַלטן בעסער פון אַלעמען.

קיינער קען אים ניט בייקומען אין אַ דיסקוסיע. אָבער ווען זיין ווייב גיט אים אַ פאַרציע, שווייגט ער שטיל. אָט איז ער נאָר וואָס אַהיימגעקומען פון אַ דעבאַטע, וואו ער האָט פאַרניכטעט דעם גרויסען סאָפיסט און געשיקטן רעד־נער פּראָטאַגאָראַס, און אָט שטייט ער ווי ער וואָלט ניט געקענט עפענען דאָס מויל, ווען זיין ווייב קסאַנטיפּאַ איז אים מבזה, הלמאַי ער שלעפּט זיך כסדר אַרום מיט יונגע לייט, פאַרדינט ניט קיין גראָשן געלט, און קוקט זיך ניט אום אויף די קינדער. אָט דער מאַן, וואָס קיינער קען ניט דיסקוטירן ווי ער, שווייגט שטיל ווען זיין ווייב נעמט דאָס וואָרט. ער שווייגט, ווייל ער איז גערעכטער צו איר, איידער די געשיכטע איז. ער ווייס, אַז זי האָט רעכט, הגם ער קען ניט העלפן. ער פאַרענטפערט זי אַפילו פאַר זיין עלטסטן זון, ווי קסענאָפאָן דערציילט אונז פון אַ געשפּרעך וואָס סאָקראַטעס האָט געהאַט מיט זיין זון.

אין אמת׳ן וואָסער פרוי וואָלט געווען בעסער, ווען איר מאַן וואָלט זיך פירן ווי סאָקראַטעס האָט זיך געפירט ? שטעלט זיך פאָר, אַן אַלטער מאַן, גאָר אַ ניש׳קשה׳דיגער בעל מלאכה (ער איז געווען אַ סקולפּטאָר), וואַרפט אַוועק די מלאכה, און טוט ניט מער רק ער שלעפּט זיך אַרום אַ באָרוועסער אין די גאַסן, אויפ׳ן מאַרק, מיט אַ מחנה יונגע לייט אַרום אים, שטעלט אָב יעדן איינעם, פון גרויס ביז קליין, וואָס לאָזט זיך נאָר, מיט שאלות, וואָס האָבן קיין זין און קיין

נוצן, וואָס ברענגען אים נאָר שונאים. וואָלט ער כאָטש פאַרדינט עפּעס פון דעם — איז דאָס אויך ניט. ער ברענגט ניט אַהײם קײן גראָשן געלט. און ער וואָלט געקענט מאַכן געלט, דער שלים-מזל; אַ סך פון די יונגע לײט, און אויך עלטערע, באָטן אים אָן געלט, אָבער ער זאָגט זיך אָלעמאָל אָב. ער קען ניט אײנזעהן, זאָגט ער, פאַרוואָס אים קומט געלט; ווײל ער לערנט קײנעם גאָר ניט. ווי אַזוי קען ער וועמען עס איז עטוואָס לערנען, אַז ער אַלײן קען גאָר ניט, און ווײס גאָר ניט.

אין דער הײם זיצט די פרוי, וואָס איז, ווי עס זעהט אויס, אַ סך אינגער פון אים, מיט דרײ קינדער, „אײנער אַ היבשער בחור און די אַנדערע צוויי נאָך גאָר יונגע קינדער", אין אָרעמקײט, אין דחקות, און זי זאָל שווײגן? וואָלט זי כאָטש געקענט אָבשאָצן זײן גרויסקײט, אָדער פאַרשטײן זײן געטליכע שליחות, פון וואָס ער האָט שטענדיג גערעט, איז דאָס אויך ניט. מיט וואָס זאָל זי זײן בעסער פון די איבריגע אַטהענער? האָט דען דאָס געבילדעטע אַטהען אים פאַרשטאַנען? שטײט ער טאַקע און שווײגט, ווען זי גיט אים זײן חלק. ער ווײס זי האָט רעכט, אָבער ער האָט אַ שליחות פון די געטער, ווי ער גלויבט באמונה שלימה, צו וועקן די מענטשן, זײ צו מאַכן פאַרנינפטיגער, וואָס דאָס הײסט אויך בעסער, מאָראַלישער.

אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער פילאָזאָפיע, שײנט מיר, איז דאָ נאָך אײן אײנציגער, וואָס זײן דענקען און זײן לעבן איז אין פולשטענדיגער האַרמאָניע, ענליך צו סאָקראַטעס'ן. דאָס איז ברוך שפינאָזאָ, וואָס איז ענליך צו אים אין מער ווי אײן פונקט.

דער גאַנצער כח פון סאָקראַטעס'ן ליגט אין זײ:ע שאלות. ער איז ניט קײן גרויסער רעדנער, ער האָט פײנט די לאַנגע רעדעס, וואָס זענען פול מיט הויכע פראַזן. זײן שטאַרקײט ליגט אין דעם „צוויי-געשפרעך", אין דעם „דיאַלאָג", אין זײן פרעגן און ענטפערן.

איר הערט זיינע שאלות, איר הערט די תשובות און די ווייטערדיגע שאלות. מתחלת טראַכט איר, צוזאַמען מיט די אַטהענער, וואָס וויל דאָ דער אַלטער, באַרוועסער נודניק? וואָס דרייט ער אַ קאָפּ מיט זיינע פּוסטע שאלות? פאַרוואָס גייט ער ניט בעסער פאַרדינען אַ פּאָר גילדן פאַר ווייב און קינד? צו וואָס די אַלע אומפּראַקטישע חקירות, וואָס האָבן ניט קיין ווערט?

אָבער איר בלייבט שטיין!

עפּעס איז דאָ אין די שאלות, וואָס לאָזט אייך ניט אָב. אייך געפעלן ניט זיינע תשובות, טיילמאָל דאַכט זיך אייך, אַז דער אַלטער רעט גאָלע סאָפיסטערייען, אָבער איר קענט זיך פון די שאלות ניט אַרויסדרייען. זיי עגבערן דעם מח. אָט דאַכט זיך אייך איר האָט אים געפּאַקט, גיט ער זיך אַ דריי און ער בעט אייך איר זאָלט מוחל זיין אים דערקלערן די זאַך ריכטיגער און גענויער, ווייל ער זוכט דאָך נאָר צו פאַרשטיין דעם ענין און עס זעהט אויס, אַז איר פאַרשטייט דאָס אַ סך בעסער פון אים. דעמאָלט בלייבט איר שטיין מיט אַן אָפענעם מויל. איר ווייסט ניט וואָס צו ענטפערן. זיינע תשובות קענט איר ניט אָננעמען, אָבער קיין בעסערע ווייסט איר ניט. איר פילט, דער אַלטער האָט אַריינגעוואָרפן אַ שטיין, וואָס עס וועט נעמען מער פון צען חכמים אַרויסצו־שלעפן.

דאָס האָט פּאַסירט ניט נאָר מיט די אַטהענער פון זיין צייט, נאָר מיט יעדן דור זינט סאָקראַטעס'ן, ביז אויף היינ־טיגן טאָג. ניט נאָר האָט דער סם המות פון די אַטהענער ניט געקענט איינשטילן זיינע שאלות, דער סם החיים פון דער היינטיגער וויסנשאַפט האָט דאָס אויך ניט געקענט באַווייזן. די וויסנשאַפט האָט נאָך ביז היינט ניט גובר געווען די פּשוט'ע שאלות פון דעם באַרוועסן, אָרעמען און אַלטן מאַן, וואָס זיין איינציגע טענה איז געווען, אַז ער ווייס ניט קיין זאַך, אויסער דאָס איינע, אַז ער ווייס ניט, אַז זיין ניט־וויסן איז די איינציגע זאַך וואָס ער ווייס.

אָט, למשל, האָט סאָקראַטעס זיך איינגעטשעפּעט אָן איינעם אויפ׳ן גאַס, עפּעס אַ שטאַטסמאַן, אָדער אַ פּאָעט, אָדער גאָר אַ בעל מלאכה. מיין פריינד, זאָגט ער צו אים, דו רעדסט פון פאַרשידענע מענטשן און זאַכן, דו זאָגסט, דער און דער איז שיין, אָדער קלוג, אָדער גוט, אָדער פרום, אָדער מוטיג, א. אַ. וו., וואָס מיינסט דו מיט די דאָזיגע ווערטער? ווערט יענער אודאי בייז און זאָגט: וואָס הייסט, וואָס איך מיין מיט די דאָזיגע ווערטער? ווער ווייסט דאָס ניט וואָס איז שיין אָדער גוט אָדער קלוג? יעדער איינער ווייסט דאָס. ענטפערט ער געלאַסן: עס קען זיין, אַז יעדער איינער ווייס, איך אָבער בין אומוויסנד. און אַזוי ווי דו באַ־לאַנגסט, לויט דיינע אייגענע רייד, צו די וואָס ווייסן, ווילסט דו אפשר זיין אַזוי גוט און מיך באַלערן, כדי איך זאָל זיין ווי יעדער איינער וואָס ווייסט. ווערט יענער מבולבל, הויבט אָן פלאָנטערן מיט׳ן צונג און זאָגט: וואָס הייסט? אָט שטייט אַ יונגער מאַן וואָס איז שיין, קענען אַלע זעהן, אַז ער איז שיין. וואָס איז דאָ צו פרעגן, אָדער צו וויסן? ווען איינער איז שיין, איז ער שיין, און ווען איינער איז גוט, איז ער גוט, אַ. אַ. וו. גאַנץ גוט, מיין פריינד, ענטפערט ער, יענער יונגער מאַן איז שיין, ווייל ער איז שיין, אָבער דו האָסט אפנים ניט געכאַפּט דעם געדאַנק פון מיין שאלה, אָדער אפשר האָב איך זיך ניט ריכטיג אויסגעדריקט. ניט דאָס האָב איך גע־פרעגט. איך וועל פּרובירן נאָך אַמאָל. אַז דער און דער איז שיין איז אמת. עס איז אויך אמת, אַז אַלע קענען דאָס זעהן. וואָס איך וויל וויסן איז גאָר אַן אנדער זאַך. איך מיין צו פרעגן, צי איז דער שיינער יונגער מאַן דער איינציגער יונגער מאַן, וואָס איז שיין? דו ווערסט אודאי ענטפערן, אַז עס זענען פאַראַן אַ סך שיינע יונגע לייט, און ניט נאָר יונגע מענער, נאָר אויך חיות און בהמות, און פייגל, און פלאַנ־צונגען, און בלומען, וואָס זענען שיין. און עס זענען אויך דאָ אַנדערע זאַכן, ניט קיין לעבעדיגע, וואָס זענען שיין. קומט דאָך אויס, אַז מיר נעמען דאָס וואָרט, אָדער דעם באַ־

גריף „ש י י ן", און געברויכן דאָס אויף אַ סך זאַכן, וואָס האָבן צווישן זיך קיין שום שייכות ניט. פון דעם ווי־דער איז געדרונגען, אַז עס מוז זיין עפּעס אַ זאַך, וואָס לויט איר אורטיילן מיר וואָס איז שיין און וואָס איז ניט שיין. די דאָזיגע זאַך קען דאָך ניט זיין עפּעס אַנדערש ווי די שיינקייט אַליין. דער יונגער מאַן, די דאָזיגע חיה, אָדער די בלום, אָדער יענע זאַך, זיי זענען שיין, ווייל זיי זענען גע־מאַכט, אָדער געבויט לויט דעם וואָס מיר רופן „שיינקייט". עס איז אַזוי אַרום דאָ אַזאַ זאַך ווי שיינקייט. דער איינציגער יונגער מאַן, אָדער יענע איינציגע בלום, איז דאָך ניט די שיינקייט. זיי זענען דאָך נאָר איינצלנע פאַלן, מוסטערן, ביי־שפּילן פון שיינקייט. היינט, וואָס איז די זאַך וואָס מיר רופן שיינקייט? די שיינקייט אַליין, דער עצם שיינקייט?

און די פראַגע גייט ניט נאָר אויף שיינקייט. זי איז אויך חל אויף ענליכע באַגריפן ווי גוטסקייט, גערעכטיגקייט, מוטיגקייט, א. אַ. וו.

אַזוי פרעגט סאָקראַטעס, גאַנץ געלאַסן, מיט אַ שמייכל, טיילמאָל מיט געמאַכטע ענוות, מיט געבעט, מען זאָל אים דערקלערן אַלץ אַזעלכע, דאַכט זיך, פּשוט׳ע זאַכן.

דער סוף איז, דער געפרעגטער ווערט אַביסל צוטומלט און ער גייט אַוועק אין כעס אויף דעם באַרוועסן שלעפּער. ער איז אָבער נאָך מער אין כעס ווען ער קומט אַהיים. סאָ־קראַטעס האָט צושטערט זיין מנוחה. ווען ער טראַכט איבער די שאלות און די תשובות ווערט אים קלאָר, אַז ער האָט טאַקע ניט געוואוסט וואָס ער האָט גערעט. וואָלט ער דאָך באַדאַרפט זיין אין כעס אויף זיך אַליין, פאַר זיין אייגענער אומוויסנהייט, טרעפט אָבער געוויינטליך דאָס פאַרקערטע. ער ווערט בייז אויף סאָקראַטעס׳ן און ער זאָגט: אָט דער סאָקראַטעס, דער מיאוס׳ער מענטש, דער פּאַסקודניאַק, דער כופר בעיקר, וואָס פירט אַראָפּ די יונגע לייט פון דעם דרך הישר.

„װיר זינד געװאָהנט דאָס די מענשען פערהענגען*)
װאָס זי ניכט פערשטעהען“
באַקלאָגט זיך פ א ו ס ט.

## II

דאָס איז אײנס פון די גרױסע אמת'ן, װאָס סאָקראַטעס האָט אַרױסגעזאָגט, אָגב אורחא, אין זײן „אַפּאָלאָגיא“, און אױך בײ אַנדערע געלעגנהײטן. סאָקראַטעס, װי מיר װעלן נאָך װײטער זעהן, איז געװען דער ערשטער, לחלוטין דער ערשטער, װאָס האָט געמאַכט אַ װיסנשאַפט פון דער פּסיכאָ־לאָגיע, אַ װיסנשאַפט פון װעלכער די הײנטיגע פּסיכאָלאָגן, מיט אײן גרױסן אױסנאַם, זענען ניט װײט אַװעק. װער קען לײקענען, אַז די אױבנדערמאָנטע כאַראַקטעריסטיק איז הײנט פּונקט אַזױ אמת, װי זי איז געװען אין דעם יאָר 399 פאַר דער קריסטליכער צײט רעכנונג, װען סאָקראַטעס האָט זיך פאַרטײדיגט קעגן זײנע קלעגער? אײנער מעג שרײבן און רײדן די גרעסטע פּלאַכהײטן; ער מעג איבערדערצײלן מעשיות און װיצן, װאָס זענען אַלט װי די בערג; ער מעג זײן ציניש, רײדן רכילות, נאָכרײדן זאַכן, װאָס ער האָט נאָר װאָס געהערט פון אַן אַנדערן — דאָס אַלץ װעט ניט שעדיגן זײן רעפּוטאַציע. אַמאָל װעט דאָס אים נאָך העלפן. מען װעט אים באַטראַכטן פאַר אַן אינטערעסאַנטן מענטשן, פאַר אײנעם װאָס קען אונטערהאַלטן און אַמוזירן אַ געזעלשאַפט. אַזױ לאַנג װי אײנער שטײגט ניט אַריבער דעם אינטעלעקטועלן גרענעץ פון זײנע צוהערער, און ער גרײפט ניט העכער פון זײער פעהיגקײט צו פאַרשטײן, קען ער זאָגן װאָס ער װיל. נעמט אײנער אָבער רײדן פון זאַכן, װאָס שיסן אַריבער די

*) מאַכן חוזק.

קעפּ פון זיינע צוהערער, ווערט ער באַלד פאַרשריען אַלס „פילאָזאָף“, אַלס אומפּראַקטישער בעל חלומות, אָדער גאָר אַלס נודניק. ער מעג זאָגן די שענסטע געדאַנקען, די גרעסטע אמת׳ן — דאָס וועט אים ניט העלפן. אדרבה, וואָס טיפער זיינע געדאַנקען, וואָס העכער זיינע אידעען, וואָס שענער זיינע אידעאַלן, אַלץ ערגער פאַר אים, אַלץ מער נודניק איז ער, און אַ „נודניק“ איז „אחת דתו להמית“. אַ נודניק איז חיב מיתה. דער גוטער, מיושב׳דיגער באַלעבעסל וועט ניט זאָגן אויף זיך אַליין, אַז דאָס איז ער דער טיפּוש, ווייל ער פאַר־שטייט ניט וואָס מען רעט צו אים — דאָס ניט. ווי איז דאָס מעגליך? ער וועט גיכער אַרויפוואַרפן די שולד אויף דעם וואָס רעט פון די שיינע און הויכע זאַכן. יענער איז דער נאַר, ניט ער.

איך ווייס ניט צי איז אין גריכיש, אין סאָקראַטעס׳ צייטן, געווען אַזאַ וואָרט ווי „נודניק“, און אויב עס איז געווען, צי עס האָט געהאַט געגוי דעם זעלבן באַטייט, וואָס מיר פאַר־שטייען אונטער דעם וואָרט, אָבער איך בין זיכער, ווען עמיץ וואָלט גערופן סאָקראַטעס׳ן מיט אַזאַ נאָמען, וואָלט ער אים געפרעגט: „מיין פריינד, וואָס מיינסטו מיט דעם וואָרט, „נודניק“? צי בין איך דער איינציקער נודניק אין גאַנץ אַטהען; אָדער צי בין איך נאָר אַ מוסטער פון אַ העכערער אידעע, די „נודניקעריי“ אַליין?“ און עס וואָלט זיך שנעל אַרויסגעשטעלט, אַז דער פאַרשוין, וואָס איז אַזאַ שאַרפער קריטיקער, האָט אַליין ניט פאַרשטאַנען וואָס מען האָט גערעט צו אים, און אנשטאָט צו מאַכן זיך אַליין פאַרוואורפן פאַר זיין ניט באַגרייפן און ניט פאַרשטיין עטוואָס, וואָס איז ווייטער פון זיין אייגענער נאָז, געפינט ער חסרונות אויף דעם וואָס רעט צו אים.

דאָס האָט ווירקליך געטראָפן מיט סאָקראַטעס׳ן. די אַטהענער האָבן אים ניט פאַרשטאַנען און האָבן אים דערפאַר ניט געקענט פאַרטראָגן. וואָלט ער גערעט ווי אַ גרויסער וויסנשאַפטסמאַן, פון „דער זון, די לבנה און די שטערן“,

וואָלטן זײ אפשר געהאַט דורך אַרײַן פֿאַר אַ „פּראָפֿעסאָר" און אַ געלערנטן, אָבער סאָקראַטעס האָט גראַד געווען ווי אַן אײנפאַכער מענטש, און פֿון זאַכן וואָס, ווי עס האָט זיך געדאַכט, אַלע ווײסן און אַלע פֿאַרשטײען, זענען זײ דערפֿאַר געווען שטאַרק אין כּעס אויף אים. ס'טײַטש, ער וויל דאָס זײַן קליגער פֿון דער גאַנצער וועלט, דער שלעפּער, און זײ האָבן פֿאַרשפּרײט אַלערלײ סלוכן קעגן אים. די קאָמעדיען־שרײַבער, וואָס געוויינלעך שטײען זײ ניט העכער פֿונ'ם גרויסן עולם, וואָס קענען אויפֿ'ן בעסטן אופֿן נאָר באַמערקן דאָס אויבנאויפֿיקע, און האָבן אין סאָקראַטעס' צײַטן, פּונקט ווי הײַנט, נאָר געזוכט אויסצונוצן בײַ דעם עולם, האָבן געשריבן קאָמעדיעס קעגן אים, וואָס האָבן געהאַט אַ גרויסן אָבגאַנג און אַ גרויסן דערפֿאָלג אין טעאַטער. הויפּטזעכלעך איז באַקאַנט די קאָמעדיע פֿון אַריסטאָפֿאַנעס, „די וואָלקנס", וואו סאָקראַטעס איז דער הויפּט העלד, און וואו עס ווערט אָבגעלאַכט פֿון אים, פֿון זײַן לערע און זײַן מעטאָדע, אויף אַ נאַרישן אופֿן. מען דערצײלט, אַז אײנמאָל האָט סאָקראַטעס זיך אויפֿגעשטעלט אין טעאַטער צו באַווײַזן ווי ריכטיק דער קאָמעדיאַנט האָט זיך גרימירט, ווי גענוי זײַן אויסערליכעס אויסזעהן איז געווען נאָכגעמאַכט. יאָ, די קאָמעדיע האָט גענוי נאָכגעמאַכט זײַן אויסערליכעס אויסזעהן, זי האָט אָבער ניט פֿאַרשטאַנען דאָס אינערליכע. איבעריגענס, אפשר האָט אַריסטאָפֿאַנעס אַזוי פֿאָרגעשטעלט סאָקראַטעס'ן כּדי אויף אײביק אויסצולאַכן די אומוויסנהײט פֿון די אַטהענער. דאָס וואָלט אים ווירקליך באַרעכטיקט צו דער אומשטערבליכקייט וואָס ער האָט זיך דערוואָרבן.

סאָקראַטעס האָט זיך אַזוי אַרום פֿאַרשאַפֿט אַ סך שונאים, צווישן אַלע קלאַסן מענטשן, וואָרעם קײנער האָט זיך פֿון זײַנע פֿראַגן ניט געקענט אַרויסדרײען. ער האָט קײנעם ניט געשאַנעוועט, און ער האָט זיך פֿאַר קײנעם ניט געשראָקן, אויך ניט פֿאַר די 30 טיראַנען. קײן גרעסערע שונאים, קעגן אַזעלכע „נודניקעס" ווי סאָקראַטעס איז אין אַטהען ניט געווען. קריטיאַס,

איינער פון די 30 טיראַנען, האָט אפילו דורכגעפירט אַ געזעץ, ווי קסענאָפאָן דערציילט אונז, וואָס איז געווען דירעקט גע־ריכטעט קעגן סאָקראַטעס׳ן, אָבער מיר האָבן קיינמאָל ניט געהערט, ער זאָל האָבן געליטן פון דעם.

די געלעגנהייט זיך אָבצורעכענען מיט סאָקראַטעס׳ן האָבן זיינע שונאים געפונען, ווען ער איז שוין אַלט געווען זיבעציג יאָר.

דאָס איז געשען נאָכדעם ווי עס איז געפאַלן די הער־שאַפט פון די 30 טיראַנען, און עס איז ווידער איינגעפירט געוואָרן די דעמאָקראַטיע.

די דעמאָקראַטיע איז ליבעראַל, פּראָגרעסיוו און יושר׳דיג ווי לאַנג זי קעמפט פאַר איר אייגענער עקזיסטענץ. קומט זי אָבער איינמאָל אַריין אין זאָטל און באַפעסטיגט זיך אין אירע פּאָזיציעס, ווערט זי מער אומטאָלעראַנט, מער רע־אַקציאָנער, מער שרעקעדיג, מער פאַרזיכטיג און מער אייפער־זיכטיג איידער די גרעסטע טיראַניי.

דאָס גריכנלאַנד פון סאָקראַטעס איז ניט געווען קיין אויסנאָם.

סאָקראַטעס האָט אויף זיין שטייגער, און מיט גרויס מוט, געהאָלפן באַקעמפן די טיראַנען, ער האָט אָבער אויך ווייניג געהאַלטן פון דער דעמאָקראַטיע. די מאַיאָריטעט איז ביי אים גאָר ניט געווען קיין גרויסער יחסן.

די טיראַנען האָבן אים פיינט געהאַט, אָבער עס איז געבליבן פאַר דער דעמאָקראַטיע אים צו פאַר׳משפט׳ן צום טויט. דריי פון זיינע שונאים, מעלייטאָס, אַניטאָס און לייקאָן, האָבן אים פאַרקלאָגט פאַר אַ פאָלקס-געריכט, אַז ער פאַר־דאַרבט די יוגנט און פאַרלייקנט די געטער, וואָס דער שטאָט האַלט פאַר הייליג.

קסענאָפאָן, איינער פון זיין תלמידים, וואָס אים האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אַ סך פון דעם, וואָס מיר ווייסן פון סאָקראַטעס׳ן, וואונדערט זיך, ווי אַזוי עס איז מעגליך געווען מען זאָל אים פאַר׳משפט׳ן צום טויט אויף קלאָגן, וואָס האָבן זיך בשום

אופן נים געפּאַסט אויף אים. ער איז אַליין געווען אַ טיף רעליגיעזער מענטש, אַ סך רעליגיעזער איידער זיינע אָנ־קלעגער, ווי ער אַליין זאָגט אוים וועגן זיך אין דער „אַפּאָ־לאָגיא", און וועגן פאַרדאַרבן די יוגנט איז דאָך גאָר לעכערליך צו ריידן אין פאַרבינדונג מיט סאָקראַטעס'ן.

אַביסל איז ער אַליין געווען שולדיג אין דעם. ער האָט בשום אופן נים געוואָלט מקריב זיין דעם גוטן און לאָגישן פאַרשטאַנד אויף דעם מזבח פון חניפה פון דעם המון. אָבער דאָס איז נים געווען די הויפּט אורזאַך.

סאָקראַטעס איז געווען זיין אייגענער אַדוואָקאַט, און ער האָט זיך אַפילו נים צוגעגרייט צו דעם פּראָצעס. ווען זיין פריינד האָמאָגענאָס, דער זון פון היפּפּאָניקאָס, פרעגט אים, פאַר וואָס ער גרייט זיך נים צו צו דעם פּראָצעס, ווען ער האָט אויף זיך אַזאַ שווערע קלאָגע, וואָס ער קען דערפאַר באַצאָלן מיט דעם לעבן, ענטפערט ער: „דענקסט דו דען נים, אַז איך האָב מיין גאַנץ לעבן פאַרבראַכט אין הגיון וועגן דעם ענין?"

מיר ווייסן נים פיל פון סאָקראַטעס'עס אָנקלעגער, אָבער איינעם, דעם וויכטיגסטן, מעלייטאָס, האָט סאָקראַטעס אַליין באַשריבן, לויט פּלאַטאָנ'ס דיאַלאָג „עוטהיפרא":

„איך קען דעם מאַן אַליין נים, עוטהיפרא," ענטפערט סאָקראַטעס, „וואָרעם ער זעט אוים צו זיין אַ יונגער און אומבאַקאַנטער פּאַרשוין. זיין נאָמען, אָבער, איז מעלייטאָס, איך גלויב. און ער איז פון דעם באַצירק פון פּיטטהוס, אויב דו געדענקסט אַ מעלייטאָס פון פּיטטהוס, מיט לאַנגע האָר, און גאָר אַ קליין בערדל, אָבער מיט אַ האָרבאַטן נאָז."

זיין רעדע פאַר דעם געריכט, ווי מיר האָבן זי פון פּלאַ־טאָנ'ס פעדער, האָט אים גאָר נים געהאָלפן. זיינע פריינד און תלמידים, וואָס זענען געווען אין געריכט און האָבן די רעדע געהערט, האָבן געדענקט, אַז זי האָט אים געטאָן פיל שלעכטס. ווי די פריינד דערציילן, האָט ער לייכט זיך געקענט אַרויסדרייען פון טויט שטראָף, ווען ער וואָלט געטאָן ווי אַנדערע טוען אין אַזעלכע פאַלן. די אָבשטימונג קעגן אים איז

געווען מיט א גאנץ קליינער מערהייט, און עס וואלט געווען זייער לייכט אריבערצוגעווינען נאך עטליכע שטימען אויף זיין זייט. סאקראטעס האט דאס אליין אויך געוואוסט, און ער האט ניט באדויערט, וואס ער האט גערעט ווי ער האט גערעט. ער האט ניט געזוכט קיין רחמים נאר גערעכטיגקייט און אמת. „דער אנגעקלאגטער דארף ריידן דעם אמת, און די ריכטער דארפן זיין גערעכט,“ האט ער גע'טענה'ט. מיר הײנט האבן זיך אויך ניט צו באקלאגן אויף זיין רעדע. עס איז גוט פאר אים און פאר דער וועלט וואס ער האט גערעט ווי ער האט גערעט. ער האט פארלוירן א חיי שעה, אבער ער האט געוואונען חיי עולם.

סאקראטעס ווערט פאר'משפט צום טויט. צוליב א רע־ליגיעזן מנהג פון די אטהענער, איז ער געזעסן דרייסיג טעג אין תפיסה, איידער דער טויט אורטייל איז אויסגעפירט גע־ווארן. זיינע פריינד האבן זיך דערוויל געסטארעט אים ארויסצוגנב'ענען פון דער תפיסה, מען האט געבראכט גרויסע סומען געלט אונטערצוקויפן די וועכטער, און אלץ איז געווען צוגעגרייט פאר זיין אנטלויפן. עס איז דא א סברה, אז די אטהענער אליין האבן געוואלט ער זאל אנטלויפן. איז אבער געווען איין מענטש, וואס האט זיך געשטעלט אנטקעגן. דאס איז געווען סאקראטעס אליין. ער וועט דאס געזעץ ניט ברעכן. ער האלט ניט שטארק פון דעם המון'ס באשלוס, ער האט ניט קיין מורא פאר דעם צארן פון דעם המון, אבער דאס געזעץ קען מען ניט ברעכן. אן דעם געזעץ איז דאס צוזאמען לעבן ניט מעגליך. יעדער איינער מוז דערפאר זיך אונטער־ווארפן דעם געזעץ, אפילו ווען עס איז אומגערעכט. האט מען געשיקט צו אים זיין אלטן פריינד קריטאן, וואס איז מיט אים געווען אין איינע יארן, ער זאל אים איבעררײדן צו אנטלויפן.

סאקראטעס ענטפערט אים, אז ער וואלט אוודאי אים געוואלט פאלגן און טאן זיין רצון, אבער ער קען ניט ניין קעגן זיין אייגענעם שכל, און קעגן זיין אייגענער לערע. ער

פאַרלאַנגט דערפאַר קריטאָן זאָל אים באַווייזן על פּי שכל, אַז עס איז רעכט אַזוי צו טאָן, אַז ניט בלייבט ער זיצן אין תפיסה, און רירט זיך ניט פון אָרט, ביז עס וועט קומען דער טאָג פון שטאַרבן. קריטאָן פּרובירט זיך, אָבער מען קען זיך שוין פאַרשטעלן וואָסער פּנים קריטאָן האָט אין אַ דיסקוסיע מיט סאָקראַטעס'ן. אין דעם דיאַלאָג „קריטאָן" וועט דער לעזער דאָס שוין אַליין זעהן.

ענדליך קומט דער טאָג פון זיין שטאַרבן. און אין דעם טאָג איז סאָקראַטעס געוואָרן אומשטערבליך! אין דעם טאָג האָט סאָקראַטעס זיך אַרויסגעצייגט אין זיין גאַנצער גרויסקייט, דערהויבנקייט און איבערמענטשליכקייט.

דער מענטשליכער סאָקראַטעס, דער, וואָס זיין גאַנצע פילאָזאָפיע איז דער מענטש און זיין אויפפירונג, האָט צו־געפירט זיין אייגן לעבן צו דער העכסטער שטופע פון איבער־מענטשליכקייט, מיט זיין שטאַרבן. אין דער פּערזאָן פון סאָקראַטעס, איז דער גאַנצער מענטש געוואָרן איבערמענטש־ליך, ניט אין דעם זין פון ניטשע, וואָס איז מבטל די גאַנצע מאָראַל, נאָר גראַד דורך דער העכסטער מאָראַל.

דער טאָג פון זיין שטאַרבן איז שיר ניט געוועזן אַ לאַנג־וויילינער. זיינע פריינד האָבן זיך פאַרזאַמלט אַרום אים אין תפיסה גאַנץ פרי. ווי מען האָט נאָר געעפנט די טויערן זיינען זיי שוין געוועזן ביי אים אין „טויטן קאַמער"; דאָס טרינקען פון סם האָט באַדאַרפט פאָרקומען לויט'ן געזעץ, ערשט ביים זון־אונטערגאַנג. וואָס טוט מען אַ גאַנצן טאָג? צו פאַר־טרייבן די צייט, האָט סאָקראַטעס זיך אונטערגענומען צו באַווייזן, אַז די נשמה איז אומשטערבליך, אַז דעם גוטן מענטשן קען ניט געשען קיין שלעכטס, ניט ביים לעבן, און ניט נאָכ'ן טויט, אויב מען פאַרשטייט נאָר ריכטיג, וואָס איז „גוט" און וואָס איז "שלעכט„. דער אמת גערעכטער, דאָס הייסט, דער אמת ווייסנדיגער, דאַרף זיך דערפאַר פאַר קיין זאַך ניט שרעקן.

ביים זון־אונטערגאַנג האָט סאָקראַטעס איינגענומען דעם סם, „אָן מורא, און ניט ענדערנדיק קיין אויסדרוק פון זיין פנים,״ ווי דאָס ווערט איבערגעגעבן אין „פעדאָן״ מיט אַזאַ מאַכט און קראַפט, וואָס טרעפט איבער יעדע באַשרייבונג.

און אָט דערזעלביקער סאָקראַטעס, וואָס האָט אריינ־געבראַכט אַ וויכטיקן פונקט אין דעם מענטשליכן געדאַנקען־גאַנג, וואָס האָט דער ערשטער געפירט אויף דעם וועג פון וויסנשאַפטליכן דענקען, וואָס האָט דער ערשטער געפאָדערט די ספעציאַליזירונג פון דעם מענטשליכן וויסן, איז גראָד ניט געווען קיין ספעציאַליסט אין קיין זאַך, ווי ער האָט דאָס כסדר איבערגעחזר׳ט. געבוירן ביי אָרימע עלטערן, — דער פאָטער אַ סקולפּטאָר, ניט קיין גרויסער קינסטלער, די מוטער אַ הייבאַמע — איז נאָך אַ גרויסער ספק, צי ער האָט פון דער היים געקראָגן אַ סיסטעמאַטישע בילדונג, וואָס איז, צו יענער צייט, באַשטאַנען הויפּטזעכליך פון גימנאַסטישע איבונג, מוזיק און רעטאָריק. פון זיין פאָטער האָט ער זיך אויס־געלערנט די מלאכה פון שניצעריי, וואָס ביי דעם איז ער געווען באַשעפטיקט די ערשטע יאָרן. אַליין ניט קיין גרויסער קינסטלער, האָט ער זיך ביי דער מלאכה לאַנג ניט געהאַלטן. שפּעטער האָט ער גענומען שטודירן די וויסנשאַפטן, אויף וויפיל זיי האָבן עקזיסטירט אין זיין צייט. (דאָס איז ניט אָנגעקומען אַזוי לייכט ווי היינט, ביכער זענען ניט געווען בנמצא און בילדונג איבערהויפּט האָט זיך ניט געוואַלגערט אין די גאַסן). אָבער ער האָט דאָס שטודירן באַלד אַוועק־געוואָרפן. אַנשטאָט צו שטודירן אין די ביכער, האָט ער גענומען שטודירן דעם מענטשן, דאָס מענטשליכע דענקען. אויף דעם געביט האָט ער אַוועקגעשטעלט אַ גאַנץ נייעם פונדאַמענט, וואָס אויף אים האָט שפּעטער זיין געניאַלער תלמיד פּלאַטאָן, אין זיין נאָמען, אויפגעבויט די וואונדערליכע סיסטעם פון דער אידעען־לערע.

## III

עס איז ניט לייכט איבערצוגעבן די לערע פון סאָקראַטעס'ן, נאָך שווערער איז צו דערקלערן די לערן פון סאָקראַטעס־פּלאַטאָן. ווער שמועסט אין אַזאַ קורצער אָבהאַנדלונג ווי די איצטיגע איז אפשר אָן אומרעכט דאָס צו פּרובירן. עס איז אָבער נויטיג דעם אידישן לעזער צו געבן אַ שטיקל באַגריף פון דעם מאַטעריאַל, וואָס איך לייג פאַר אים פאַר צום ערשטן מאָל אין אונזער לשון.

איך וועל דאָס פּרובירן צו טאָן אויף מיין אייגענעם וועג, אויף וויפיל עס איז מעגליך. אויב דער קענער וועט געפינען דאָ געדאַנקען וואָס זענען אים באַקאַנט פון פריער, בעט איך אים ער זאָל אויף מיר קיין פאַריבל ניט האָבן. עס איז שווער צו זאָגן עטוואָס נייעס וועגן אַ פילאָזאָף, וואָס מיט אים באַשעפטיגט זיך די גאַנצע וועלט, די העכסט־געבילדעטע וועלט, שוין צוויי טויזנט מיט דריי הונדערט יאָר.

פון דער צווייטער זייט, טאָמער געפינען די קענער אַ שמץ פון אַ געדאַנק, אַ פאַרגלייך אָדער אַ בילד, וואָס איז זיי ניט באַקאַנט, זאָלן זיי מיך ניט פאַרשרייען. איך האָב אַ נאַטור אַמאָל צו וואַגן זאָגן אַ געדאַנק וואָס שטייט ניט אין די ביכער. זאָלן זיי בעסער אַריינקוקן און זעהן צי איז דאָ עטוואָס אמת אין דעם געזאָגטן.

יעדער איינער וואָס האָט נאָר אַמאָל געהערט דעם נאָמען וויים, אַז סאָקראַטעס פלעגט אַרומגיין זאָגן, אַז ער ווייס קיין זאַך ניט. ער ווייס נאָר איין זאַך, אַז ער ווייס ניט קיין זאַך. אַ טייל אמת שטעקט אין דעם, אָבער דער וואָס דענקט, אַז דאָס איז די הויפּט זאַך, וואָס האָט געמאַכט סאָקראַטעס'ן אומשטערבליך, דער האָט אַ גרויסן טעות. סאָקראַטעס וואָלט ניט געווען וואָס ער איז, ווען דאָס וואָלט טאַקע געווען דער איינציגער און הויפּט אויפטו זיינער.

די הויפּט כאַראַקטעריסטיק פון סאָקראַטעס' לערע, מען קען זאָגן, דאָס איינציג כאַראַקטעריסטישע, איז גראַד דאָס

שטרעבן צו װיסן. דאָס „ניט װיסן“ איז בײ אים נאָר אַ מעטאָדע פון פאָרשן, פון אונטערזוכן, זײער אָפט נאָר אַן אָנשטעל, כדי צוצוקומען צו דעם אמת׳ן װיסן, צו דערגײן, װאָס מען קען, און װאָס מען קען ניט װיסן — דאָס ניט װיסן אַלס װיסנשאַפט; די װיסנשאַפט פון דעם ניט װיסן, װי שלײער־מאַכער, און נאָך אים פּאול נאַטאָרפּ, דריקן זיך אױס.*)

די פראַגע פון װיסן און ניט װיסן, איז ניט קײן ספּעציעלע גריכישע, און איז אױך דעמאָלט ניט געװען נײ. סאָקראַטעס איז ניט געװען דער אײנציגער, ניט דער ערשטער און ניט דער לעצטער צו שטעלן די פראַגע. אױך איוב האָט געפרעגט: „והחכמה מאין תמצא?“ דער בעל תהילים האָט געזאָגט: „ראשית חכמה יראת ד׳“; קהלת האָט װי אַלע אַנדערע אױך דאָס אָװעקגעמאַכט מיט דער האַנט און געזאָגט: „הכל הבל!“ אָמאַר כּאַיאַם האָט אים נאָכגעטאָן און איז געװאָרן אַ שיכור, און שױן גאָר אין די מאָדערנע צײטן, האָט דער אַלטער פאַוסט אױסגעשריען מיט פּאַטאָס און פאַרצװײפלונג:

„און זעה דאָס װיר ניכטס װיסען קענען,
דאָס װיל מיר שיער דאָס הערץ פאַרברענען.“

דאָס איז אַן אײביגע פראַגע, װאָס איז געפרעגט געװאָרן אין פאַרשידענע צײטן און ערטער.

די פראַגע װי איוב האָט זי געשטעלט, און װי די אַנדערע האָבן זי פאַרענטפערט, האָט צו קײן זאַך ניט געפירט. דאָס קלאָגן און דאָס אָנקלאָגן; דאָס ארומגײן מיט טענות צו דער װעלט פירט איבערהױפּט צו גאָר ניט.

אױך סאָקראַטעס האָט די שאלה ניט פאַרענטפערט, אַז ניט װאָלט דאָך אַזאַ שײנער מענטש װי אָמאַר כּאַיאַם זיך ניט געװען פאַר׳שיכור׳ט, און פאַוסט װאָלט ניט באַדאַרפט װערן אַזױ פאַרצװײפלט. אָבער װאָס סאָקראַטעס האָט אױפ־געטאָן אױף דעם געביט, און דער אופן װי אַזױ ער האָט דאָס געטאָן, איז געװען אַ נײע װענדונג אין דעם מענטשליכן

*) זעה Plato's Ideenlehre. Paul Natorp. Leipzig, 1903

געדאַנקענגאַנג צו יענער צייט, און האָט ניט פאַרלאָרן די
קראַפט ביז אויף היינטיגן טאָג.

פון איין געוויסן שטאַנדפּונקט, מעג דערפאַר דערלויבט
זיין די מיינונג, אַז סאָקראַטעס שטייט אויף אַ העכערן שטאַפּל
איידער די אַנדערע.

דאָס איז אַ געוואַגטע מיינונג, און מאַנכע מענטשן וועלן
אפשר פאַריבל האָבן אויף מיר פאַר אַזאַ מיינונג. אַ פּאַראַלעל
צווישן סאָקראַטעס און פאַוסט וועט זוכן צו באַרעכטיגן און
באַפעסטיגן די מיינונג.

איך זאָג צווישן סאָקראַטעס און פאַוסט, ניט צווישן
סאָקראַטעס און געטהע. געטהע׳ן וואָלט איך גיכער פאַרגליכן
צו פּלאַטאָנ׳ען. געטהע איז מער איידער פאַוסט, ווייל געטהע
איז פאַוסט צוזאַמען מיט מעפיסטאָפל, אַזוי איז פּלאַטאָן אויך
מער פון סאָקראַטעס. עס איז אמת, אַז סאָקראַטעס האָט
שטאַרק באַאיינפלוסט זיין תלמיד פּלאַטאָן, און האָט אים
געהאָלפן דערגרייכן זיינע הויכע הויכן, בעת פאַוסט, וואָס
איז אין גאַנצן די קרעאַטור פון געטהע, האָט ניט געקענט
באַאיינפלוסן זיין באַשעפער. פון דער צווייטער זייט איז אָבער
אויך אמת, אַז ביאָגראַפיש און פילאָזאָפיש איז סאָקראַטעס
די באַשאַפונג, דאָס מייסטערווערק, פון פּלאַטאָן, ניט ווייניגער
ווי פאַוסט איז די באַשאַפונג, דאָס מייסטערווערק, פון געטהע.

צווישן די דאָזיגע צוויי גרויסע וועלט-זשעניען, צווישן סאָ-
קראַטעס און פאַוסט, ליגט אַ וועלט פון צוויי טויזנט מיט
צוויי הונדערט יאָר פון קונסט, פילאָזאָפיע, וויסנשאַפט, אַנט-
דעקונגען, רעוואָלוציעס, מלחמות און סאָציאַלע ענדערונגען.
אַ פאַרגלייך צווישן די צוויי וועט אפשר ביי מאַנכע אוים-
קומען צו זיין אוממעגליך. איז אָבער ביי זיי פאַראַן אַזוי פיל
ענליכעס, און צו דערזעלבער צייט אַזוי פיל אומגעקערטעס,
אַז עס קען גאָר ניט שאַדן זיי ביידע אַוועקצושטעלן אויף
איין ליניע פון באַטראַכטונג.

אַלס אַן אַלגעמיינע כאַראַקטעריסטיק, וואָלט איך באַ-
צייכנט סאָקראַטעס׳ן אַלס דעם גרויסן באַקעמפער פון דער

אָפיציעלער אינטעליגענציע פון זיין צייט; דער אָבלאָבער פון די אַזוי-גערופענע קולטור-טרעגער און האלב-אינטעליגענטן. פאוסט׳ן ווידער, וואָלט איך אָוועקגעשטעלט אַלס דעם פאָר־שטייער פון דער אייראָפייאישער השכלה פון זיין צייט; דעם אַפיקורס און ליבעראַל, דעם רעפּרעזענטאַנט פון דער אָפיציע־לער אינטעליגענציע, אַט די אינטעליגענציע, וואָס מיר טרעפן אָן אין יעדן דור, און וואָס האַלט זיך אַלעמאָל פאַר דאָס אויבערשטע פון שטויסל.

איך רעד דאָ פון דעם באַרימטן און געלערטן דאָקטאָר פאוסט, וואָס ער איז געווען, איידער מיר ווערן מיט אים באַקאַנט, און נאָך איידער ער גיט זיך איבער צום טייוול.

סאָקראַטעס, ווי פאוסט, זענען שוין גאַנץ אַלטע לייט, בעת מיר ווערן מיט זיי באַקאַנט צום ערשטן מאָל. ביידע זענען זיי באַרימט; ביידע האָבן געזוכט צו בילדן דאָס פאָלק; ביידע האָבן זיך אָבגעזאָגט פון דער וויסנשאַפט; ביידע אינ־טערעסירן זיך ניט מער מיט דעם גרויסן עולם, אָדער מיט די מיינונגען פון דעם עולם; ביידע טענה׳ן, אַז מען קען גאָר ניט וויסן, און דאָך וואָסער אונטערשיד! וואָסער געוואַלדיגער חילוק, וואָסער ווייטער מהלך פון דעם איינעם ביז׳ן צווייטן, פון סאָקראַטעס ביז פאוסט!

און דער חילוק באַשטייט אין איין זאַך:

סאָקראַטעס ווענדט זיך צום מענטשן; פאוסט גיט זיך אי־בער צום טייוול!

פון דעם טייוול איז פאוסט ניט קליגער געוואָרן; ער איז נאָר פאַרפירט געוואָרן צו אַלדי טייוול, צו מיאוס׳ע מעשים, און פאַרדאָרבנהייט פון כאַראַקטער — ווי נאָר דער טייוול קען פאַרפירן. פון דעם מענטשן איז סאָקראַטעס דערגאַנגען צו דעם איבערמענטשן, פריער אין זיין אייגענער פּערזאָן, מיט זיין לעבן און שטאַרבן; נאָכדעם, דורך זיין תלמיד פּלאַטאָן, צו דער העכסטער מאָראַל, צו אומשטערבליכקייט, צו דער אידעע, וואו דער „באַגריף" ווערט אָוועקגעשטעלט אויף דעם אָרט פון דער זאַך.

אמת, סאָקראַטעס האָט די אומשטערבליכקייט ניט באַוויזן, און עס איז אַ גרויסער ספק צי זי וועט ווען עס איז באַוויזן ווערן, פאַר דאָס האָט ער געמאַכט לייכטער דאָס שטאַרבן. ווער עס מאַכט לייכטער דאָס שטאַרבן, דער מאַכט גרינגער דאָס לעבן.

די מייסטע מענטשן האָבן אַזוי שטאַרק מורא פאַר דעם טויט, אַז זיי גייט ניט איין דאָס לעבן. סאָקראַטעס האָט אויף אַלע צייטן פאַריאָגט די שרעק פאַר'ן טויט. דער וואָס איז אָנגעזאָפּט מיט סאָקראַטעס' לערע פון אומשטערבליכקייט, ווי פּלאַטאָן באַשרייבט דאָס אין „פעדאָן" אַזוי קינסטליך אין דעם נאָמען פון סאָקראַטעס, דער וועט זיך מער פאַר דעם טויט ניט שרעקן. און דער וואָס שרעקט זיך ניט פאַר דעם טויט, ווי געזאָגט, האָט מער הנאה פון לעבן בעת ער לעבט.

סאָקראַטעס' לערע פון אומשטערבליכקייט איז מער אַ לערע פון לעבן, איידער פון דעם טויט.

סאָקראַטעס, צוזאַמען מיט פּלאַטאָנ'ען, האָבן אויך ניט באַוויזן די ריכטיגקייט פון דער אידעענלערע; אַפילו די הויפּט פראַגע, צי מען קען לערן און לערנען מאָראַל, איז געבליבן שטעקן אין דער מיט, און איז ניט באַוויזן געוואָרן. אָבער וואָס איז יאָ באַוויזן געוואָרן? האָט דער מאַטעריאַליזם באַוויזן די פעסטקייט און זיכערקייט פון דער מאַטעריע? די מאָדערנע וויסנשאַפט צייגט גיכער אַרויס אַ טענדענץ אין דער פאַרקערטער ריכטונג.

אָבער עס איז גאָר ניט וויכטיג, וויפיל סאָקראַטעס-פּלאַטאָן האָבן באַוויזן. די אומצעליגע אמת'ן, וואָס זיי האָבן אַרויסגעזאָגט אין זייער פראָבע צו באַווייזן דאָס אומבאַווייזבאַרע, איז גענוג פאַר זייער אומשטערבליכקייט.

אַלס רעפּרעזענטאַנט פון דער מאָדערנער אייראָפּייאישער השכלה, האָט דער אַלטער פאַוסט, דער דאָקטאָר פאַוסט, שטודירט אַלע וויסנשאַפטן. בילדונג איז פאַר אים געווען דער תירוץ אויף אַלע פראַגן, און די לייזונג פון אַלע פּראָבלעמען. ער האָט געמיינט, אַז ער דאַרף נאָר „אָנשטאָפּן אַ

פולן בויך מיט ביכער און וויסנשאַפטן," און ער וועט דערגיין אַלע סודות פון גאָט, פון דער נאַטור, פון דעם לעבן און פון דעם מענטשן. דערפאַר האָט ער זיך גענומען מיט גרויס חשק צו פאַרשלינגען די ביכער, אפילו טעאָלאָגיע האָט ער ניט אויסגעלאָזן. ווען ער געפינט סוף כל סוף אויס, אַז ניט אין די ביכער ליגט דער תירוץ אויף אַלע שאלות; אַז דאָס שטודירן האָט אים ניט געגעבן די חכמה, וואָס ער זוכט, ווערט ער פאַרצווייפלט און שרייט אויס:

„האָבע, נון, אַך! פילאָזאָפיע,
יוריסטעריי און מעדיצין,
און, ליידער! אויך טעאָלאָגיע
דורכאויס שטודירט, מיט הייסען באַמיהען.
דאָ שטעה איך נון, איך אַרמער טאָר!
און בין זאָ קלוג אַלס ווי צופאָר."

פאוסט איז אויסער זיך. אַלס אמת'ער משכיל, האָט ער זיך גענומען פאַרשפרייטן בילדונג, און ער האָט געמיינט ער וועט גאָר איבערקערן די וועלט. און מיט אַמאָל זעהט ער זיך אַרום, אַז זיין גאַנצע געלערנטקייט, זיינע אַלע טיטלען, זענען ניט מער ווי אָבנאַרעריי:

„הייסע מאַגיסטער, הייסע דאָקטאָר גאהר,
און ציהע שאָן אַן די צעהען יאהר,
הערויף, הערויב, אונד קווער אונד קרום
מיינע שילער ביי דער נאַזע הערום."

ניט ער קען עפּעס, ניט ער ווייס עפּעס, ניט ער קען וועמען עס איז וואָס עס איז לערנען. אודאי איז ער —

. . . . . געשייטער אַלס אַלל די לאַפּפען,
דאָקטאָרען, מאַגיסטער, שרייבער און פּאַפּען.

אָבער וואָס קומט פון דעם אַלעם אַרויס, קיין גרויס פאַרגעניגן פאַרשאַפט דאָס אים ניט. וואָרעם וואָסער באַ־טרעף האָט דאָס קעגן זיינע גרויסע אַמביציעס אַלץ צו וויסן,

און צו לערן די וועלט ווי אזוי זיך אויפצופירן? ער האָט זיך אויסגעניכטערט, און ער איז זיך מודה:

„בילדע מיר ניכט איין, וואָס רעכטס צו וויסען,
בילדע מיר ניכט איין, איך קענע וואָס לעהרען,
די מענשען צו בעסערן אונד צו באָקעהרען."

זיין קאָלעגע וואַגנער'ן, דעם פעדאַנט און פלעגמאַט, דעם ריכטיגן טיפּ פון אַ געלערנטן, קען ער מער ניט פאַר־טראָגן. ער איז בייז אויף זיין אייגענעם פאָטער, וואָס איז געווען אַ בארימטער געלערנטער. ער קען ניט מער פאַר־טראָגן די אַפּלאָדיסמענטן פון דעם גרויסן עולם, עס קלינגט אים ווי חוזק און שפּאָט:

„דער מענגע בייפאַל, טענט מיר נאָר ווי האהן,
אָ, קעננטעסט דו אין מיינעם אינערן לעזען
ווי וויניג פאטער און זאָן
זאָלך איינעם רומעס ווערט געוועזען."

---

„דאַס דענקעספאַדען איזט צערריסען,
מיך עקעלט לאַנגע פאַר אַלעם וויסען."

אודאי איז זייער שלעכט ווען איינער פאַלט מיט אמאָל אַראָב פון הימעל אין אָבגרונד אַריין; אודאי איז ניט גוט, ווען מען דערזעהט מיט אַמאָל, אַז מען האָט די גאַנצע צייט גענאַרט אַ וועלט און זיך אַליין אויך. אָבער וואָס האָט פאַוסט געטאָן צו דעם? אין זיין גרויסער פאַרצווייפלונג גיט ער זיך איבער צו דער שוואַרצקינסטלעריי:

„דרום האַב איך מיך די מאַגיע ערגעבען,
אב מיר דורך גייסטעס קראַפט און מונד,
ניכט מאַנכעס געהיימע ווירדע קונד;
דאַס איך ניכט מעהר מיט זויערן שוויס
צו זאַגען בראַוכע, וואַס איך ניכט וויים;
דאַס איך ערקעננע וואַס די וועלט
אים איננערסטען צוזאַמענהעלט".

און דער סוף פון דעם אלעם? ער האט זיך איבער־געגעבן צו דעם טייוול אין די הענד אריין, האט אבגעטאן מיאוס׳ע שטוקעס, קליגער איז ער ניט געווארן.

. . . וואס די וועלט
אים אינגערסטען צוזאמענהעלט,

איז ער פון דער מאגיק, און פון דעם טייוול ניט דערגאנגען. מיט סאקראטעס האט אזא זאך ניט פאסירט. ער איז צו דעם טייוול אין די הענד ניט אריינגעפאלן. ער האט זיין נשמה ניט פארקויפט. ער האט זי איבערגעגעבן צו דער אומשטערבליכקייט.

עס קען זיין, דאס איז געווען צוליעב דעם, וואס סאקרא־טעס האט ניט באלאנגט צו דעם שניט „אינטעליגענטן“, וואס גרויסן זיך קעגן דער גאנצער וועלט מיט דעם, וואס זיי קענען א סך ביכער. פונקט ווי פאוסט, איידער ער איז אריינגעפאלן צום טייוול, האט סאקראטעס געוואלט לערנען אלע חכמות און אלע וויסנשאפטן. ווי פלאטאן מאכט אים צו זאגן אין דעם „פעדאן“, האט ער:

„געהאט אן אויסטערלישן חשק צו לערנען די חכמות וואס זיי רופן נאטור־פארשונג. איך האב עס געהאלטן פאר א הערליכע זאך צו וויסן די אורזאכן פון אלץ, פארוואס יעדע זאך אנטשטייט, פארוואס עס פארגייט, און פארוואס עס באַ־שטייט... ביז איך האב באשלאסן ביי זיך, אז איך בין פון דער נאטור לחלוטין ניט צוגעפאסט פאר אזעלכע פארשונגען“*).

סאקראטעס׳ן „האט ניט געעקלט פאר אלעם וויסן“. ער האט אויך ניט קעגן פארשן און שטודירן די נאטור. ער האפט, ער וועט זיך קיינמאל ניט דארפן פארענטפערן פאר אזא פארברעכן; אבער „איך, מענער פון אטהען“, ווי ער זאגט אין זיין פארטיידיגונג, „האב גאר ניט צו טאן מיט די

*) „פעדאן“, זייט 143.

דאָזיגע זאַכן".

און ער האָט ניט צו טאָן מיט די דאָזיגע זאַכן, ווי פּלאַטאָן לאָזט אים ווייטער דערציילן אין „פעדאָן", ווייל די וויסנשאַפט פון זיין צייט איז ניט געווען ביכולת צו פאַרענטפערן זיינע ספקות. זי האָט אפילו ניט געשטעלט די פּראָבלעמען ווי ער האָט געדענקט זי דאַרף דאָס טאָן.

ער דערציילט אונז אויף זיין אייגענעם שטייגער:

„דאַן האָב איך אַמאָל געהערט איינעם פאָרלייענען אַ בוך. דאָס איז געווען אַנאַקסאַגאראס' בוך, וואו ער האָט געזאָגט, אַז עס איז די פאַרנונפט, וואָס אָרדנט אַלץ איין, און וואָס איז די סיבה פון אַלע זאַכן.

„איך האָב מיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם געדאַנק. עס האָט מיר עפּעס געדוכט, אַז עס איז רעכט די פאַרנונפט זאָל זיין די סיבה פון אַלע זאַכן... איך בין געווען דערפרייט צו דענקען, אַז איך האָב אין אַנאַקסאַגאראס'ן געפונען אַ לערער פון די סיבות פון די זאַכן אין גאַנצן לויט מיין גוסט; אַז ער וועט מיר זאָגן צי די ערד איז פלאַך, צי רונד, און ווען ער וועט דאָס האָבן געטאָן, וועט ער גיין ווייטער און מיר דערקלערן די סיבה און די נויטווענדיגקייט פון דעם... און איך בין געווען אַנטשלאָסן אויף דעמזעלבן אופן אויסצוגעפינען וועגן דער זון און די לבנה, און די איבריגע שטערן, זייער פאַרהעלטניסמעסיגע געשווינדיגקייט, זייער אומדרייעניש, און זייערע אַנדערע פאָדערונגען... די דאָזיגע העררליכע האָפנונג, מיין פריינד, איז פון מיר שנעל פאַרשוואונדן..."

און מיט דער האָפנונג איז אויך פאַרשוואונדן די האָפנונג צו פאַרשפּרייטן בילדונג. אויך סאָקראַטעס האָט געזוכט

„די מענשען צו בעסערן און צו באַקעהרען".

און ווען ער האָט אויסגעפונען, אַז ער קען דאָס ניט טאָן מיט דער הילף פון די ביכער, האָט ער ניט געזאָגט ווי פאַוסט:

„מיך עקעלט לאַנגע פאַר אַלעם וויסען".

ער האָט נאָר גענומען באַקעמפן די כלומרשט׳דיגע וויסנ־שאַפט, די אַפיציעלע אינטעליגענציע, די אינטעליגענטן פון דעם בוך, און פון דער פראַזע, וואָס פון דעם אמת׳ן וויסן האָבן זיי גאָר ניט. דער באַגריף, דאָס ריכטיגע דענקען — דאָס איז ביי אים וויכטיגער פון אַלץ.

צוליב דעם טעם איז סאָקראַטעס קיינמאָל ניט געווען קיין אפיקורוס, האָט ניט אָפּגעלאַכט פון דער רעליגיע, און האָט אפילו ניט באַקעמפט די אַבערגלויבענישן פון זיין צייט. ווען זיין פריינד פיידראָס, אין דעם דיאַלאָג מיט דעם זעלבן נאָמען, פרעגט אים, צו ער גלויבט די לעגענדע, אַז באָרייאַס, דער צפון־ווינט, האָט אַוועקגערויבט די פרינצעסין אָריטיאַ, ענט־פערט ער אים, אַז ער גלויבט, ווייל ער האָט ניט קיין צייט זיך צו באַשעפטיגן מיט די זאַכן. ער וואָלט זיך אויך געקענט חכמה׳׳נען, זאָגט ער, און דערקלערן די זאַכן על־פּי שכל, אָבער עס זענען דאָ צופיל אַזעלכע לעגענדעס צו דערקלערן.

„אויב איינער גלויבט ניט אין דעם און ער נעמט זיך אונטער מיט אַ מין קליינשטעטלדיגער חכמה צו דערקלערן יעדע פון די זאַכן על־פּי שכל, וועט ער מוזן האָבן אַ סך צייט. אָבער איך האָב פאַר דעם לחלוטין ניט קיין צייט. און די אורזאַך, מיין פריינד, איז דאָס: איך בין נאָך ניט אימשטאַנד, ווי די דעלפישע אויפשריפט לויטעט, צו קענען זיך אַליין, און עס זעט מיר אויס לעכערליך, כל־זמן איך קען דאָס ניט, צו פאָרשן אַנדערע זאַכן, און צוליב דעם לאָז איך דאָס אַלץ גיין, און איך נעם אָן דעם אַלגע־מיינעם גלויבן וועגן זיי. און, ווי איך האָב נאָר־וואָס געזאָגט, אונטערזוך איך ניט די זאַכן, נאָר מיך אַליין, צו איך בין עפּעס אַן אומגעהייער, מער פאַרפּלאָנטערט און מער צאָרניג איידער טיפאָן, אָדער אַ מילדערע איינפאַ־כערע באַשעפעניש, צו וועמען עס איז געגעבן געוואָרן פון דער נאַטור אַ געטליכער און מילדער גורל“. (דער דיאַלאָג „פיידראָס“.)

דערפאַר האָט ער אויך פון אָנפאַנג אָן גע׳טענה׳ט, אַז ער האָט ניט וואָס צו לערן, וואָרעם זיין לערן איז געווען ניט מער ווי אַ מעטאָדע, אַ מעטאָדע פון פאָרשן און זוכן. און דאָס איינ־ציגע פאָרשן, וואָס איז כדאי, וואו עס איז מעגליך צו דערגיין

אַלגעמײנע פּרינציפּן, איז דער מענטש, זײן באַנעמונג און זײן אױפפירונג.

אױף דער פראגע, פאַרװאָס ער גײט אַזױ װײניג אַרױס פון שטאָט, ענטפערט ער:

„זײ מיר מוחל, מײן טײערער פרײנד,
דו זעהסט, איך האָב זײער האָלט צו לערנען.
אָבער די פעלדער און די בױמער װעלן מיך גאָר
ניט אױסלערנען, די מענטשן אין דער שטאָט יאָ".

אַזױ זאָגט סאָקראַטעס צו זײן פרײנד פײדראַס, אין דעם דער־מאָנטן דיאַלאָג.

די לערע פון סאָקראַטעס, אַ מאָראַל לערע אין אירע רעזולטאַטן, איז אַ פּסיכאָלאָגישע אונטערזוכונג אין איר עצם. סאָקראַטעס איז דער ערשטער אין דער פילאָזאָפיע, װאָס האָט געמאַכט די מענטשליכע אױפפירונג און באַנעמונג צום געגנשטאַנד פון סיסטעמאַטישער אונטערזוכונג און מע־טאָדישער באַטראַכטונג.

די גאַנצע גערײד װעגן סאָקראַטעס' באַהױפּטונג פון ניט װיסן, איז אין אמת'ן דער היפוך פון דעם. עס איז אַ שטרעבן צום אמת'ן װיסן, אַ שטרעבונג פעסטצושטעלן אַן אמת'ע מעטאָדע פון פאָרשן און פון דענקען, אַ װעג צו דעם אמת'ן װיסן.

אין דעם ליגט דער צװײטער חילוק צװישן סאָקראַטעס און פּאַוסט. דער ערשטער האָט געװיזן דעם װעג צו דער װיסנשאַפט מיט זײן מעטאָדע פון אינדוקטיװן פאָרשן; דער צװײטער האָט פּשוט פאַרװאָרפן די װיסנשאַפט, אַלס אַ זאַך װאָס דורך איר קען מען גאָר ניט דערגײן.

עס איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז עס איז גראַד געװען סאָקראַטעס, אַ מענטש פון דעם געמײנעם פאָלק, אַ פּראָסטער בעל מלאכה, אַ קינד פון אָרימע עלטערן, אַן אײנ־פאַכער מענטש, זײן גאַנץ לעבן אַלײן אַ גרױסער אביון; אַ מענטש אָן שום פּרעטענזיעס, אָן טיטלען, אָן פריערדיגע

אויסצייכענונגען, וואָס איז אויפגעשטאַנען אין דעם סאַמע מיטן פון דער העכסטער אינטעליגענץ און עלעגאַנץ, און האָט גענומען באַקעמפן די „וויסנשאַפט״ פון זיין צייט, באַשטרייטן די גרויסע אויטאָריטעטן, די געבילדעטע, די אינטעליגענטן, און די האַלב געבילדעטע הערן פון אַטהען, און האָט, אַגב אורחא, געגעבן דער וועלט אַ מעטאָדע צום דענקען און צום פאָרשן.

„הזהרו בבני עניים, כי מהם תצא תורה״!

## IV.

ווייט ווי עס זענען סאָקראַטעס צייטן פון אונזער אייגענע, זענען זיי דאָך ענליך אין מאַנכע פרטים, ספּעציעל אין די זאַכן פון דירעקטע מענטשליכע באַציאונגען.

גאָר פילע זאַכן האָבן זיך געענדערט זינט דער צייט, ווען סאָקראַטעס פלעגט אַרומגיין אין די גאַסן פון אַטהען און לערנען די גריכן ווי אַזוי צו דענקען לאָגיש: די מנהגים, די רעליגיע, דאָס סאָציאַלע צוזאַמענלעבן, די באַגריפן וועגן נאַטור און וויסנשאַפט; די וויסנשאַפט אַליין, און וואָס ניט? — אַלץ, קען מען זאָגן, האָט זיך געענדערט; די מענטשליכע נאַטור איז געבליבן דיזעלביגע. די מענטשליכע ווירקונג און געגנווירקונג בנוגע זאַכן און באַגעבנהייטן, האָבן זיך ניט געביטן. אין די לעצטע עטליכע טויזנט יאָר האָט דער מענטש זיין כאַראַקטער ניט געענדערט. אַזוי שנעל „אַרבעט״ די עוואָלוציע ניט.

כדי בעסער אַרויסצוברענגען וואָס עס שיינט צו זיין דער כאַראַקטעריסטישער שטריך אין סאָקראַטעס צייט איז כדאַי זיך אָבצושטעלן אויף אַ מינוט, פאַרביילויפנדיג, און צו באַטראַכטן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון אונזער אייגענער צייט. מיר וועלן דאַן בעסער פאַרשטיין דעם אויפטו פון סאָקראַטעס׳ן.

וואָס עס וואַרפט זיך אין די אויגן צו מייסטן היינטיגע

צײטן, איז דאָס איבערגעװיכט װאָס דער גרויסער עולם גיט צו פּסיכאָלאָגישע טעאָריעס. װאו מ'גײט און װאו מ'שטײט הערט מען נאָר פּסיכאָלאָגיע. אַלע רײדן, שטודירן און שרײבן פּסיכאָלאָגיע. אויב אײנער איז ניט קײן פּראָפעסאָר, איז ער לכל הפּחות אַ סטודענט פון פּסיכאָלאָגיע. עס מאַכט דעם אײנדרוק, אַז קײן אַנדער לערע אויסער פּסיכאָלאָגיע איז גאָר ניט דאָ.

די װערטער „לאָגיש,“ „שכל'דיג,“ „פאַרנונפטיג“ װערן אַלץ מער און מער אַרויסגעשטופּט פון דעם שפּראַך־געברויך פון דעם גרויסן עולם. זײער פּלאַץ פאַרנעמט דאָס װאָרט „פּסיכאָלאָגיש“. מען זאָגט ניט מער, דער און דער איז אַ קלוגער מענטש, אָדער אַ פאַרשטענדיגער מענטש, מען זאָגט ער איז פּסיכאָלאָגיש. מען קען דערפאַר די הײנטיגע צײטן מיט רעכט אָנרופן די פּסיכאָלאָגישע פּעריאָדע. די פּעריאָדע װען פּסיכאָלאָגישע טעאָריעס (עס זענען דאָ מערערע טעאָריעס) פאַרנעמען דעם אויבן אָן אין דער אָפּשאַצונג פון דעם המון און פון אַ גרויסן טײל פון דער אינטעליגענציע.

אָבער װאָסער חילוק צװישן דער אַלגעמײן „װיסנשאַפטליכער פּעריאָדע“ פון אַ פריערדיגן דור, און די „פּסיכאָלאָגישע פּעריאָדע“ פון דעם הײנטיגן דור? צװישן דער אַלגעמײנער פילאָזאָפיע און די פילאָזאָפיע פון די פּסיכאָלאָגן?

פון אײן זײט, אַ װעלט פאַרנעם — אַ שטרעבן תופס צו זײן, און צו דערקלערן די גאַנצע יצירה, װי עס איז דער דאַרװיניזם; אָדער אַ פאַרזוך צו געפינען דעם שליסל פון דעם מענטשליכן צוזאַמענלעבן, און אַ פּראָבע צו פאַרבעסערן די דאָליע פון דער גאַנצער מענטשהײט, װי עס איז דער סאָציאַליזם; פון דער צװײטער זײט — אַן אָבגעבן זיך מיט דעם יחיד, מיט זיך אַלײן; אַ באַשטענדיגעס גריבלען זיך אין דער אײגענער נשמה, די נשמה פון דעם יחיד; אַ כסדר'דיגן שטײן פאַר דעם שפּיגל, אַזוי צו זאָגן, און צו שטודירן יעדן בױג און יעדן קנײטש פון דער אויסגעטראַכטער נשמה, זי צו פּודרעװען

און צו פארבן, פונקט ווי עס טוען פרויען מיט זייערע נעזער, אדער ווי א קאץ, וואס רק זי באלקעט זיך אליין.

נעמט, למשל, דעם מארקסיזם, צי ער איז ריכטיג צי ניט, וואסער גראנדיעזע לערע! א וועלט אנשויאונג, כמעט א רעליגיע, וואס האט געשפריצט מיט הויכע אידעאלן, ווי א פאנטאן מיט פרישע וואסער, וואס האט אריינגעצויגן אין איר קרייז פון באטראכטונג די פארגאנגענהייט און די צוקונפט פון דער גאנצער מענטשהייט — א פראכטפולער בנין, א גייסטיגער „הימל קראצער", געבויט אויף א טיפן פונדאמענט פון דער פארגאנגענהייט, אונטערשטיצט מיט אידעאלן פון דער געגנ־ווארט, און באצירט מיט זעאונגען פון דער צוקונפט; זעאונגען וואס האבן בארוישט די פאנטאזיע און פארכאפט דעם אטעם פון דער גאנצער מענטשהייט — מסוף העולם ועד סופו.

ניט אין ערך גרעסער איז דער אומפאנג פון דעם דאר־וויניזם. בעת דער מארקסיזם האט זיך פארנומען מיט דער אנטוויקלונג פון דער מענטשליכער געזעלשאפטליכער היס־טאריע, האט דער דארוויניזם ארומגעכאפט די אנטוויקלונג פון דעם אוניווערזום, די היסטאריע פון דער יצירה, דער מענטש, זעלבסטפארשטענדליך, אלס א טייל פון דער יצירה, אריינ־גערעכנט.

דאסזעלביגע איז אמת, ווען ניט צו אזא הויכן גראד, וועגן אלע אנדערע פילאזאפישע סיסטעמען. אוניווערזאליטעט איז דער חותם פון יעדער פילאזאפישער סיסטעמע.

פארגלייכט מען דאס מיט וועלכע עס איז פון די פסיכא־לאגישע טעאריעס, אדער אפילו מיט אלע טעאריעס צוזאמענ־גענומען, מוז מען קומען צו דעם שלום, אז דער היינטיגער דור שטייט אינטעלעקטועל נידעריגער פון דעם דור פאר אים.

דאס מיינט ניט צו זאגן, אז אין דער וויסנשאפט איז ניטא קיין ארט פאר דער פסיכאלאגיע. אזא באהויפטונג וואלט געווען נאריש. די פריערדיגע פילאזאפן און די וויסנשאפטן האבן די פסיכאלאגיע ניט פארנאכלעסיגט. דעקארט, שפינאזא, יוהם, קאנט און אלע אנדערע פילאזאפן, פאר זיי און נאך

זיי, ביז אויף היינטיגן טאָג, האָבן ניט פֿאַרגעסן די פּסיכאָלאָגיע. דאַרווין האָט זי ניט פֿאַרנאַכלעסיגט, און אַפֿילו מאַרקס, להכעיס פֿון דער אַנגענומענער פֿאַרקערטער און פֿאַלשער מיינונג, האָט די פּסיכאָלאָגיע גאָר ניט פֿאַרגעסן. ניט מער, ביי אַלע די איז דאָס געווען אַ נאַטירליכער טייל אין דער פֿילאָזאָפֿישער סיס־טעמע, אַ וויכטיגער טייל, אָבער ניט דער הויפּט־טייל, ווי מען טוט דאָס היינט. צו זאָגן, אַז די פּסיכאָלאָגיע איז אַלץ מיט אַנאַנדער, דער א און דער ת פֿון אַלעם וויסן, איז בלי ספק אַן אינטעלעקטועלע ירידה, איז פּונקט ווי ווען איינער זאָל אַרויסרייסן איין בלאַט פֿון אַן ענציקלאָפּעדיע, און זאָל זאָגן, אַז דאָס בלאַט איז דאָס וויכטיגסטע אין דעם גאַנצן בוך; אַז דאָס גאַנצע בוך איז אַ טפל צו דעם איינעם בלאַט. אוודאי איז דאָס איינע בלאַט נויטיג און וויכטיג אויף דעם נויטיגן אָרט אין דעם בוך, אָבער עס איז ניט דאָס גאַנצע בוך, און ניט דאָס וויכטיגסטע אין דעם בוך. דאָס גאַנצע בוך איז ניט אין ערך גרעסער און וויכטיגער.

עס וועט פֿירן צו ווייט צו דערקלערן די אורזאַך פֿון דער אינטעלעקטועלער ירידה. בדרך כלל קען מען זאָגן, אַז דער מענטש קען ניט טראָגן קיין שווערע משא פֿון וויסנשאַפֿטליכער אָנגעשטרענגטקייט פֿאַר אַ לאַנגע צייט. פֿריער אָדער שפּעטער ווערט ער מיד, וואַרפֿט אַראָפּ די משא, שטעלט זיך אָפּ צו כאַפּן דעם אָטעם, און טראַכט וועגן זיך אַליין בעת ער רוט.

ווען צו דער געוויינליכער משא, קומט נאָך צו אומגעוויינ־ליכע און אויסערגעוויינליכע פּאַסירונגען, ליידן, אומגליקן, אַנטוישונגען און האָפֿנונגסלאָזע סיטואַציעס, ווי עס האָט מיט זיך געבראַכט די גרויסע מלחמה, דעמאָלט איז דער חשק זיך צו באַפֿרייען פֿון דעם שווערן באַגאַזש פֿון וויסנשאַפֿט נאָך פֿיל שטאַרקער. עס איז די מידקייט, די אָבגעשוואַכטקייט, די פֿוילקייט, די אָבהענטיגקייט, וואָס קומט נאָך אַן אומפּרוכט־באַרע אָנשטרענגונג, וואָס מאַכט דעם מענטשן פֿילן ווי צו זיין מיט זיך אַליין, פֿאַרטיפֿט און איינגעשלאָסן אין זיך אַליין.

דאָס איז אמת וועגן יעדן יחיד, וועגן פעלקער און אויך וועגן דער גאַנצער מענטשהייט.

ווען עס גייט אַ מענטשן גוט, ער איז ערפאָלגרייך אין זיינע אונטערנעמונגען, איז אַרומגערינגלט מיט פריינד, וואָס ליבן און חנפה'נען אים — דעמאָלט האָט ער הרחבת הדעת, ער איז ברייט אין זיינע אנשויאונגען און געוואָגטקייטן, ער האָט אַן אויג פאַר זאַכן אויסער די אייגענע, שמאָלע אינ־טערעסן, און ער קען פאַרנעמען געדאַנקען און אידעען פון אַנדערע. טוט זיך אָבער דאָס רעדל אַ דריי, די געשעפטן נעמען גיין שלעכט, די פריינד פאַלן אָפּ; פאָרוואורף, צאַנ־קעריי און קריג פאַרנעמען דאָס אָרט פון פרייד און ליכטיגקייט. און דאָס לעבן ווערט אַזוי שווער, אַז עס איז כמעט אוממעגליך צו פאַרטראָגן, דעמאָלט פאַלט דער מענטש אַרונטער פון זיין הויך און ער פאַרטיפט זיך אין זיך אַליין. ער באַוואונדערט זיך, אָדער ער פאַרטיידיגט זיך, אָדער ער האָט רחמנות אויף זיך, אָדער ער זוכט תירוצים פאַר זיינע נידערלאַגעס, אָדער ער גרייט זיך צו צו ווייטערע נצחונות — מיט איין וואָרט: ער איז כסדר פאַרנומען מיט זיך, ער ווערט דער צענטער פון דעם אוניווערזום. די גאַנצע וועלט, דענקט ער, איז באַשאַפן געוואָרן צוליב אים. אַזוי ווי גאַנץ אַליין קען דאָך, סוף כל סוף, קיין מענטש ניט שטיין, באַהעפט ער זיך צו גאָט, ער ווערט מיסטיש רעליגיעז; ער נעמט אָן אַן אינדיווידועלע רעליגיע, אַ רעליגיע וואָס געפינט איר אויסדרוק אין אַ פּערזענליכע באַציאונג צווישן אים און זיין באַשעפער, אָדער ער ווערט שאָ־וויניסטיש, נאַציאָנאַליסטיש, אָדער ביידע צוזאַמען. דאָס איז אַ מין זעלבסט־שוץ. גאָט און פאָטערלאַנד זיינען אַלעמאָל וועג־ווייזער פאַר דעם מענטשן, וואָס קען זיך ניט געפינען קיין וועג אין דער גרויסער וועלט.

אַז עס שטייט ניט בעסער מיט פעלקער, איז דאָס אידישע פאָלק, ניט צו גיין צו ווייט, אַ גוטער ביישפּיל. די כוואַליעס פון רעאַקציאָנערן נאַציאָנאַליזם, וואָס שלאָגן אַזוי האַסטיג היינט צו טאָג אין אַלע לענדער, די פאַרטגעשריטנסטע ווי

די וואָס זענען מייסט הינטערשטעליג, זענען אַ ווייטערער ביי־שפּיל פאַר דעם געזאָגטן.

עטוואָס ענליכעס געפינען מיר אין דעם אַטהען פון סאָקראַטעסן.

סאָקראַטעס האָט געלעבט אין דער גאָלדענער פּעריאָדע פון אַטהען, און ער האָט אויך דערלעבט דעם אונטערגאַנג פון דער פּעריאָדע.

דאָס איז געווען די צייט פון פּעריקלעס, פון דעמאָקראַטיע, פון גרויסע אונטערנעמונגען, גרויסן פאַרקער, גרויסע רייכ־טימער, גרויסער האַנדל און גרויסע נצחונות. עס איז געווען די צייט ווען די וויסנשאַפט (אויף וויפיל זי איז דעמאָלט געווען מעגליך) האָט געבליט; ווען די פילאָזאָפיע און קונסט האָבן באַהערשט אַלע געמיטער. אָבער עס איז אויך געווען די צייט פון אַ גרויסער נידערלאַגע אין דעם פעלאָפּאָנעזישן קריג, די הערשאַפט פון די 30 טיראַנען, און די ווייטערע איינפירונג פון דער דעמאָקראַטיע.

נו, וואָס עס זאָלן ניט זיין די מעלות פון דער דעמאָקראַטיע, און זיי זענען זייער פיל, האָט זי אויך עטליכע גרויסע חסרונות, דער גרעסטער פון וועלכע איז, וואָס דאָס פאָלק הערשט איי־גענטליך קיינמאָל ניט. עס איז אַלעמאָל אַ קליינער צאָל פון אינטעליגענטן, זייער אָפט קרעפטיגע האַלב אינטעליגענטן, הויפּטזעכליך די וואָס באַזיצן די רעדנער קונסט, די „חניפה קונסט", ווי סאָקראַטעס רופט דאָס, וואָס הערשן און באַהערשן דאָס פאָלק, מיט דער הילף פון די יאָ זאָגערס און ניין זאָגערס.

די ערשטע אויסצונוצן די געלעגנהייטן, וואָס די אַטהענער דעמאָקראַטיע האָט געעפנט פאַר די בירגער זענען געווען די רייכע יונגע לייט, וואָס האָבן געזוכט זיך אויסצוצייכענען מאַכן פאַר זיך אַ קאַריערע אין דעם פּאָליטישן לעבן פון דער און אויסצופיינען אין דער רעדנער קונסט, כדי דורך דעם צו שטאָט אַלס פירער אָדער אַלס גענעראַלן. עס האָט דעמאָלט געהערט צום גוטן טאָן פון אַ געבילדעטן יונגן מאַן צו זיין אַ תלמיד פון וואָסער עס איז סאָפיסט, וואָס האָט אים געלערנט

האלטן רעדעס, ציטירן די גרויסע פּאָעטן, און נאָכצוזאָגן קלוגע ווערטלאַך פון די אַלטע חכמים.

יענע צייט, ווי געזאָגט, איז אויך געווען די צייט פון אַ גרויסער נידערלאַגע, ווען די מענטשן זענען אויפגעלייגט צו פאַרוואַרפן אַלטע מנהגים און זיטן, ווען זיי פילן, אַז זיי מוזן זיך פאַרלאָזן אויף זיך אַליין. מיט איין וואָרט: עס איז געווען אַ צייט, ווען די מענטשן ווערן „פּסיכאָלאָגיש", און די פּסיכאָלאָגיע ווערט די וויכטיגסטע פון אַלע וויסנשאַפטן.

עס האָבן זיך באַלד געפונען לערער, גרויסע און קליינע אינטעליגענטן, באַוואוסטע רעדנער, סאָפיסטן האָט מען זיי גערופן, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען, פאַר גוט באַצאָלט, צו דערפילן דידאַזיגע באַדערפניש, און האָבן געלערנט די יונגע לייט רעטאָריק און מאָראַל.

„מאָראַל" איז אַ וויכטיגער און נויטווענדיגער אינסטרומענט אין אַ דעמאָקראַטיע. דער טיראַן שטייט איבער דעם געזעץ, ער הערשט מיט דער מאַכט פון גוואַלד. ער קען באַשטיין צו זיין ניט מאָראַליש, אויב עס געפעלט אים. דער דעמאָקראַטישער הערשער, קען זיך אַזאַ לוקסוס ניט פאַרגינען. ער מוז זיין מאָראַליש, אַפילו ווען ער איז דאָס ניט.

די עטיק, אַ חוץ דעם, איז אַ צווילינגס שוועסטער פון דער פּסיכאָלאָגיע. ביידע באַשעפטיגן זיי זיך מיט דער מענטשליכער באַנעמונג און אויפפירונג. זיי גייען דערפאַר האַנט אין האַנט, און מען קען אַפּטע אורטיילן די עטיק פון דער פּסיכאָלאָגיע און די פּסיכאָלאָגיע פון דער עטיק. ווען די פּסיכאָלאָגיע איז אַ טייל פון אַ ברייטער וויסנשאַפטליכער קאָסמאָלאָגיע, וועט אויך די מאָראַל זיין אַ ברייטע, אַן אַלגעמיינע, אַן אוניווערזאַלע. איז אָבער די פּסיכאָלאָגיע אינדיווידואַליסטיש און פּעסימיסטיש, דער רעזולטאַט פון מיסערפאָלגן און נידערלאַגעס, און דערפאַר אַן ענגע, וואָס האָט צו טאָן נאָר מיט דעם יחיד, ווען ער איז פאַר זיך, דעמאָלט וועט אויך די מאָראַל זיין אַן ענגע, אַן אייגננוציגע, אַן עגאָאיסטישע, וואָס איז באַרעכנט צו ברייגגען נוצן און פאַרגעניגן

נאָר דעם יחיד.

אומגעפער אַזאַ צושטאַנד האָט ווירקליך עקזיסטירט אין אַטהען אין סאָקראַטעס׳ צייטן. אין דער פילאָזאָפיע, ריכטיגער, אין דער פּסיכאָלאָגיע, האָט געהערשט דער כלל פון פּראָטאַגאָראַס:

דער מענטש איז די מאָס פון אַלע זאַכן!

און כדי מען זאָל ניט האָבן קיין טעות, וואָס דער זאַץ מיינט, האָט פּראָטאַגאָראַס צוגעלייגט:

דאָס וואָס דערשיינט צו יעדן פּערזאָן רעאַל, איז פאַר אים דאָס וואָס עס דערשיינט.

אַזוי איז אויך די גריכישע מאָראַל ווירקליך געווען באַרעכנט פאַר דעם נוצן פון דעם יחיד.

אָט דעם צושטאַנד האָט סאָקראַטעס זיך אונטערגענומען צו באַקעמפן און אויסצובעסערן.

סאָקראַטעס, אמת, האָט פאַרוואָרפן די וויסנשאַפט פון זיין צייט, און האָט גענומען זיך באַשעפטיגן מיט דעם מענטשן, דאָס הייסט, אויך מיט דער פּסיכאָלאָגיע. אָבער דאָס איז ניט געווען דער איינציגער מענטש, נאָר דער מענטש אַלס אַ טייל פון דער גאַנצער נאַטור. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אַזוי באַהאַנדלט דעם מענטשן אַלס אַ טייל פון דער יצירה. אין דער פּסיכאָלאָגיע, ווי אין דער מאָראַל, האָט ער געזוכט צו באַפעסטיגן דעם אוניווערזאַלן געדאַנק.

וואָרים אויב יענע מיינונג איז אמת צו יעדן פּערזאָן וואָס ער שאַפט זיך אַליין מיט זיינע חושים, און קיין איין מענטש קען ניט דערקענען אַנאַנדערס קאָנדיציע בעסער איידער ער אַליין, און קיין מענטש האָט ניט מער רעכט צו אונטערזוכן אויב די מיינונג פון אַנאַנדערן איז אמת אָדער פאַלש איידער ער אַליין, און דידאָזיגע מיינונגען זענען אַלעמאָל גערעכט און אמת, פאַרוואָס, איר זאָלט מיר געזונט זיין, מיין פריינט, איז פּראָטאַגאָראַס געווען אַ חכם, אַזוי אַז מען האָט מיט רעכט גערעכנט ער איז ווערט צו זיין אַ לערער פון אַנדערע מענטשן און ער זאָל נאָך קריגן גוט באַצאָלט, און פאַרוואָס זענען מיר געווען אומוויסנדע חיות און זענען געווען געצוואונגען צו גיין צו אים אין חדר, אויב יעדער מענטש איז די מאָס פון זיין אייגענער חכמה?

אַזוי פרעגט סאָקראַטעס אין דעם דיאַלאָג טעאַטעטאָס. אָבער דאָס איז געווען שפּעטער.

אָנגעהויבן האָט ער מיט דעם, ווי עס שיינט, וואָס ער האָט באַקעמפט די סאָפיסטן. זיינע שאַרפסטע פיילן האָט ער דערפאַר געשליידערט געגן די רעדע־קונסט בכלל. די רעדע־קונסט איז פאַר אים אַ קונסט, וואָס איז דער היפוך פון שיין. ער רופט דאָס די חניפה קונסט, און ער פאַרגלייכט די רעדנער צו קעכינס. „ריידן איז פאַר דער נשמה, וואָס קאָכן איז פאַר דעם גוף,“ זאָגט סאָקראַטעס, און ער פרעגט וואָסער פנים וואָלטן מיר געהאַט, ווען די קעכינס, אנשטאָט דעם דאָקטאָר, זאָלן זיך נעמען פאַרצושרייבן אַ דיעטע פאַר דעם גוף, צוליב דעם ווייל זיי קענען קאָכן? פונקט אַזוי איז, ווען רעדנער ווילן אונז פאַרשרייבן אַ דיעטע פאַר דער נשמה, ווייל זיי קענען מאַכן אַ געברייי פון ווערטער. עס קען אויסזעהן ווי אַ סתירה, אַז גראָד דער מענש, וואָס זיין גאַנצער כח איז געלעגן אין דיסקוטירן, זאָל מיט אַזאַ אומגעוויינליכע קראַפט און געשיקטקייט באַקעמפן די קונסט פון ריידן. ביי סאָקראַטעס'ן איז דאָס ניט קיין סתירה. עס קומט אויס די נאַטירליכסטע זאַך אין דער וועלט. מען דאַרף נאָר וויסן דעם חלוק, וואָס ער מאַכט צווישן ריידן און ריידן.

אין דער „אַפּאָלאָגיא“, די אומשטערבליכע פאַרטיידיגונגס־רעדע, איז דאָס זיין ערשטער פונקט. אַ סך ליגן, זאָגט ער, האָבן זיינע אָנקלעגער געזאָגט, פון וואָס ער איז געווען דערשטוינט.

> אָבער צו מייסטן בין איך געוואָרן דערשטוינט פון איינעם פון די אַלע שקרים, וואָס זיי האָבן געזאָגט — ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז איר זאָלט זיך היטן ניט צו ווערן פאַרפירט פון מיר, ווייל איך בין אַ געשיקטער רעדנער. וואָרים איך האָב דאָס באַטראַכט פאַר דער גרעסטער אומפאַרשעמטקייט אין זייער גאַנצער אויפפירונג ניט צו שעמען זיך, ווען זיי וועלן אויפ'ן שטעל פאַר'משפט ווערן פון מיר מיט פאַקטישע ראיות, ווען איך וועל זיך אַרויסצייגן צו זיין גאָרניט קיין געשיקטער רעדנער, סיידן זיי רופן אַ געשיקטן רעדנער דעם וואָס זאָגט דעם אמת. אויב דאָס איז וואָס זיי מיינען, וועל איך מסכים זיין, אַז איך בין אַן אָרטאָאָר. אָבער ניט אויף זייער שטייגער.

אַז פלאַטאָן האָט דאָס באַטראַכט אַלס איינעם פון די

וויכטיגסטע שטריכן אין סאָקראַטעס׳ לעבן און דענקען, קען מען זעהן פון דעם, וואָס ער קומט צוריק צו דעם פונקט אין פאַרשיידענע פון זיינע דיאַלאָגן, און ער לאָזט סאָקראַטעס׳ן איבער׳חזר׳ן דעם פונקט אויף פאַרשידענע אופנים. אין דעם ויכוח צווישן סאָקראַטעס און דעם גרויסן און באַרימטן סאָפיסט פּראָטאַגאָראַס, שטעלט סאָקראַטעס די באַדינגונג קיינע לאַנגע רעדעס זאָלן ניט געהאַלטן ווערן, און ער וויל אַוועקגיין אין דערמיט פון דער פאַרזאַמלונג, ווייל פּראָטאַגאָראַס האַלט כסדר לאַנגע רעדעס. ער קען גאָר ניט געדענקען קיין לאַנגע רעדעס, זאָגט סאָקראַטעס, און ער פאַרלאַנגט נאָר שאלות און תשובות, אָדער פּראָטאַגאָראַס זאָל פרעגן און ער וועט ענטפערן, אָדער פאַרקערט.

קיינע לאַנגע רעדעס!

ביי אַנאַנדער געלעגנהייט, האַלט ער ספּעציעל אַ גרויסע רעדע, מיט הויכע פראַזן, פאַר זיין פריינד פיידראָס. און באַלד נאָכדעם באַווייזט ער, אַז אין דער גאַנצער רעדע איז ניט דאָ קיין אמת וואָרט. דער דיאַלאָג „גאָרגיאַס" איז ספּעציעל געריכטעט געגן דער רעדנער-קונסט. דאָס זעלבע ווערט ווידער-האָלט אין דעם דיאַלאָג „סימפּאָסיום", און אין אַ סך אַנדערע שטעלן. אומעטום גייט דורך דער געדאַנק: אַ גרויסער רעדנער איז נאָר דער, וואָס זאָגט דעם אמת!

אָבער וואָס איז דער אמת?

## V.

די פראַגע: וואָס איז דער אמת? שטייט ניט אַליין פאַר זיך און קען דערפאַר ניט פאַרענטפערט ווערן באַזונדער. אין סאָקראַטעס׳שן זין מוז זי פאַרענטפערט ווערן אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע פראַגן, ווי: וואָס איז יושר, וואָס איז גערעכטיגקייט, וואָס איז מאָראַל, וואָס איז גוט, וואָס איז שיין, וואָס איז ליבע? א. אַ. וו. און אַלע די פראַגן מוזן ווערן צוגעפיהרט צו איין הויפט-פראַגע: וואָס איז וויסן? ביי סאָקראַטעס׳ן הענגען אַלע פראַגן אָן דעם תירוץ, וואָס מען קען געבן אויף דער איינער פראַגע. און מיט דעם וואָרט „וויסן" מיינט מען ניט נאָר דאָס, וואָס ווערט געוויינליך פאַרשטאַנען אונטער דעם וואָרט: דאָס פיל וויסעריי, וואָס די סאָפיסטן האָבן געלערנט צו יענע צייטן, וואָס מען לערנט היינט אין די שקאָלעס, און מיט וואָס אַזוי פיל מיטלמעסיגקייטן פון אַלע צייטן שטאָלצירן אַזוי שטאַרק. סאָקראַטעס מיינט דאָס וויסן ממש, די מענשליכע פייאיגקייט צו וויסן און די מעגליכקייט צו לערנען. אַלע פראַגן ווערן צוגעפירט צו דעם פונקט. סאָקראַטעס גלויבט ניט, למשל, אַז „יצר לב האדם רע מנעורו" (דער מענש איז שלעכט פון זיין יוגענד); ער גלויבט ניט, אַז דער מענטש איז שלעכט, ווייל ער וויל זיין שלעכט. ער גלויבט אויך ניט, אַז דער מענש איז גוט. ס׳איז אַלץ אַ פראַגע פון וויסן אָדער ניט-וויסן. ווען אַ מענש טוט שלעכטס, ווען ער איז אַ טיראַן, באַנעמט זיך אומגערעכט און האַנדעלט ניט על-פי יושר, איז דאָס ניט, ווייל דאָס איז טאַקע זיין נאַטור צו זיין שלעכט, טיראַניש אָדער ניט-יושר׳דיק; ער טוט דאָס, ווייל ער ווייס ניט בעסער. עס איז די אומוויסנהייט, וואָס ברענגט צו די אַלע שלעכטע מעשים. צוליב דעם איז ער ניט בייז אויף די ריכטער, וואָס האָבן אים פאַראורטיילט צום טויט. זיי האָבן בעסער ניט גע-

וואוסט. דאָ האָבן מיר, ווי קאָנסטאַנטין ריטטער באַמערקט אַזוי ריכטיג אין זײן גרויס ווערק איבער פּלאַטאָן, דעם „גאָט, פאַרגיב זיי: זיי ווייסן ניט, וואָס זיי טוען״ פון ישוע הנוצרי.

אין תלמוד איז דאָ אַ מאמר: אין אדם עובר עבירה אלא אם נכנס בו רוח שטות (אַ מענש טוט ניט קיין עבירה, סיידן אין אים איז אַריין עפּעס אַ נאַרישקייט). דאָס קלינגט כמעט דאָס זעלביגע ווי דער סאָקראַטעס׳שער פּרינציפּ, אָבער עס איז ניט דאָס זעלביגע. עס איז גיכער דער היפּוך. אָבגעזען פון דער פראַגע, אויף וויפיל דער תלמוד׳ישער זאַץ איז באַאיינפלוסט פון דער סאָקראַטעס׳שער לערע, *) איז דאָס אַ גאַנץ אַנדערע זאַך אין דעם תלמוד. ביי סאָקראַטעס׳ן איז דאָס אַ פּרינציפּ, וואָס פירט צו דער פאַרשטענדעניש פון אַלע מענשליכע האַנד-לונגען און וואָס מוז געמאַכט ווערן צום גרונטשטיין פון אַלע וויסנשאַפטליכע אונטערזוכונגען פון דער מענשליכער באַנע-מונג. וואָרעם דאָס וויסן גופא איז סוף-כל-סוף ניט מעהר ווי אַ זוכן צו וויסן, אַ באַשטענדיג זוכן. דאָס איז דער הויפּט-אונטערשיד צווישן סאָקראַטעס׳עס אַרט דענקען און דער אי-דישער סיסטעמע. די אידישע חכמה איז געוועזן אוועקגעשטעלט איינמאָל פאַר אַלעמאָל: „ראשית חכמה יראת ד׳״ (די מורא פאַר גאָט איז די ערשטע חכמה). ביי סאָקראַטעס׳ן מוז דאָס וויסן, די חכמה, צוערשט געפונען ווערן, און זי מוז געמאַכט ווערן צום פונדאַמעט פון אַלע וויטערע פילאָזאָפיעס און פּרינ-ציפּן פון מאָראַל, וואָרעם אויך זײן מאָראַל איז אַן אַנדערע און איז אַנדערש באַגרינדעט איידער די אידישע.

מיר ווען זיך דאָ פאַר אַ ווײלע אָפּשטעלן אויף אַ וויכ-טיגן פונקט, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר סאָקראַטעס׳ן און וואָס שיידט אים אָפּ פון דעם גאַנצן אַרט פון דער אידישער וועלט-אַנשויאונג, הגם אין אַנדערע זאַכן איז ער גאַנץ ענליך. „די אייגנאַרטיגע שטעלונג, וואָס גריכענלאַנד נעמט

*) סאָקראַטעס האָט געלעבט אומגעפער אַ 30—40 יאָר נאָך דער צייט פון עזרא הסופר, אַ יאָר 400 פאַר דעם תלמוד.

איין אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט", זאָגט עדוואַרד מייער אין זיין באַרימטער „געשיכטע דעם אַלטערטומס", „באַ-רוהט אין דעם לעצטן סך-הכל (אין דער לעצטער ליניע) אויף סאָקראַטעס'ן". לויט מייערן, איז עס ניט די קונסט, וואָס אין איר האָט זיך גריכענלאַנד אַזוי שטאַרק אויסגעצייכענט, וואָס גיט איר די גרויסע שטעלונג, — עס איז סאָקראַטעס, זיין לערע, זיין פילאָזאָפיע, וואָס גיט גריכענלאַנד איר גרויסן ווערט פאַר דער מענשהייט" . „אין אים", זאָגט ווייטער עדוואַרד מייער", „ליגט עטוואָס פון דעם תמצית פון דעם אָריענטאַלישן נביא און גרינ-דער פון רעליגיע" (ציטירט ביי קאָנסטאַנטין ריטטער)..

אין זעהר פיל זאַכן, אין זיין גאַנצן פריוואַטן לעבן, קען מען זאָגן, איז סאָקראַטעס ווירקליך ענליך צו דעם אידישן נביא. אפילו אין דעם, וואָס ער האָט געגלויבט, אַז ער איז גע-שיקט געוואָרן צו מאַכן די מענשען קליגער, וואָס דאָס מיינט בעסער, און אַז ער ווערט באַגלייט פון עפּעס אַ מלאך, אַ דע-מאָן, זאָלן מיר דאָס רופן—אַ בת-קול, וואָס זאָגט אים אַלעמאָל אונטער ווי צו האַנדלען, און דערלאָזט אים ניט צו טאָן זאַכן, וואָס זיינען ניט גוט.

פונדעסטוועגן איז דאָ אַ גרויסער חילוק צווישן אים און דעם אידישן נביא, פונקט ווי עס איז דאָ אַ חילוק צווישן זיין מאָראַל און דער אידישער מאָראַל, זיין וועלט-אַנשויאונג און דער אידישער וועלט-אַנשויאונג. אפילו זיין בת-קול איז געווען אַנדערש מיט דעם, וואָס עס האָט אים נאָר אונטערגעזאָגט ניט צו טאָן געוויסע זאַכן, אָבער עס האָט אים קיינמאָל ניט באַפוילן צו טאָן וואָס-עס-איז.

און דער חילוק שטעקט אין דעם אונטערשיד צווישן אָפּענבאַרונג און וויסן.

לויט דעם אידישן גלויבן, איז די גאַנצע תורה געקומען פון באַרג סיני דורך דעם, וואָס גאָט האָט זיך אַנטפּלעקט. פריער האָט גאָט זיך אַנטפּלעקט צו אברהמ'ען, נאָכהער צו יעקב'ן, נאָכדעם צו משה'ן. אויב ער האָט עס ניט אַלע מאָל

געטאָן אַלײן, אין דער אײגענער פּערזאָן, װי עס איז געװען דער פאַל מיט משה'ן, האָט ער עס געטאָן דורך זײנע מלאכים. דער מלאך ד' האָט זיך באַװיזן צו די נביאים, און ער באַװײזט זיך צו די צדיקים. משה האָט מקבל געװען די תורה אויף דעם באַרג סיני (גאָט האָט זיך צו אים אַנטפּלעקט) און ער האָט זי איבערגעגעבן צו יהושע, און יהושע צו די זקנים, די זקנים צו די נביאים א. אַ. װ. ביז אויף הײנטיגן טאָג.*) אַלץ איז געקו־מען פּיקס און פּאַרטיג. די מאָראַל איז אַ מצוה, אַ פאַרשריפט, אַ געבאָט, װאָס איז געקומען פון דער געטליכער השגחה, פּונקט װי אַלע אַנדערע מצוות, אײנמאָל פאַר אַלעמאָל, װאָס יעדער מוז מקים זײן, און װאָס קײנער טאָר דערפון ניט אַרונטערנע־מען און ניט צולײגן. מאָראַלישע אויפפירונג פאַר דעם אידן איז אַ געבאָט פון הימל, אַ מצוה, װאָס איז געקומען פון רוח־הקודש, פון דער אַפּענבאַרונג.

בײ סאָקראַטעס'ן זײנען דאָס אַלץ זאַכן פון מענשליכן שכל, מענשליכן פאַרשטאַנד, מענשליך װיסן און פילאָזאָפירן. ‡) אָט דאָס איז דער הויפּט־אונטערשיד: אַפּענבאַרונג אָדער פאַר־שטאַנד! בײ סאָקראַטעס'ן איז די פילאָזאָפיע, די ליבע צום װיסן, מענשליכער פאַרשטאַנד—די הויפּט־זאַך. און דאָס מוז װערן אונטערזוכט און שטודירט. פון דעם װיל דערלאַנגען, און ער האָט װירקליך דערגרײכט, די העכסטע שטופע פון מאָראַל. אין דער אידישער סיסטעם איז דאָס די נבואה, דאָס באַװײזן זיך פון גאָט, אָדער פון זײן מלאך.

אויך סאָקראַטעס גלויבט, אַז עס זענען דאָ נביאים. אין דעם גריכישן דענקען איז ער געװען דער ערשטער, װאָס האָט אײנגעפירט דעם געדאַנק פון נבואה און באַגײסטערונג. אָבער דאָס איז בײ אים אַ נידעריגערע מדרגה אײדער דאָס באַװוּס־

---

*) זע פּרקי אבות: „משה קבל תורה מסיני ומסרה ליהושע" א. אַ. װ.

‡) פּראָפעסאָר דזשאָרדזש פוט מור אין זײן גרױס װערק „דזשודאַיזם", װאָס איז דערשינען אין 1927, ברענגט אַרױס דעם געדאַנק אין פאַרשידענע צוזאַמענהאַנגען. אָבער דער געדאַנק איז ניט נײ בײ אים.

טע און באוואוסטזיניגע פילאזאפירן. די נבואה און די פאעזיע זענען ביי סאקראטעס'ן ניט קיין קלייניגקייט, אבער די נביאים און פאעטן, גלויבט ער, ווייסן ניט וואס זייריידן.

אין זיין „אפאלאגיע", פאר דעם געריכט, דערציילט סאקראטעס, ווי אזוי ער איז ארומגעגאנגען פון איינעם צום אנדערן אויסצופרובירן אים אין חכמה. אין זיינע וואנדערונגען איז ער אויך געקומען צו די פאעטן, און ער האט

„באלד דערקענט, אז דאס וואס זיי האבן
פארפאסט, האבן זיי ניט פארפאסט אויס חכמה,
נאר אויס א נאטירליכער נייגונג און א רוח הקודש,
ווי די נביאים און די זעערס (חוזים); ווארעם
אויך די דאזיגע זאגן פיינע זאכן, אבער
זיי ווייסן ניט קיינע פון די זאכן, וואס זיי זאגן".

ביי אים איז דאס וויכטיגסטע, דאס איינציג וויכטיגע—דאס וויסן, וואס קען אונטערזוכט ווערן מיט דעם מענשליכן פארשטאנד. אין דעם פונקט שטייט ער הימל הויך איבער די פילאזאפן פון אונזער אייגענער צייט, די צייט פון פסיכאלאגיע, רעאקציע און מיסטיציזם. עס איז מערקווירדיג ווי די היינטיגע פסיכאלאגן צורייסן זיך שיער און באנוצן זייער בעסטן פארשטאנד אבצולייקענען דעם מענשליכן פארשטאנד. אלערליי פארשידענע אורזאכן געפינען זיי פאר דער מענשליכער האנדלונג, אבי ניט צו לאזן קיין ארט פאר דעם מענשליכן שכל, אט דאס גרעסטע וואונדער אין דער גאנצער יצירה—דאס ווילן זיי אבלייקענען. א סך ווערן נתפעל פון דעם ווארט „אינטואיציע", עפעס ווי דאס וואלט געווען א זאך, וואס ערקלערט בעסער אונזער קענען און וויסן איידער דער מענשליכער פארשטאנד. נאטירליך, קענען מיר ערקלערן די „אינטואיציע" פונקט אזוי ווייניג ווי דעם מענשליכן פארשטאנד, מיט דעם אונטערשייד, וואס „אינטואיציע" איז בעסער צוגעפאסט צו דער היינטיגער צייט פון נעבעלהאפטיגקייט, מיסטיציזם, רעאקציע און—אומפארשטאנד. אן ענליכן צושטאנד, ווי שוין באמערקט, האט סאקראטעס אין זיין צייט שטארק באקעמפט.

אוים דעם גרונד איז סאָקראַטעס אויך אַ געגנער פון דע־מאָקראַטיע. אפילו ווען זיין אייגן לעבן איז געשטאַנען אין קאָן, האָט ער זיך אָבגעזאָגט צו טאָן עטוואָס, וואָס זאָל באַפרידיגן די סענטימענטן פון דעם המון, ווי מען קען דאָס לייכט זען אין דער „אַפּאָלאָגיע". *) ווען זיין פריינט קריטאָן קומט צו אים און וויל אים איבעררעדן צו אַנטלויפן פון תפיסה, ווייל „וואָס וועלן מענשן זאָגן וועגן זיינע פריינד", ענטפערט ער: „פאַר־וואָס קימערן מיר זיך אַזוי פיל וועגן דעם, וואָס די מייסטע מענשן דענקען?" דער המון קען טאָן רשעות? ער גלויבט דאָס ניט. הלואי וואָלט דאָס פאָלק געקענט טאָן רשעות, עס וואָלט דעמאָלט אויך געקענט טאָן גוטס... זיי טוען נאָר דאָס, וואָס עס פאַלט זיי איין.

היינט ווי אַזוי קען מען באַשטימען זאַכן לויט דער מאַ־יאָריטעט, ווען צום באַשטימען פאָדערט זיך גאָר ספּעציעל וויסן, וואָס אין די מייסטע פאַלן עס באַזיצט נאָר דער יחיד? עס איז דער יחיד, דער ספּעציאַליסט, דער וואָס האָט זיך גע־לערנט און וואָס קען די זאַך, וואָס האָט אַ רעכט צו באַשטי־מען, אָבער ניט די מאַיאָריטעט. אויב איינער איז קראַנק, פרעגט סאָקראַטעס, צו וועמען וועט ער גיין זיך היילן? וועט ער גיין צו אַ דאָקטאָר, וואָס האָט זיך געלערנט די הייל־קונסט, און וועט פאָלגען זיין עצה און זיך פירן לויט זיינע פאָרשריפטן, אָדער וועט ער טאָן וואָס אַ מאַיאָריטעט וועט באַ־שטימען? און אויב איינעם וויל זיך לערנען שפּילן אויף דער לירע, אָדער רייטן אויף אַ פערד, וועט ער דען ניט דינגען דעם, וואָס איז באַקאַנט מיט דער דאָזיגער קונסט, און טאָן דאָס, וואָס יענער הייסט אים, אַנשטאָט צו פרעגן ביי דער מאַיאָרי־טעט? און ווען עס קומט צו רעגירן דאָס לאַנד, וואָס דאָס איז אייגנטליך די גרעסטע קונסט, זאָלן מיר זיך פאַרלאָזן אויף אַ

---

*) וועגן דעם פּונקט פאַרגלייך קאָנסטאַנטין ריטטער'ס „פּלאַטאָן", ערשטער באַנד, זייט 157.

מערהייט פון שטימען, ניט קוקנדיג אויף דעם, צי די מערהייט פארשטייט עפעס פון דעם, צי ניט?

זיין שטאנדפונקט און די פאדערונג, אז די רעגירער זאלן זיין אזעלכע, וואס פארשטייען און ווייסן, ווי אזוי אבצוהיטן און צו שאנעווען דאס פאלק, דאס הייסט, די רעגירטע—האט אים שיער געקאסט דאס לעבן אין דער צייט פון די דרייסיג טיראנען, לויט ווי עס דערציילט אונז קסענאפאן, און ער האט בוכשטעבליך באצאלט מיט זיין לעבן אונטער דער הערשאפט פון דער נייער דעמאקראטיע.

מיר זעען פון דעם אלעם, אז די פראגע: וואס איז אמת? רירט אן אלע פראגן פון מענשליכן לעבן און האנדלען. ניט נאר דאס לעבן פון דעם יחיד, נאר אויך זיין לעבן אלס א מיטגליד פון דער מענשליכער געזעלשאפט.

ווי אזוי ענטפערט סאקראטעס אויף דער פראגע? אציי-דער איז שוין סאקראטעס אליין ניט גענוג. דא מוזן מיר שוין אנקומען צו זיין אומשטערבליכן „תלמיד“, פלאטאן.

# VI.

אייגנטליך איז אַלץ, וואָס איז געזאָגט געוואָרן ביז אַהער וועגן סאָקראַטעס'ן, אויך גענומען געוואָרן פון פּלאַטאָן. סאָק־ראַטעס אַליין האָט אין זיין לעבן ניט אָנגעשריבן קיין איין שורה. אַלץ וואָס מיר ווייסן פון אים קומט פון צוויי פון זיינע „תּלמידים", קסענאָפאָן און פּלאַטאָן. קסענאָפאָן איז גע־ווען אַ היסטאָריקער און אַ סאָלדאַט, דער קאָמאַנדיר פון די באַוואוסטע צען טויזנט אונטער כורש'ן. אַליין איז ער קיין גרויסער פילאָזאָף ניט געווען, ער האָט אפשר גאָרניט פאַר־שטאַנען אָבצושאַצן די וויכטיגע באַדייטונג פון זיין גרויסן לערער, אָבער ער האָט אים ליב געהאַט און פאַרעהרט, האָט ער געזוכט אים צו פאַרטיידיגן, און ער באַשרייבט זיין לעבן, און ער דערציילט פאַרשידענע אַנעקדאָטן וועגן אים. עס איז אַ גרויסע פראַגע, צי סאָקראַטעס'עס רום וואָלט געגאַנגען אַזוי ווייט און אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווען מיר וואָלטן געהאַט ניט מער ווי די מעשיות פון קסענאָפאָן. פאַראייביגט האָט אים זיין צווייטער „תּלמיד", דער געניאַלער פּלאַטאָן, וואָס האָט ניט נאָר אויפגעבויט זיין וואונדערליכע פילאָזאָפיע אויף דעם פונ־דאַמענט און לויט דער מעטאָדע פון סאָקראַטעס'עס לערע, נאָר ער האָט גלייכצייטיג געמאָלן דאָס מערקווירדיגע בילד פון זיין לערער, מיט אַזעלכע בריליאַנטע און פעסטע קאָלירן, אַז עס וועט, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט אָבבליאַקירן. „אָן פּלאַטאָן'ס שריפטן", זאָגט קאָנסטאַנטין ריטטער, „וואָלטן מיר זיך נאָר געקענט פאָרשטעלן אַ זעהר ניט דייטליך און ניט אַ גאַנץ באַזונדער אינטערעסאַנט בילד פון סאָקראַטעס'ן". לויט דעם באַרימטן עדוואַרד מייער, וועמען מיר האָבן שוין פריער דער־מאָנט, איז „פּלאַטאָן'ס באַשרייבונג פון זיין (סאָקראַטעס'עס) עקזיסטענץ און לערע, אין איין אומצושיידבאַרער איינהייט,

אפשר די גרעסטע שאפונג, וואס א מענשליכע פעדער האט ווען־עס־איז אויפגעשריבן". ערשט נאך פלאטאן, קומט קסע־נאפאן'ס באשרייבונג אונז שטארק צונוץ. גראד פון די קליי־ניגקייטן, וואס קסענאפאן דערציילט אונז פון סאקראטעס'עס לעבן, באקומען מיר דעם ריכטיגן טעם און די לעבעדיגע פאר־שטעלונג פון זיין רעאלער עקזיסטענץ. זיין גרויסקייט, ווי זי ווערט געשילדערט פון פלאטאן'ס מעכטיגער פעדער, ווערט אונז דורך דעם פארשטענדליכער. איינער באשטעטיגט דעם אנדערן. קסענאפאן איז א שיינער גזימס צו א פרעכטיגן בנין.

אלע פלאטאן'ס „דיאלאגן", אחוץ די „געזעצן", זענען געשריבן געווארן אין סאקראטעס'עס נאמען. פלאטאן אליין זעהט זיך אין ערגעץ ניט ארויס. אומעטום, כמעט אין אלע פון די אונטערהאלטונגען, איז סאקראטעס די הויפט־פיגור וואס אנטוויקעלט און דערקלערט די אידעען־לערע, און וואו עס ווערן, אגב אורחא, באריהרט אלע פראגן, וואס זענען נוגע דאס מענשליכע לעבן, צוזאמענלעבן און שטארבן, אזוי טיף, אזוי שיין און אזוי אנציענד, אז זיי זענען ביז אויף היינטיגן טאג ניט אריבערגעשטיגן געווארן און אפילו ניט דערגרייכט גע־ווארן פון קיין לעבעדיגן מענשן.

פון דעם קומען מאנכע צו דעם באשלוס, אז מען ווייס ניט ווער איז ווער: צי איז סאקראטעס פלאטאן, צי פלאטאן סאקראטעס; וואו עס הויבט זיך אן איינער, און וואו עס ענ־דיגט זיך דער צווייטער. אנדערע ווידער ווילן האבן, אז סאק־ראטעס איז געווען אן אומבאדייטנדע פערזענליכקייט, אז פלא־טאן האט אים נאר באנוצט אלס מיטל, דורך וועמעס מויל ער האט דערקלערט זיין אייגענע אומשטערבליכע פילאזאפיע.

אז פלאטאן איז געווען דער גרויסער קינסטלער און אפשר דער גרעסטער פון אלע פילאזאפן, אז ער אליין איז דער בא־שאפער פון די אומשטערבליכע „דיאלאגן" — אין דעם צוויי־פעלט קיינער ניט. דער שטרייט גייט נאר אן וועגן סאקרא־טעס'ן. פון צייט צו צייט געפינט זיך ווער־עס־איז, וואס קען ביי זיך ניט פועל'ן, אז אזא געמיינער מאן און פשוט'ער מענש

ווי סאָקראַטעס איז געווען זאָל האָבן געווען דער פּאַטער פון אַזעלכע וועלט-באַוועגנדע אידעען. אַן ענליכע מחלוקה גייט אין דער ליטעראַטור אַן וועגן שעקספּיר'ן. מאַנכע מענשן קענען ניט גלויבן, אַז שעקספּיר איז געווען שעקספּיר.

די ליטעראַטור איבער סאָקראַטעס-פּלאַטאָן איז גרויס און רייך אין איר אַרומנעם; טיף און ברייט אין אַלע איינצעל-הייטן, און עס איז לחלוטין אוממעגליך אפילו נאָר אויף ווי-פיל עס איז זיך דאָ אַריינצולאָזן אין דעם ענין. איך וועל דער-פאַר דאָ נאָר זוכן אַרויסצובריינגען איין איינציגן געדאַנק.

שוין שלייערמאַכער האָט אָנגעוויזן אויף דעם, און נאָך אים עדוואַרד מייער און אַ גאַנצע רייע אַנדערע געלערנטע, אַז די „אַפּאָלאָגיאַ", סאָקראַטעס' פאַרטיידיגונגס-רעדע, האָט פּלאַטאָן אָנגעשריבן אודאי ניט לאַנג נאָך זיין לערער'ס טויט. קיין סטענאָגראַפיע איז, נאַטירליך, צו יענער צייט ניט געווען, און עס לאָזט זיך דענקען, אַז פּלאַטאָן האָט אודאי אויסגעבע-סערט דעם סטיל. אָבער דער טאָן פון דער גאַנצער רעדע, די פאַקטן פון סאָקראַטעס'עס לעבן, וואָס ווערן דאָרט דערמאָנט און וואָס זענען באַקאַנט צו זיין ריכטיג, און הויפּטזאַכליך דער פאַקט, וואָס די רעדע איז געשריבן געוואָרן פאַר מענשן, וואָס זענען געווען אין געריכט און האָבן געהערט סאָקראַטעס'ן ריידן, לאָזט שליסן, אַז די „אַפּאָלאָגיאַ", ווי זי איז אַרויסגעקו-מען פון פּלאַטאָן'ס פעדער, האָט געמוזט זיין גאַנץ נאָענט צו דערווירקליכער רעדע, וואָס סאָקראַטעס האָט געהאַלטן. די מענשן, וואָס זענען געווען דערביי, און אויך די ריכטער און די אָנקלעגער, וואָלטן אודאי געלאָזן פון זיך הערן, ווען די שריפט וואָלט אינגאַנצן געווען דער רעזולטאַט פון פּלאַטאָן'ס קינסטלערישער פאַנטאַזיע און פילאָזאָפישן טאַלאַנט. אַחוץ דעם איז זיכער, אַז דער יראת-הכבוד, די כמעט פאַרגעטערונג פון סאָקראַטעס'ן דורך זיין „תלמיד" פּלאַטאָן און די איבעריגע נאָכפאָלגער, וואָלט ניט דערלאָזן צו שרייבן אין זיין נאָמען עטוואָס, וואָס שטייט ניט אין פולן הסכם מיט דעם אמת.

נעמט מען אָן די הנחה, און קיין אַנדערע איז ניטאָ, קען

מען לייכט באַשליסן, וואָסער חלק סאָקראַטעס האָט אין דער פּלאַטאָנישער פילאָזאָפיע, און וויפיל פּלאַטאָן האָט נאָכגע־פאָלגט זיין לערער. וואָרעם ווען מען לייענט די „אַפּאָלאָגיאָ" און מען פאַרפאָלגט פּלאַטאָן'ס אַנדערע דיאַלאָגן מיט אויפ־מערקזאַמקייט, קען מען לייכט איינזען, אַז גאָר פילע פון די וויכטיגסטע פּונקטען אין פּלאַטאָן'ס פילאָזאָפיע, וואָס זענען באַהאַנדעלט געוואָרן, איינס נאָך איינס, אין די „דיאַלאָגן" מיט אַ טיפן איינזען און אַ גוואַלדיגער קראַפט, זענען שוין אָנגערירט געוואָרן פון סאָקראַטעס'ן אין זיין פאַרטיידיגונגס־רעדע. די פראַגן פון ניט וויסן, אָדער, ריכטיגער, ווי עס איז שוין עטליכע מאָל דערמאָנט געוואָרן, פון אמת'ן וויסן; די לערע פון „השארת הנפש" און פון מאָראַל; די געדאַנקען וועגן דעמאָקראַטיע און נאָך פילע אַנדערע, וואָס דער לעזער וועט אַליין זען אין דער פאַרטיידיגונגס־רעדע, זענען שוין דאָ אין דער „אַפּאָלאָגיאָ". פון סאָקראַטעס'עס זוכן דעם באַגריף, דעם תוך פון יעדער זאַך, איז ביי פּלאַטאָן'ען אַרויסגעקומען די גרויסאַרטיגע אידעענלערע. אפילו אַזעלכע „זייטיגע" זאַכן, ווי זיין לערע פון „נבואה און משוגעת", וואָס איז שפּעטער אַרויס פון פּלאַטאָן'ס פעדער, און וואָס איז היינט באַקאַנט אַלס לאָמ־בראָזאָ'ס טעאָריע פון „גאונות און משוגעת",—אפילו אַזעלכע „זייטיגע" לערן זענען שוין דאָרט אָנגערירט. הויפּטזאַכליך איז עס אָבער די מעטאָדע סאָקראַטעס'עס, דורך שאלות און תשובות, צו געפינען דעם תמצית פון יעדער זאַך. עס איז די מעטאָדע פון דענקען, וואָס מען רופט היינט די אינדוקטיווע מעטאָדע, וואָס איז געוועזן דער גרויסער אויפטו פון סאָקראַ־טעס'ן. מיט דער מעטאָדע האָט סאָקראַטעס פאַר אַלע צייטן זיך אוועקגעשטעלט אַלס דער ערשטער וויסנשאַפטליכער דענ־קער. און דאָ הויבט זיך אָן פּלאַטאָן. פּלאַטאָן'ס דראַמאַטישער טאַלאַנט, ווי עס שיינט, איז געווען ווי אָנגעמאָסטן פאַר דער סאָקראַטעס'שער מעטאָדע: דאָס פרעגן און ענטפערן, דער צווישנגעשפּרעך.

פּונקט ווי סאָקראַטעס, הויבט פּלאַטאָן אָן זיינע גע־



פּלאַטאָן, לויט אַ סטאַטוע אין דעם וואַטיקאַן מוזעאום, רוים

שפּרעכן שטיל, רואיג, בנעימות און שפּילעוודיג. ער איז, דאַכט זיך, גאָרניט אויסן. ער נעמט דערציילן אַ מעשׂה, ווי סאָקראַטעס איז זיך צוזאַמענגעקומען מיט זיינע פריינד, און מען האָט גענומען שמועסן פון פאַרשידענע זאַכן. דער לעזער גייט זיך אָן מיט דעם סיפּור המעשׂה און ער האָט אַן הנאה. אָבער פּלוצלונג, ווי פון דער העלער הויט, נעמט דער, דאַכט זיך, גאַנץ אומשולדיגער פּלאַטאָן און גיט דעם אַזוי שטאַרק פאַרנומענעם לעזער אַ כאַפּ אויף די פליגלען פון זיין געדאַנק און ער ברענגט אים צו אַ הויך, אַז דעם אָרימען לעזער נעמט שווינדלען פאַר די אויגן, און ער ווייס ניט ווי אַזוי דאָס איז געשען. מיט פאַרוואונדערונג קוקט ער זיך אָרום, וואָס וועט דאָ ווערן? אָבער עס איז אַן סכנה. פּלאַטאָן לאָזט אים אין דער לופטן ניט הענגען. און ער וואַרפט אים אויך ניט אַרונטער, ווי עס טוט דער רויב־פויגל. געלאַסן, פּאַמעליך, מיט צערטליכקייט, ווי מען פירט אַ קינד, וואָס הויבט נאָר־וואָס אָן צו גיין, פירט ער אים צו צו דעם פונקט, וואָס ער וויל. איצט ערשט געפינט דער לעזער אויס, אַז דער אָנהויב איז גאָרניט געווען אַזוי אומשולדיג, אַז פון אָנפאַנגס אָן איז עס פּלאַטאָן'ען גאָרניט געגאַנגען וועגן דעם סיפּור המעשׂה, אַז ער האָט זיך געצילעוועט צו אַ באַשטימטן פונקט, און יעדעס וואָרט איז געווען אויסגערעכנט צוצופירן דעם לעזער צו אָט דעם פונקט.

דאָס שענסטע פון אַלעם איז, וואָס די גאַנצע סאָקראַטעס'שע מעטאָדע באַשטייט אין דעם — ניט אַרויפצוצווינגען קיינע געדאַנקען אויף קיינעם. סאָקראַטעס, און מיט אים פּלאַטאָן, האַלט, אַז די געדאַנקען זענען שוין דאָ אין אייך. איר האָט זיי געהאַט נאָך איידער איר זייט געבוירן געוואָרן. מען דאַרף נאָר וויסן, ווי אַזוי די געדאַנקען אויפצואוועקן און זיי פון אייך אַרויסצוברענגען. און אַרויסברענגען קען מען נאָר דורך געשיקטע פראַגן. ווען מען פאַרשטייט ווי אַזוי צו פרעגן, קען מען אַרויסקריגן די טיפסטע געדאַנקען פון דעם איינפאַכסטען מענשען. פּלאַטאָן לאָזט סאָקראַטעס'ן דאָס אָנרופן די

העבאמע קונסט. די העבאמע באשאפט ניט דאס קינד. דאס קינד איז שוין דא, ווען זי קומט. זי העלפט נאר צו און מאכט לייכטער די געבורט. א גוטע העבאמע קען פארלייכטערן דאס טראגן און אויך די געבורט. זי קען אויך אנמאכן א מפיל, אויב עס איז נויטיג. זאגט סאקראטעס:

„אלץ, וואס איז אמת וועגן דער קונסט פון דער העבאמע, איז אויך אמת וועגן מיין קונסט. מיינע אונטערשיידט זיך פון זייערער נאר מיט דעם, וואס זי ווערט אנגעווענדט נאר אויף מענער, און ניט אויף ווייבער, און עס העלפט נאר, ווען זייערע נשמות האלטן ביים געווינען, אבער ניט זייערע גופים. אבער די גרעסטע זאך אין מיין קונסט איז דאס, וואס עס קען אויספרובירן אויף יעדן וועג, צי דער גייסט פון דעם יונגען מאן ברענגט ארויס א מפיל, א פרעטענדער אדער אן עכט און ריכטיג קינד". (טעאטעטוס)

דער געניטער לעזער וועט דא גלייך דערקענען דעם פונדאמענט פון דער היינטיגער פסיכא-אנאליטישער טעאריע. אין אמת'ן, די גאנצע סאקראטעס'שע מעטאדע איז א פסיכא-אנאליטישע.

אין פארבינדונג מיט דער מעטאדע האט פלאטאן אויסגעארבעט די „עראינערונגס טעאריע", וואס זאגט, אז לערנען איז ניט מער ווי א פראצעס פון דערמאנען זיך זאכן, וואס די נשמה האט שוין געוואוסט פון פריער. צוזאמען מיט דעם איז אנגערירט די טעאריע פון „אסאסיאציע פון אידעען",—אט די אלע „נייע", גאנץ מאדערנע טעאריעס, וואס דער לעזער וועט געפינען אין ב „פעדאן". ס'איז אוממעגליך דא אריינצוגיין אין אלע איינצלהייטן. זאל זיין גענוג צו זאגן, אז פון דעם אלעם, וואס איז דא געזאגט געווארן, ווי מיר שיינט, איז לייכט צו קומען צום שלום, אז סאקראטעס האט באריהרט, און ער האט אנגעצייכנט אויף, די וויכטיגסטע פראגן. עס איז אויך געווען סאקראטעס, וואס האט געגעבן די מעטאדע, אבער עס איז געבליבן פאר פלאטאן'ען די אלע פראגן צו באארבעטן קינסטלעריש און צו פארטיפן און אויסברייטן פילאזאפיש. אן פלאטאן'ען וואלטן מיר אפשר ווייניג געוואוסט פון סאקראטעס; אן סאקראטעס'ן

— נאָר וואָסער זין האָט דאָס זוכן צו טרעפן אין אַזעלכע זאַכן? וואָס מיר ווייסן איז, אַז סאָקראַטעס האָט דער ערשטער גע־געבן אַ מעכטיגן שטוים אַ וועלט-באַוועגנדען געדאַנק, און פּלאַטאָן האָט מיט אַ גוואַלדיגער קראַפט דעם געדאַנק (אָדער די געדאַנקען) געטריבן צו דעם העכסטן פּונקט וואָס דער מענעשליכער גייסט האָט ווען עס איז דערגרייכט. פילאָזאָפיש, קינסטלעריש און היסטאָריש איז סאָקראַטעס-פּלאַטאָן איין איינציגע פּערזענליכקייט. און דאָך, וואָסער גרויסער מהלך איז געלעגן צווישן זיי אין אַנהויב!

# VII.

נאָענט ווי סאָקראַטעס און פלאַטאָן זענען געווען איינער צום אַנדערן גייסטיג און פילאָזאָפיש, איז יעדער פון זיי געווען דער היפוך פון דעם אַנדערן אין אַלע פרטים פון אָפשטאַמונג, פאַמיליענבאַציאונג, דערציאונג, בילדונג, מעגליכקייטן און אַלץ אַנדערע.

סאָקראַטעס, ווי מיר ווייסן, איז געקומען פון אַן אָרעמער און איינפאַכער פאַמיליע. זיין פאָטער איז געווען אַ סקולפּטאָר און זיין מוטער אַ העבאַמע. זיין בילדונג פון דערהיים אָרוים איז אודאי געווען באַגרעניצט, וואָס ער האָט אין די שפּעטערע יאָרן פאַרמערט דורך דעם אייגענעם פליים און זוכן. זיין אויסערליך אויסזען האָט אים ניט פיל געקענט העלפן צו מאַכן אַ קאַריערע, אפילו ווען ער וואָלט דאָס געוואָלט. פון דער נאַטור דער היפוך פון שיין, אַן אָרעמאַן, אָרעם געקליידט, אומגעהובלעוועט אין זיינע מאַניערן, פראָסט און פאָלקסטימליך אין זיין אומגאַנג מיט מענשן, האָט ער ניט פיל געקענט דערוואַרטן פון דער גריכישער עלעגאַנטער געזעלשאַפט פון זיין דור.

פלאַטאָן, ווידער, איז געקומען פון דעם פאַרנעמסטען גריכישן אַדעל פון זיין צייט. דערצו איז ער געווען שיין, רייך, הויכגעבילדעט, באַגאַבט, עלעגאַנט, אַריסטאָקראַטיש און מיט גרויסער קינסטלערישער פייאיגקייט. דער „געטליכער פלאַטאָן" האָט מען אים גערופן. עס איז בלי־ספק דאָס גרעסטע פאַרדינסט פון סאָקראַטעס'ן, וואָס ער איז געווען בכח צו נעמען אונטער זיינע גייסטיגע פליגל און אַזוי שטאַרק צו באַאיינפלוסן דעם גייסטיג ריזיגן פלאַטאָן.

פלאַטאָן, דער זון פון אַריסטאָן און פעריקטאָנע'ן, איז

געבוירן געוואָרן אין דעם חודש טאַהרגאַליען (מאַי־יוני) אין דעם יאָר 427 (אַנדערע זאָגן—429) פאַר דער קריסטליכער צייט־רעכענונג, און ער איז אַלט געווען 81 יאָר, ווען ער איז געשטאָרבן. פּלאַטאָן'ס געבורט פאַלט אַרום דער צייט, ווען פּעריקלעס איז געשטאָרבן און ווען סאָקראַטעס איז שוין אַלט געווען אַרום 42 יאָר.

זיין פאָטער, אַריסטאָן, פירט זיין יחוס ביז אויף די אַלטע מלכים פון אַטהען, און דורך זיי ביז צו דעם גאָט פּאָסידאָן. פון זיין מוטער'ס צד איז דער יחוס ניט ווייניגער גלאַנציג און היסטאָריש מער זיכער.

זיין מוטער, פּעריקטאָנע, איז געווען אַ שוועסטער פון כאַרמידעס, וואָס האָט געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער „אָליגאַרכישער" רעגירונג פון די 30, וואָס מען האָט גערופן „די רעגירונג פון די 30 טיראַנען". קריטיאַס, דער עלטסטער פון די 30, איז געווען אירם אַ קוזען (דאָס איז דער זעלביגער קריטיאַס, וואָס האָט געזוכט מיט אַלע מיטלען צו באַזייטיגן סאָקראַטעס'ן). דער זיידע פון דעם דאָזיגן קריטיאַס, פּלאַטאָן'ס עלטער־זיידע, וואָס זיין נאָמען איז אויך געווען קריטיאַס, האָט געפירט זיין יחוס פון סאָלאָן, דער גרויסער געזעצגעבער פון אַטטיקאַ.

אין דעם זעלביגן „סדר־היחוס" קען מען אויך געפינען דעם שליסל צו זיין דיכטערישער נייגונג און פּאָעטישן טאַלאַנט.

אַ געבענטשטער מענש! ניט אומזיסט האָט מען אים גע־רופן דער „געטליכער פּלאַטאָן".

פּלאַטאָן'ס ריכטיגער נאָמען איז אייגנטליך געווען אַרים־טאָקלעס, נאָך זיין זיידן פון דעם פאָטער'ס צד. צוליב זיין ברייטער ברוסט, האָט זיין גימנאַסטיק־לערער אים געגעבן דעם צו־נאָמען „פּלאַטאָן", און דער נאָמען איז אים פאַרבליבן ביז אויף היינטיגן טאָג. פּלאַטאָן האָט געהאַט צוויי ברידער: אַדימאַנטוס און גלאַוקאָן (זיי ווערן ביידע דערמאָנט אין „די רעפּובליק"), און איין שוועסטער, פּאָטאָנע. פון גלאַוקאָן'ען דערציילט קסענאָפאָן אין זיינע מעמאָראַבילן, אַז אין די יונגע

יאָרן איז ער געווען זייער ערגייציג צו מאַכן פאַר זיך אַ פּאָ־
ליטישע קאַריערע. אָבער סאָקראַטעס האָט אים פון דעם אָבגע־
קילט מיט דעם, וואָס אין אַן איראָנישער אונטערהאַלטונג האָט
ער אים געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אים פעלט אינגאַנצן די
נויטיגע פאָרבילדונג. עס איז אינטערעסאַנט, אַז פּלאַטאָן אַליין,
וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן פּאָעטישן טאַלאַנט, האָט אין זיינע
יונגע יאָרן, אונטער דעם איינפלוס פון סאָקראַטעס'ן, פאַר־
ברענט אַלע זיינע געשריבענע לידער, און אויף די עלטערע
יאָרן, ווידער, האָט ער זיך אָבגעזאָגט פון דער פּאָליטיק צוליב
די זעלביגע אורזאַכן, וואָס סאָקראַטעס גיט אָן אין זיין
„אַפּאָלאָגיאַ", פאַרוואָס ער האָט זיך ניט פאַרנומען מיט פּאָ־
ליטיק.

פּלאַטאָן'ס פאָטער, אַריסטאָן, ווי עס שיינט, איז גע־
שטאָרבן, ווען פּלאַטאָן איז נאָך געווען אַ קינד, און זיין מו־
טער, די אלמנה, האָט חתונה געהאַט אַ צווייטן מאָל פאַר איר
פעטער פּירילימפּאַס, ווען זי האָט געבוירן אַ זון. דער דאָ־
זיגער פּירילימפּאַס, ווי עס איז באַוואוסט פון אָנצוהערענישן
פון די קאָמישע פּאָעטן, איז געווען אַן אינטימער פריינד פון
פּעריקלעס און האָט אונטערשטיצט, און איז געווען אַ באַגייס־
טערטער אָנהענגער פון, זיין גאַנצער פּאָליטיק, ד. ה. די פּאָלי־
טיק פון דעמאָקראַטישער רעגירונג.

די עטליכע פאַקטן פון פּלאַטאָן'ס לעבן, שרייבט פּראָפ.
א. ע. טיילאָר אין זיין בוך „פּלאַטאָן, דער מאַן און זיין ווערק",
זענען זעהר וויכטיג פאַר דעם, וואָס וויל שטודירן זיין ווייטע־
רע קאַריערע. *) די אמת'ע פאַקטן פון פּלאַטאָן'ס לעבן ביז צו
זיין זעכציגסטען יאָר זענען ווייניג באַקאַנט. עס פלעגן אַרומגיין
לעגענדעס און אַנעקדאָטן וועגן אים ביי זיין לעבן און הונ־
דערטער יאָרן נאָך זיין טויט. איינע פון די לעגענדעס איז גע־
ווען, אַז פּלאַטאָן איז געבוירן געוואָרן פון אַ יונגפרוי, וואָס

---

*) Plato, The Man and His Work. By A. E. Taylor. Lincoln MacVeagh. The Dial Press, New York, 1927.

איז געװען געבענטשט פֿון דעם גאָט אַפּאָללאָן (עטװאָס ענליכעס צו דער קריסטוס-לעגענדע). נאַטירליך, האָבן די אַלע לעגענדעס קײן שום היסטאָרישן װערט, אָבער אין אײן װעג באַװײַזן זײ, װאָס אַ טײל פֿון זײַנע שילער האָבן געהאַלטן פֿון אים, און װי גרױס עס איז געװען זײַן רום הונדערטער יאָרן נאָך זײַן טױט. די לעגענדע, אַז דער טיראַן דיאָניסיאָס דער צװײטער האָט אים געלאָזט פֿאַרקױפֿן פֿאַר אַ שקלאַף און ער איז נאָכדעם אױסגעלײזט געװאָרן פֿון אַ פֿרײַנד פֿאַר אַ גרױסער סומע געלט, שײַנט אױך ניט צו האָבן קײן גרעסערן היסטאָרישן װערט.

פּלאַטאָן אַלײן האָט פֿון זיך װײניג גערעדט. אין די „דיאָלאָגן" דערמאָנט ער זיך נאָר עטליכע מאָל, אגב אורחא, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַנדערע זאַכן. צום גליק זענען פֿון פּלאַטאָן'ען געבליבן 13 בריװ. װאָס ביז פֿאַר אַ צײַט צוריק זענען די מײסטע פֿון זײ באַטראַכט געװאָרן פֿון די פּלאַטאָן-געלערטע אַלס נאָכגעמאַכטע. הײַנט, פֿאַרקערט, װערן די מײסטע באַטראַכט פֿאַר עכט, איבערהױפּט דער זיבעטער בריװ. אין דעם בריװ לאָזט אונז פּלאַטאָן טאָן אַ בליק אין זײַן לעבן פֿון דער צײַט, װאָס איז נאָר-װאָס דערמאָנט געװאָרן, און ער גיט אונז די מעגליכקײט אַרױסצוזוכן דעם אמת'ן זין פֿון די עטליכע מאָגערע פֿאַקטן. ער לאָזט אונז קלאָר זען, װי פּראָפֿעסאָר טײלאָר זאָגט, פֿון װאַנען עס איז געקומען, װאָס פּלאַטאָן, װעמעס איבערצײַגונג עס איז געװען, „אַז דאָס העכסטע פּערזענליכע גליק פֿון דעם פֿילאָזאָף קען נאָר באַשטײן אין אַ לעבן פֿון הײַטערן נאָכדענקען װעגן דעם אמת, איז צו דער זעלביגער צײַט זײַן גאַנץ לעבן געװען איבערצײַגט, אַז דער פֿילאָזאָף איז מחויב צו ברענגען דעם העכסטן קרבן און װידמען דאָס בעסטע, װאָס איז אין אים, אין דעם דינסט פֿון זײַנע מיטבירגער אַלס שטאַאַטסמאַן און געזעצגעבער, אױב עס מאַכט זיך אים אַ געלעגנהײט".

עס איז שוין דערמאָנט געוואָרן, אַז זיין ברודער גלאוקאָן האָט אין זיין יוגענד געהאַט פּאָליטישע אַמביציעס, און מען מעג מיט זיכערקייט אָננעמען, אַז ווען פּלאַטאָן האָט אַלס יונ־גערמאַן זיך געווענדט צו סאָקראַטעס'ן, איז עס געווען צוליב ענליכע פּראַקטישע פּאָליטישע צוועקן און אַמביציעס. וואָרעם פּלאַטאָן איז גאָרניט געווען אַ בעל־חלומות און אַ וויזיאָנער, ווי מאַנכע דענקען היינט, ווען זיי לייענען זיין „רעפּובליק". ער איז גיכער געווען אַ פּראַקטישער פּאָליטיקער, און ער האָט געזוכט איינצופירן זיין אידעאַל־שטאַט אין דער ווירקליכקייט, אין זיין אייגן לאַנד און צייט. ער האָט נאָר געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט. די געלעגנהייט איז צו אים געקומען, ווי ער האָט געגלויבט, אַ סך יאָרן שפּעטער.

אָבער מיר האָבן דאָ אַביסל פאַרכאַפּט אין פאָראויס. כדי צו פאַרשטיין פּלאַטאָן'ס לעבן און פילאָזאָפיע כאָטש אַ קליין ביסל, מוז מען זיין באַקאַנט, לכל־הפחות, מיט די הויפּט־געשעע־נישן פון זיין צייט. דער „גאָטליכער פּלאַטאָן", ווי מען האָט אים גערופן, האָט געלעבט אין אַ צייט, וואָס קען מיט רעכט אָנגערופן ווערן די „שטורם־און־דראַנג"־פּעריאָדע אין דער גריכישער געשיכטע פון אַלטערטום.

ווען פּלאַטאָן איז געבוירן געוואָרן, איז אַטהען געווען די ערשטע, די מעכטיגסטע, די רייכסטע און די געבילדעטסטע שטאָט אין גאַנץ גריכענלאַנד. די הויפּט אַרבעטן זענען גע־טאָן געוואָרן פון די שקלאַפן. די פּאָליטיק פון פּעריקלעס האָט פיל געהאָלפן צו באַרייכערן די שטאָט און צו פאַרבעסערן די לאַגע אויך פון די אָרעמע. ער האָט איינגעפירט אַן עקסטראַ־באַצאָלט פאַר די סאָלדאַטן און פאַר מאַנכע שטאָטישע פליכ־טען, וואָס פריער האָבן זיי געמוזט פאַרריכטן ווערן אָן באַ־צאָלט. ער האָט איינגעפירט פאָנדען, וואָס האָבן געמאַכט מעגליך, אַז די אָרעמע זאָלן קענען באַזוכן די רעליגיעזע פעסט־שפּילען אין דעם טעאַטער אומבאַצאָלט. מען קען זאָגן, אַז אין זיין צייט איז אין אַטהען ניט געווען קיין אָרימקייט. די דעמאָקראַטישע פירונג פון לאַנד האָט פיל געהאָלפן צו דער

אלגעמיינער צופרידנהייט. דער פאַקט, וואָס יעדער איינער האָט געקענט קומען צו דער פאַרזאַמלונג און אָבגעבן זיין שטימע און זאָגן אַ דעה, ווי אַזוי דאָס לאַנד זאָל ווערן גע־פירט און ווער עס זאָל פירן די מחנות אין מלחמה; וואָס יע־דער האָט געקענט זיצן אין געריכט און געבן אַ פסק־דין איבער אָרעם און רייך, גרויס און קליין; וואָס יעדער האָט געקענט מיטמאַכן די רעליגיעזע פעסטליכקייטן, פונקט ווי די רייכסטע און פאַרנעמסטע פון זיינע מיטבירגער, און צו זיצן גלייך מיט זיי און זיך אונטערהאַלטן, — דאָס האָט אין יעדן בירגער איינ־געפלאַנצט אַ געפיל פון ווירדע, שטאָלץ און פאַטריאָטיזם. דער רום און די הערליכקייט פון דער שטאָט איז געוואָרן די פּער־זענליכע אַמביציע פון יעדן איינעם. דאָס, ווידער, האָט אויך געפירט צו ווייטערער בילדונג. עס ליגט אין דער נאַטור פון דער דעמאָקראַטיע צו פאָדערן אַ געוויסן גראַד בילדונג פון אירע בירגער. די בירגער אַליין הויבן אָן צו פילן אַ נויטווענ־דיגקייט פאַר בילדונג. עטוואָס מוז מען דאָך פאַרשטיין, ווען מען וויל זיך מישן אין קהל'שע זאַכן. צו דעם קומט, ווי עס איז שוין באַמערקט געוואָרן, דער קרעפטיגער טייל פון דער באַ־פעלקערונג, וואָס זוכט צו געווינען אַ פירענדע ראָלע אַלס רעדנער און געזעצגעבער, און אויך דאָס איז אַ נאַטירליכער און זאָגאַר אַ נויטווענדיגער רעזולטאַט פון דעמאָקראַטיע. דאָס ביסל אַזוי־גערופענע בילדונג, וואָס דאָס פאָלק שאַפט זיך איין, האָט דאָך אין אמת'ן קיין שום ווערט ניט. סוף־כל־סוף קען דער דעמאָקראַטישער בירגער זיך ניט געפינען אין דעם פלאָנ־טער פון פראַגן, וואָס די דעמאָקראַטיע פאַרלאַנגט ער זאָל פאַר־ענטפערן. ער מוז אָנקומען צו אַנדערע, וואָס קענען דאָס דער־קלערן בעסער פון אים, אָדער וואָס קענען, לכל־הפּחות, מיט זייערע געשליפענע צינגלאַך אים איינריידן, אַז זיי קענען דאָס בעסער דערקלערן. דער סוף איז, אַז אין אמת'ן ווערן די אַלע פראַגן באַשלאָסן און אַנטשיידן ניט פון דעם דעמאָקראַטישן בירגער, נאָר פון זיין פירער, דעם פּאָליטיקער מיט דער שאַר־פער צונג.

דאָס האָט פאַרשאַפט דעם גרויסן ערפאָלג פון די סאָ־פיסטן, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צו לערנען די פּאָליטי־שע שטרעבער און קאַריעריסטן אויפצוטרעטן עפנטליך. צו־זאַמען מיט דעם, און אַלס רעזולטאַט פון דעם אַלעם, האָט זיך אין אַטהען פאַרשפּרייט אַ כוואַליע פון אויפקלערונג און אפיקורסות, אַן אמת׳ע השכלה־פעריאָדע, ווי מיר קענען זי פון אונזערע אייגענע צייטן. דער יונגער עולם האָט אָנגעהויבן צו צווייפלען אין דער עקזיסטענץ פון די פילע גאָטהייטן, האָט זיך גענומען פירן לויט די נייע אָנשויאונגען, צום ערגער און פאַרדרום פונם עלטערן דור, און אַ סך זענען ווירקליך אויס־געגאַנגען לתרבות רעה, ווי עס איז געוויינליך אין אַזעלכע צייטן.

ווי לאַנג די שפע איז געווען גרויס, האָבן אַלע געשוויגן און געלאָזן גיין ווי עס גייט. דער אַלטער דור האָט ניט גע־וואַגט צו עפענען דאָס מויל. אָבער ווען עס האָט מיט דער צייט אָנגעהויבן צו גיין מיט דער פּוטער אַראָב, די גרויסע שפע האָט אויפגעהערט, די שווערע נויטן פון מלחמות און נידער־לאַגעס זענען געהאַנגען איבער אַלעמענס קעפ, האָט דער פּראָ־טעסט, וואָס איז ביז איצט געווען פאַרשטיקט, זיך דורכגע־בראָכן. דער עלטערער עולם, די אָנגעזעענע און איינגעזעסענע באַלעבאַטים, די געגנער פון דעמאָקראַטיע און פון די נייע פירונגען, האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט שטאַרק פּראָ־טעסטירט. מען האָט באַשולדיגט די אפיקורסים אין אַלע מפּלות. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז פּעריקלעס אַליין, דער גרויסער פּעריקלעס, איז געשטאַנען אונטער אַ חשד פון אפיקורסות. אַזוי ווי אָבער אים אַליין האָבן די געגנער ניט געוואַגט צו שלעפּן אין געריכט, האָט מען אָנגעקלאָגט זיין מעטרעסע אספּאַסיא, צוזאַמען מיט דעם גרויסן פילאָזאָף אַנאַק־סאַגאָראַס, וואָס אונטער זיין איינפלוס איז אספּאַסיא געשטאַ־נען. נאָר מיט גרויס מי און מיט אויסנוצן זיין גאַנצע מאַכט איז עס געלונגען פּעריקלעס׳ן צו ראַטעווען זיין געליבטע. אַנאַקסאַגאָראַס, ווידער, וואָס איז געווען אַ פרעמדער, האָט

ניט געוואָרט אויף דעם יושר פון אַן אַטהענער געריכט און ער האָט זיך בײצײטענס אָבגעטראָגן. באַלד נאָכדעם האָט מען אָנגעקלאָגט דעם גרויסן סאָפיסט פּראָטאַגאָראַס, און אויך ער האָט ניט געוואַגט זיך צו שטעלן. מען האָט זײ בײדע פאַראורטײלט צום טויט אונטער די אויגן. דאָס פאַר'משפּט'ן איז אין זײער פאַל אָנגעקומען זעהר לײכט. זײ זענען בײדע געווען פרעמדע, און פרעמדע, ווי באַקאַנט, זענען דאָך אַלעמאָל אַלדאָס בײז.

אין דער מיט פון דעם גאַנצן געפילדער האָט זיך אַרומגעדרײט סאָקראַטעס, ווי אויף אַ פרעמדער חתונה, און האָט אײנגעריסן מיט אַלעמען, מיט די אַלט-מאָדישע, מיט די אפּיקורסים, מיט די טיראַנען און מיט דער דעמאָקראַטיע. אפילו מיט דעם גרויסן פילאָזאָף אַנאַקסאַגאָראַס האָט ער ניט געקענט אײנשטימען.

אַ מאָדנער מענש!

פון דער צווײטער זײט, האָט ער, ווי שוין געזאָגט, צוגעצויגן אַן אָנצאָל הויכגעבילדעטע יונגע לײט פון די אַריסטאָקראַטישע קלאַסן. צווישן זײ איז אויך געווען אַלקיביאַדעס, וואָס סאָקראַטעס האָט אים אין דער מלחמה געראַטעוועט פון טויט, קריטיאַס, וואָס איז שפּעטער געוואָרן דער הויפּט פון די דרײסיג, און כאַרמידעס, אויך פון די דרײסיג.

אַלקיביאַדעס איז געווען, מען קען זאָגן, דער בן-יחיד פון אַטהען. ווען ער איז אַלט געווען דרײ יאָר, איז זײן פאָטער קלעינאַס געפאַלן אין שלאַכט, און ער איז געבליבן אַ יונגער יתום. פּעריקלעס, אַ נאָענטער קרוב, איז דאַן געוואָרן זײן אפּוטרופּוס.

„אַ יונגער יתום, מערקווירדיג שײן, מיט אַ גרויס רײכטום פון דערהײם, וואָס איז נאָך שפּעטער שטאַרק פאַרגרעסערט געוואָרן דורך זײן הײראַט, איז ער אויסגעוואַקסן ווי אַן אמת'ער בן-יחיד. ווילד, צולאָזן, קאַפּריזנע, אויסגעלאַסן און לײדנשאַפטליך. ער איז נאָכגעגאַנגען די ווילדסטע תאוות און ער איז באַגאַנגען די גרעסטע פרעכהײטן און אומפאַרשעמט-

הייטן. זיינע ליבעס, הולטייסטוועס און באַרימערישע שטיק זענען געווען באַקאַנט ווייט און ברייט. פון זיינע פריערדיגע לערער האָט ער זיך אויסגעלערנט אַבצולאַכן ציניש פון אַלע אידעען פון רעכט און גערעכטיגקייט. ער האָט קיינעם ניט געהערט, קיינעם ניט געשאַנעוועט, און קיינער האָט אויף אים קיין איינפלוס ניט געהאַט, אפילו ניט סאָקראַטעס, וועמען ער האָט ליב געהאַט נאָכצופאָלגן".

אָבער גרוים ווי עס זענען געווען זיינע חטאים, זענען זיינע פעאיגקייטן און זיינע העלדישקייטן געווען נאָך גרעסער. ער איז דערפאַר געווען דער ליבלינג פון דעם פאָלק. אים האָט מען מוחל געווען אַלע עבירות.

אין דעם יאָר 415 פאַר אונזער צייט-רעכענונג האָט אַטהען אַרויסגעשיקט איר מעכטיגסטע פלאָטע געגן אירע שונאים. דער צוג איז געמאַכט געוואָרן, לויט אַלקיביאַדעס' עצה, דירעקט געגן סיראַקוז, אָבער אין דעם פלאַן איז געלעגן די באַקעמפונג פון ספּאַרטאַ. צוליב פּאָליטישע אינטריגעס פון זיינע שונאים, איז די הויפּט-קאָמאַנדע ניט איבערגעגעבן גע־וואָרן צו אַלקיביאַדעס'ן אַליין. צו אים זענען צוגעזעצט גע־וואָרן נאָך צוויי. אָבער, ניט קוקנדיג אויף דעם, איז אַלקיביאַ־דעס דאָך געווען דער הויפּט.

איידער די פלאָטע איז אַרויסגעשיקט געוואָרן האָט אין אַטהען פּאַסירט אַ זאַך, וואָס די אַטהענער, איבערהויפּט דער אַלטער, און, טראָץ אַלעם, שטאַרק איינפלוסרייכער דור, האָט באַטראַכט פאַר דעם גרעסטן פאַרברעכן. די סטאַטוע פון דעם גאָט הערמעס איז צוקאַליעטשעט געוואָרן. מען האָט ניט גע־וואוסט—פון וועמעס האַנט. אַזאַ נבלה!

עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ געשריי און אַ פּראָטעסט געגן די אפּיקורסים, וואָס רואינירן דאָס לאַנד און ברענגען צו אַלע אומגליקן. מען האָט געמאַכט אַ שטאַרקע אונטערזו־כונג. דער חשד איז געפאַלן אויף אַלקיביאַדעס'ן. ער איז דער־ווייל אַוועק מיט דער גרויסער פלאָטע אין דער מלחמה. אָבער מען האָט אים פאַר'משפט אונטער די אויגן. דאָ האָט אים

זיין גאַנצע באַליבטקייט ניט געהאָלפן און ער איז פאַראור־טיילט געוואָרן צום טויט בעת ער איז געווען אין פעלד.

מען האָט אים צוריקגערופן פון דער מלחמה צו פאַרנע־מען דעם טויט־אורטייל, אָבער אַנשטאָט צו שטעלן זיך צום געריכט, איז אַלקיביאַדעס'ן ליבער געווען געפעלן איבערצוגיין צו ספּאַרטאַ, אַטהענס' גרעסטער און געפערליכסטער שונא. ער האָט אָנגעוויזן ספּאַרטאַ די שוואַכע זייט פון אַטהענס' פּלאַנען, וואָס נאָר ער האָט געוואוסט, און ער האָט איינגע־בראַכט זיין אייגן לאַנד די גרעסטע מפּלה. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און די כמעט אומבאַזיגבאַרע מאַכט פון אַטהען איז געווען פאַרניכטעט, די פלאָטע פון 200 שיפן צעשמעטערט און איבער 50 טויזענד מאַן חיל האָבן געפונען זייערע קברים אויף דעם אָרט. דאָס שטאָלצע אַטהען איז איצט געלעגן ביי די פיס פון ספּאַרטאַ. לייסענדער, דער ספּאַרטיאַנער גענע־ראַל און זיגער, האָט איצט דיקטירט אַטהען. זיין ערשטער אַקט איז געווען אָבצושאַפן די דעמאָקראַטישע רעגירונג. אַנ־שטאָט איר האָט ער איינגעזעצט די „אָליגאַרכיע" פון 30, מיט קריטיאס, דער אַמאָליגער נאָכפאָלגער פון סאָקראַטעס'ן, ווי שוין געזאָגט, אָן דער שפּיץ. די פרומע באַפעלקערונג איז אודאי געווען צופרידן, וואָרעם זיי האָבן דאָך צוגעשריבן אַלע מפּלות צו דער גאָטלאָזיגקייט און דעמאָקראַטיע. אָבער די 30 האָבן ניט נאָר ניט פאַרבעסערט די לאַגע, זיי האָבן איר אַ סך פאַר־ערגערט מיט זייערע אומגעזעצליכע און פאַרברעכערישע האַנד־לונגען. אין זיין „אַפּאָלאָגיאַ" דערציילט סאָקראַטעס, און פּלאַ־טאָן ווידערהאָלט דאָס אַ סך יאָרן שפּעטער אין דעם דערמאָנטן בריוו, ווי אַזוי די טיראַנען האָבן אים געזוכט צו פאַרוויקלען אין אַ פאַרברעכן, מיט דעם, וואָס זיי האָבן אים און נאָך אַנדערע דריי באַפוילן צו גיין און ברענגען מיט געוואַלט און אומגעזעצליך איינעם פון די בירגער, וואָס זיי האָבן געוואָלט אומברענגען. דאָס וואָלט אודאי געווען געקאָסט סאָקראַטעס' לעבן, וואָרעם בעת די אַנדערע דריי זענען אַוועק אים צו ברענגען, איז ער זיך גאַנץ געלאַסן געגאַנגען אַהיים און האָט

זייערע באַפוילן ניט געהאַרכט. צום גליק איז די טיראַנישע רעגירונג געפאַלן איידער זיי האָבן אים געקענט עטוואָס טאָן, און די דעמאָקראַטישע רעגירונג איז ווידער איינגעפירט געוואָרן.

דערווייל האָט אַלקיביאַדעס חרטה געקראָגן אויף זיינע מעשים און ער איז געקומען צוריק אַהיים. זיין טאַלאַנט איז געווען אַזוי גרויס, און ער איז, נאָך אַלעמען, געווען אַזוי שטאַרק באַליבט, אַז אויך די אַטהענער האָבן חרטה געקראָגן אויף זייער פריערדיגער האַנדלונג געגן אים, און ניט נאָר האָבן זיי אים מוחל געווען דעם גרעסטן פון אַלע פאַרברעכן—דאָס איבערגעבן דעם לאַנד'ס פלאָטע צו דעם שונא—נאָר זיי האָבן אים באַלד אָנפאַרטרויט אַ נייע מחנה, און ער האָט שנעל געהאָט אַ נצחון איבער דעם שונא. אַטהען האָט זיך ווידער געשטעלט אויף די פיס, און די דעמאָקראַטיע האָט ווידער געהערשט מיט איר פולער מאַכט. אַצינד איז געקומען די צייט, ווען סאָקראַטעס האָט באַצאָלט מיט זיין לעבן פאַר קריטיקירן אָט די נייע רעגירונג.

די אָפיציעלע קלאַגע געגן סאָקראַטעס'ן איז געווען, אַז ער פאַרלייקענט די געטער און פאַרדאַרבט די יוגענד. אָבער דער אמת איז, ווי די נייע פאַרשער און איבערהויפּט קאָנסטאַנטין ריטטער באַווייזן, איז עס געווען די נייע דעמאָקראַטיע, געגן וועמען ער האָט זיך פאַרזינדיגט, וואָס האָט געפאָדערט זיין בלוט. ביי אַלעמען איז נאָך געווען פריש אין זכרון די מעשים פון דעם טיראַן קריטיאַס, דער וואָס איז אַמאָל געווען אונטער סאָקראַטעס' איינפלוס. און אַלקיביאַדעס? אים אַליין האָט מען טאַקע מוחל געווען, אָבער אַלע האָבן געוואוסט, אַז אָט דער שענסטער, בעסטער, פייאיגסטער פון אַטהענס' זין, אַלקיביאַדעס, דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער פלאָטע, וואָס איז איבערגעגאַנגען צום שונא און האָט פאַראורזאַכט דעם לאַנד די גרעסטע נידערלאַגע, געהאָלפן צושמעטערן איר מעכטיגע פלאָטע און פאַרניכטן די לעבנס פון איבער פופציג טויזנט אַטהענער,—איז אין די פריערדיגע

יאָרן געווען אונטער דעם איינפלוס פון סאָקראַטעס׳ן. אַן אַנ־
צוהערעניש פון פאַרדאַרבן די יוגענד, האָבן די אָנקלעגער פון
סאָקראַטעס׳ן געוואוסט, וועט גלייך איבערפירן די חטאים פון
אַלקיביאַדעס און די מעשים תעתועים פון קריטיאַס אויף דעם
קאָפּ פון סאָקראַטעס׳ן. די קלאַגע פון פאַרלייקענען די געטער,
ווידער, וועט ברענגען אויף זייער זייט די שטימען פון די
אַלטמאָדישע.

און זיי האָבן ריכטיג אויסגערעכנט.

## VIII.

אַט דאָס אַליץ האָט פּלאַטאָן מיטגעלעבט און דורכגע-
לעבט די ערשטע יאָרן פון זיין לעבן. ער איז שוין געווען אַ
דערוואַקסענער אינגעל, ווען עס האָט פּאַסירט די מעשה מיט
אַלקיביאַדעס'ן; ער איז אַלט געווען אַ יאָר צוואַנציג, ווען ער
איז געקומען אונטער דעם איינפלוס פון סאָקראַטעס'ן; קרי-
טיאס האָט אים געוואָלט אַריינציען אין זיין רעגירונג; און ווען
סאָקראַטעס האָט געטרונקען דעם סם, איז ער אַלט געווען אַ
יאָר 28.

מען זאָגט, פּלאַטאָן איז געווען געגן דעמאָקראַטיע. אודאי
איז ער דאָס געווען, ד. ה. ער איז געווען געגן דער דעמאָקראַ-
טישער פאָרם פון רעגירונג. אַזוי איז ער אויך געווען געגן דער
אַריסטאָקראַטישער און אודאי געגן דער אויטאָקראַטישער
פאָרם פון רעגירונג! ווי האָט ער אַנדערש געקענט זיין? פון
דער היים אַרויס איז ער געווען געוואוינט צו אַ פּאָליטישער
טעטיגקייט, וואָס איז געווען דורך און דורך דעמאָקראַטיש
און ליבעראַל. ער האָט געזען, ווי די דעמאָקראַטישע רעגירונג
איז געפאַלן צוליב דער פאַררעטערישער האַנדלונג פון דעם
ליבלינג פון דער דעמאָקראַטיע, דעם עכטן פאָלקס-העלד, אַלקי-
ביאַדעס. נאָכדעם האָט ער געזען די פאַרברעכערישע אויפפי-
רונג פון די 30 טיראַנען. און ווען יענע רעגירונג איז געקומען
צו איר סוף און עס איז ווידער איינגעפירט געוואָרן די דעמאָ-
קראַטיע, האָט ער נאָכאַמאָל געזען, וואָס זי האָט געטאָן צו
סאָקראַטעס'ן, „אויף זיינע עלטערע יאָרן. דעם מאַן, וואָס איז
מיר געווען אַזוי טייער, וואָס איך וועל זיך ניט צוריקהאַלטן
פון צו באַטראַכטן אַלס דעם הייליגסטען פון יענער צייט“.

וואָסער רעגירונג איז די בעסטע? פּלאַטאָן האָט געקענט

אַלע פֿאָרמען, און קיינע פֿון זיי האָט ניט געענטפֿערט אויף דער פֿראַגע. מען דאַרף ניט פֿאַרגעסן, אַז פֿאַר פּלאַטאָן'ען, ווי פֿאַר סאָקראַטעס'ן, איז די מאָראַל געווען די וויכטיגסטע פֿון אַלע מענשליכע פֿראַגן און פּראָבלעמען. ער האָט געזוכט דאָס אמת'ע וויסן, ווייל אָן דעם איז ניט מעגליך קיין אמת'ע מאָראַל. זי איז דערפֿאַר אויך ניט מעגליך אין אַ שטאַאַט, וואָס איז געגרינדעט אויף יסודות פֿון אומוויסן. וואָרעם וואָס איז דען אַ שטאַאַט, אויב ניט די אָרגאַניזירטע באַציאונג פֿון די מענשן צווישן זיך? די באַציאונג מוז נויטווענדיגערווייז זיין אַ מאָראַלישע באַציאונג. די מאָראַל איז באַגרינדעט אין דעם אמת'ן וויסן. דער שטאַאַט מוז דערפֿאַר ווערן רעגירט מיט און דורך אמת וויסן. פֿון דער דעמאָקראַטיע, ווי שוין דערקלערט, און ווי סאָקראַטעס האָט געגלויבט, קען מען אַזאַ וויסן ניט דערוואַרטן; פֿון דעם טיראַן—אויך ניט. ווען עס וואָלט מעגליך געווען צו מאַכן פֿון דעם הערשער אַ פֿילאָזאָף, אָן אמת'ן פֿילאָזאָף, וואָלט די פֿראַגע געווען פֿאַרענטפֿערט געוואָרן. פֿון דעם איז פּלאַטאָן געקומען צו דעם געדאַנק, אַז ענטוועדער דער הערשער מוז זיין אַ פֿילאָזאָף, אָדער דער פֿילאָזאָף—אַ הערשער.

פּלאַטאָן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט פֿאַרבונדן די פּאָליטיק מיט דער עטיק, וואָס האָט אַוועקגעשטעלט דעם פּרינציפּ, אַז מען מוז אויסבעסערן און פֿאַרענדערן די פּאָליטיק, ד. ה. די אָרגאַניזירטע באַציאונג, צווישן די מענשן, אויב מען וויל אויסבעסערן די מאָראַל, ד. ה. די מאָראַלישע באַציאונג צווישן די מענשן.

דאָס גרויסע ווערק פּלאַטאָן'ס, אפשר זיין גרעסט ווערק, „די רעפּובליק", איז געשריבן געוואָרן, פֿאַר אַלעם, צו פֿאַרענטפֿערן די פֿראַגע פֿון יושר און גערעכטיגקייט; די פֿראַגע פֿון „צדיק ורע לו" און „רשע וטוב לו" (פֿאַרוואָס עס גייט דעם רשע גוט אויף דער וועלט, און דעם צדיק שלעכט). דאָס בוך, ווי אַלע זיינע ווערק, איז געשריבן אין דעם אמת פּלאַטאָנישן —ד. ה. סאָקראַטעס'שן—נוסח. אין דעם הויז פֿון אַ פֿריינד קומען זיך צוזאַמען עטליכע מענשן, סאָקראַטעס צווישן זיי,

און מען הויבט אָן צו שמועסן פון אַלעם אין דער וועלט, ביז מען קומט אַרויף אויף דער שאלה, צי עס לוינט זיך צו זיין גערעכט און יושר'דיג, היות ווי מיר זעען, אַז גראַד די, וואָס האַנדלען על־פי יושר, ווערן ניט באַלוינט לויט זייערע מעשים; אַז דאָס זענען גראַד די מענשן, וואָס מוזן פאַרטראָגן אָרעמ־קייט, אַמאָל אויך דחקות און חרפות, ווערהרענד די, וואָס זע־נען אומעהרליך, אומ'ברחמנות'דיג, אָן יושר, אָן גאָט אין האַר־צען, זענען גראַד די, וואָס ניט נאָר זיי זענען רייך, נאָר זיי קריגן נאָך כבוד און גדולה פון זייערע מיט־מענשן. הייִנט, אויב דאָס איז אַזוי, צו וואָס זיין מאָראַליש, אָדער עהרליך, אָדער יושר'דיג? אָט די שווערע פראַגן נעמט זיך סאָקראַטעס, דאָס הייסט, פּלאַטאָן אונטער צו ענטפערן. און ווען פּלאַטאָן גייט ענטפערן פראַגן, שטעלט ער ניט אַוועק עפּעס אַ ליימע־נעם גולם, וואָס פרעגט נאַרישע קשיות, וואָס מען קען לייכט פאַרענטפערן. ניין! ער זוכט זיך ניט אַרויסצודרייען. ער שטעלט געוויינליך אַנטקעגן סאָקראַטעס'ן אַ גרויסן סאָפיסט, אַ מענש מיט גרויסן וויסן, און נאָך גרעסערער באַרעדעוודיגקייט, און די פראַגן ווערן געשטעלט אַזוי שאַרף, מיט אַזאַ קראַפט און אימ־פעט, ווי נאָר פּלאַטאָן קען דאָס, און דעמאָלט ערשט קומט סאָקראַטעס מיט דעם גאַנצן שווערן געוויכט פון זיין לאָגיק און פילאָזאָפיע, און לאָזט דאָס אַרונטער אויף דעם קאָפּ פון זיין געגנער מיט אַ טראַסק.

צו ענטפערן אויף דער אייביגער פראַגע נעמט זיך סאָק־ראַטעס, דאָס הייסט, פּלאַטאָן, אונטער צו ענטפערן פריער אויף די פראַגן, וואָס איז גוט, וואָס איז יושר, וואָס איז מאָראַל, וואָס איז וויסן, וואָס איז אַלץ אַנדערע, ביז ער מאַכט אַ סך־הכל פון זיין גאַנצער מעכטיגער פילאָזאָפיע פון דער אידעען־לערע. דאָס איז די לערע, וואָס וויל האָבן, אַז די אמת'ע עק־זיסטענץ דאַרף מען זוכן ניט אין די זאַכן, נאָר אין די באַגריפן פון די זאַכן. אין דער זיכטבאַרער וועלט, די וועלט וואָס מיר זעען, מוז מען זוכן די אומזיכטבאַרע וועלט, די וועלט וואָס איז פון אונז פאַרהוילן, ווייל נאָר דאָרט ליגט די ווירקליכקייט.

טועדיג דאָס, בויט ער דערווייל אויף זיין נייעם שטאַאַט, וואו אַלע מענשליכע שייכות ווערן באַהאַנדלעט און דערקלערט.

דאָס אַלץ האָט פּלאַטאָן, ווי ער דערציילט אונז אין זיין זיבעטן בריוו, געטאָן ערשט שפּעטער. באַלד נאָך דעם טויט פון סאָקראַטעס׳ן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון דער פּאָליטיק, ווייל עס האָט אים געעקעלט פאַר דער גאַנצער פּאָליטיק. ער האָט געמאַכט עטליכע רייזעס קיין סיציליען, קיין איטאַליען און עגיפּטען, ער האָט געשריבן עטליכע פון זיינע אומשטערב־ליכע דיאַלאָגן , און ער האָט געגרינדעט די באַרימטע אַקאַדע־מיע, וואו ער האָט געלערנט די וויסנשאַפטען, וואָס זענען צו יענער צייט באַשטאַנען פון פילאָזאָפיע, געאָמעטריע, גראַמאַ־טיק און לאָגיק. ערשט ווען ער איז אַלט געוואָרן 60 יאָר, האָט ער זיך ווידער גענומען מישן אין דער פּאָליטיק. דעמאָלט האָט זיך אים געמאַכט די געלעגנהייט, ווי אים האָט זיך געדוכט, דורכצופירן זיינע אידעען אין לעבן, דורך דיאָניסיאָס דעם צווייטן, דער הערשער פון סיראַקוז. די מעשה איז געווען אַזוי: דיאָן, דער שוואָגער פון דיאָניסיאָס, איז אין די יונגע יאָרן גע־ווען אַ תלמיד פון פּלאַטאָן. דיאָן האָט אויסגעאיבט אַ שטאַרקען איינפלוס אויף דיאָניסיאָס׳ן, און ווען דער לעצטער איז געוואָרן דער הערשער, האָט ער ביי אים אויסגעפירט, ער זאָל איינ־לאַדן פּלאַטאָן׳ען אין הויף אַלס לערער פון פילאָזאָפיע. דער־נאָך האָט ער גע׳פּועל׳ט ביי פּלאַטאָן׳ען ער זאָל אָננעמען די איינלאַדונג. פּלאַטאָן האָט זיך געלאָזן איבעררײדן, ווייל ער האָט געהאָפט דאָ צו האָבן די געווינשטע געלעגנהייט אויסצו־פירן זיין פּלאַן, און צו מאַכן פון אַן איינפאַכן הערשער אַ פי־לאָזאָף־הערשער.

אַז דיאָניסיאָס איז ניט געוואָרן דער הערשער־פילאָזאָף, האָט פּלאַטאָן שנעל אויסגעפונען. ער איז גיכער געוואָרן אַ טיראַן, און ער האָט פאַרטריבן זיין שוואָגער דיאָן און האָט געצוואונגען דיאָן׳ס פרוי חתונה צו האָבן מיט אַן אַנדערן. עס זענען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז ער האָט פּלאַטאָן׳ען אויך שלעכט באַהאַנדעלט, אָבער פּלאַטאָן לייקענט דאָס אָב, חגם

ער האָט געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג, און ער איז געווען צו־פרידן, ווען ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון סיראַקוז. ער איז פונדעסטוועגן נאָך צוויי מאָל געפאָרן קיין סיראַקוז, אָבער עס איז אַלץ גאָרניט אַרויסגעקומען. שפּעטער האָט דיאָן צוזאַמענגעשטעלט אַ מחנה און האָט פאַרטריבן דיאָניסיאָס'ן, און דאָ האָט שוין פּלאַטאָן געהאָפט צו האָבן דערגרייכט זיין ציעל, ווייל דיאָן איז געווען אַן אמת'ער און אויפריכטיגער נאָכפאָלגער פון פּלאַטאָן'ען, אָבער דיאָן איז באַלד נאָכדעם דערמאָרדעט געוואָרן, און פון פּלאַטאָן'ס פילאָזאָף־קעניג איז ווידער גאָרניט געוואָרן.

נאָך דער דערמאָרדונג פון דיאָן האָט זיך פּלאַטאָן צוריקגעצויגן פון דער פּאָליטיק, אויסער וואָס ער האָט נאָך געשריבן צוויי בריוו, דעם זיבעטן און דעם אַכטן, צו דיאָן'ס פריינד.

---

די איינלייטונג האָט זיך פאַרצויגן איבער אַלע גרעניצן, און עס איז נאָך ניט קיין אָנהויב. דער לעזער דערוואַרטעט נאָך אפשר אַצינד אַ פולשטענדיגע און סיסטעמאַטישע דערקלערונג פון פּלאַטאָן'ס פילאָזאָפישער סיסטעם. דאָס וועל איך זיך ניט אונטערנעמען צו טאָן, צוליב די פאָלגענדע טעמים:

עס איז מיין פערזענליכע דערפאַרונג, אַז פילאָזאָפיע דאַרף מען לערנען פון די פילאָזאָפן אַליין, און ערשט נאָכדעם הערן וואָס די מפורשים האָבן צו זאָגן. ווי שווער דער אָדער יענער פילאָזאָף זאָל ניט זיין, איז אים נאָך אַלץ לייכטער צו פאַרשטיין איידער זיין מפורש. פּאָפּולאַריזירן פילאָזאָפיע איז אַן אוממעגליכע זאַך. מיר שיינט, עס זענען די פּאָפּולאַריזאַטאָרם, וועמען די פילאָזאָפיע האָט צו פאַרדאַנקען איר „שלעכטען" נאָמען.

דאָס איז נאָך מער אמת וועגן פּלאַטאָן'ס פילאָזאָפיע. פּלאַטאָן אַליין, וואָס האָט געקענט שרייבן בעסער איידער אַלע מפורשים, האָט זיך אָבגעזאָגט צו שרייבן וועגן זיין פילאָזאָפיע, און ער האָט אויף אייביג פאַרזאָגט אַלע אַנדערע

דאָס צו טאָן. אין דעם דערמאָנטן זיבעטן בריוו (דער בריוו פאַרנעמט עפּעס אַ 60 געדרוקטע זײטן) שרײבט ער:

„איבער אַלע שריפטשטעלער װעגן דעם (זײן פילאָזאָפיע—י. מ.), איבער די איצטיקע װי איבער די צוקונפטיקע, װאָס פאַרזיכערן, אַז זײ װײסן עפּעס װעגן די הױפּט־מאַטעריען פון מײן שטודיום—סײ פון מײן אײגן מויל, אָדער פון אַן אַנדערענ׳ס, אָדער דורך אײגענע אױספינדונג,— דאַרף איך אױסדריקן דעם זאַץ: יענע שרײבער, לכל־הפחות לױט מײן פילאָזאָפישן אני מאמין, פאַרשטײען גאָרניט פון דער פילאָזאָפיע. עס איז דאָך צומאָל פון מיר ניטאָ קײן שריפט איבער יענע מאַטעריען, און עס װעט אױך ניט זײן. װאָרעם װעגן דעם, װי איבער אַנדערע לער־געגנשטאַנדן, דאַרף מען זיך גאָרניט אױסדריקן אין שפּראַכליכע שול אױסדרוקן, נאָר גראַד אױס באַשטענדיקע צװישן־געשפּרעכן װעגן דעם געגנשטאַנד, און אױס אײניקן צוזאַמענלעבן שפּרינגט פּלוצלונג אַרױס יענע אידעע אין דער נשמה, װי פון אַ פײער־פונק דאָס אָנגעצונדענע ליכט, און ברעכט זיך דאַן אַלײן דורך אַ װײטערן װעג“.*)

צוליב דעם האָט ער געגרינדעט זײן באַרימטע אַקאַדעמיע, װאו זײן פילאָזאָפיע איז איבערגעגעבן געװאָרן אין לעבעדיקן שפּראַכליכן פאַרקער מיט זײנע תלמידים, אָפט אפילו אָן געשריבענע נאָטיצן, אַ מין „תורה שבעל פה“, װי אַריסטאָטעלעס רופט דאָס.

קײנער פון די הײנטיקע פלאַטאָן געלערטע און פילאָזאָפן שרײבן ניט פון פלאַטאָנ׳ס פילאָזאָפישער סיסטעמע, װײל אַזאַ סיסטעמע איז ניטאָ. װאָס זײ טוען איז—נאָכצוגײן, צוזאַמען מיט דעם לעזער, די „דיאַלאָגן“, אײנס נאָך אײנס, לױט דעם סדר, אין װעלכן זײ דענקען די „דיאַלאָגן“ זענען געװאָרן געשריבן. און, דערקלערענדיק דעם אינהאַלט פון די „דיאַלאָגן“, שפּרינגט דאַן פּלוצלונג אַרױס אין דער נשמה די אידעע פון פלאַטאָנ׳ס פילאָזאָפיע און זײן גרױסקײט, װי דאָס אָנגעצונדענע ליכט פון דעם פײער־פונק.

---

*) איבערזעצט פון אַ דײטשער איבערזעצונג.

אין אַ גאַנץ קליינעם פאָרמאַט האָב איך דאָ געטאָן דאָס זעלביגע. אַ שטיקל באַגריף פון דער אידעע-לערע, האָף איך, וועט דער לעזער קריגן פון דעם, וואָס איז ביז אַהער געזאָגט געוואָרן. נאָך מער וועט דער אויפמערקזאַמער לעזער געפינען אין דעם פעדאָן, וואו סאָקראַטעס דערקלערט, פאַרוואָס ער האָט זיך אָבגעווענדט פון אַנאַקסאַגאראַס; פון זיין עראינע-רונגס-לערע און אויך פון דעם געדאַנק, אַז דער טויט קומט פון לעבן און דאָס לעבן פון טויט. אָט דאָס לעצטע וועט אודאי קלינגען גאַנץ אומבאַגרייפליך, היפּאָטיזאַכליך פאַר אונזערע לעזער. מען דאַרף זיך אָבער נאָר דערמאָנען אָן דעם זאַץ פון דער מאָדערנער וויסנשאַפט וועגן דער אומצעשטערבאַרקייט פון דער מאַטעריע, מען זאָל איינזען, אַז די באַהויפּטונג איז גאָרניט געווען אַזוי אומבאַגרינדעט פאַר 23 הונדערט יאָר צוריק.

איך קען ניט בעסער טאָן, אַזוי שיינט מיר, ווי ענדיגן די קורצע אָבהאַנדלונג מיינע מיט די ווערטער, מיט וועלכע קאָנסטאַנטין ריטטער פאַרענדיגט זיין גרויס צוויי-באַנדיג ווערק וועגן פּלאַטאָן:

„אַ פילאָזאָף, וואָס קיין אַנדערן ווי ער קען איך ניט; אַ קינסטלער פון ערשטן ראַנג; אַ מענש, פון פילע געליבט און באַוואונדערט, פון די שפּעטערע פּלאַטאָניקער פאַרעהרט אַלס הייליגער; גאָט-באַגנעדיגט ווי נאָר וויניגע זענען, אומפאַרגעס-ליך פאַר אַלע צייטן, און פון גייסטיגע ווירקונגען, וואָס זענען פאַר אומצעליגע געווען אַ ברכה און וועלן דאָס זיין ביז אין דער שפּעטסטער צוקונפט“.

יעקב מילך

ברוקלין, נאָוועמבער 1928.

ביבליאָגראַפיע:

**Praeludien;** דאָס קאַפּיטעל **Uber Socrates.** Wilhelm Windelband, Thoringen, 1907.

**"Wirtschaft und Philosophie".** Abr. Eleutheropules, Berlin, 1900.

**Platon, The Man and His Work.** Prof. A. E. Taylor, New York, 1927.

**Platon:** Constantin Ritter, Muenchen, 1923.

**Platos Ideenlehre.** Paul Natorp, Leipzig, 1903.

**Plutarch's Lives** קאַפּיטלען—דיאָניסיאָס און דיאָן:

**Encyclopedia Britannica:**
די אָפּהאַנדלונגען איבער פּעריקלעס און אַלקיביאַדעס:

**George Foot Moore:** Judaism
Harvard University Press, Cambridge, 1927.

ווי אזוי איר, מענער פון אטהען, זענט געוואָרן באַריהרט פון מיינע אַנקלעגער, ווייס איך ניט; אַבער איך, פון מיין זייט, האָב כמעט פאַרגעסן ווער איך אַליין בין, אַזוי איבער־צייגנדיג האָבן זיי גערעדט; און דאָך איז כמעט ניט דאָ איין אמת וואָרט אין וואָס זיי האָבן געזאָגט. אַבער צומייסטן בין איך געוועזן דערשטוינט פון איינעם פון די אַלע שקרים, וואָס זיי האָבן געזאָגט — ווען זיי האָבן געזאָגט, אַז איר זאָלט זיך היטן ניט צו ווערן פאַרפירט פון מיר, ווייל איך בין אַ געשיקטער רעדנער. וואָרעם איך האָב דאָס באַטראַכט פאַר דער גרעסטער אומפאַרשעמטקייט אין זייער גאַנצער אויפ־פירונג, ניט צו שעמען זיך, ווען זיי וועלן אויפ׳ן שטעל פאַר׳־משפט ווערן פון מיר מיט פאַקטישע ראיות, ווען איך וועל זיך אַרויסצייגן צו זיין גאָר ניט קיין געשיקטער רעדנער, סיידן, זיי רופן אַ געשיקטן רעדנער דעם וואָס רעט דעם אמת. אויב דאָס איז וואָס זיי מיינען, וועל איך מסכים זיין, אַז איך בין אַן אָראַטאָר, אַבער ניט אויף זייער שטייגער.

נו, זיי, ווי איך זאָג, האָבן געזאָגט זייער ווייניג, אָדער גאָר ניט, וואָס איז אמת; פון מיר אַבער וועט איר ניט הערן קיין אַנדער זאַך אַ חוץ דעם אמת. ניט אַבער, מענער פון אַטהען, רעדעס וואָס זענען פיין אויסגעצירקלט מיט ווערטער און פראַזן, אַזוי ווי זייערע זענען; אויך ניט שיין אַראַנזשירט; אַבער איר וועט הערן זאַכן, געזאָגט ווי פון דער האַנט, מיט די ווערטער וואָס קומען מיר אויפ׳ן זין אין דעם מאָמענט. וואָרעם איך גלויב, אַז דאָס וואָס איך זאָג איז גערעכט; און זאָל קיינער פון אייך ניט דערוואַרטן עטוואָס אַנדערש. וואָרעם עס וואָלט זיכער זיך ניט געפאַסט פאַר איינעם אין מיין עלטער צו קומען פאַר אייך ווי אַ יונגערמאַנטשיק מיט צוגעגרייטע רעדעס. און, מענער פון אַטהען, איך האָב צו אייך אַ גרויסע

בקשה: אויב איר הערט מיך פירן מיין פאַרטיידיגונג מיט דיזעלביגע ווערטער, וואָס איך בין געוואוינט געוואָרן צו גע־ברויכן אויף דעם מאַרק, און אַרום די חלפנים טישלעך, וואו אַ סך פון אייך האָבן מיך געהערט, און אַנדערשוואו, זאָלט איר זיך ניט וואונדערן, און ניט אָנמאַכן קיין שטערונג צוליב דעם. ווײַרעם די זאַך איז אַזוי: עס איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך שטיי פאַר אַ געריכט, הגם איך בין שוין זיבעציג יאָר אַלט, און מיר איז דערפאַר אין גאַנצן פרעמד דער אופן ווי עס ווערט דאָ גערעט. און פונקט אַזוי ווי איר וואָלט מיר בלי ספק מוחל געווען ווען איך וואָלט אויף אַן אמת געווען אַ פרעמדער, און איך וואָלט געווען גערעט אין דעם דיאַלעקט און אויף דעם אופן ווי איך בין אויפגעצויגן געוואָרן, אַזוי אַצינדער שטעל איך צו אייך דעם פאַרלאַנג — אַ גערעכטער פאַרלאַנג, ווי מיר דוכט, אַז איר זאָלט זיך ניט אומקוקן אויף דעם אופן פון מיין ריידן — וואָס קען אפשר זיין ערגער און אפשר בעסער — און איר זאָלט באַטראַכטן און זיין אויפ־מערקזאַם בלויז צו דעם, אויב דאָס וואָס איך זאָג איז גערעכט אָדער ניט. ווײַרעם דאָס איז וואָס עס פּאַסט זיך פאַר אַ ריכטער, און פאַר דעם רעדנער פּאַסט — צו ריידן דעם אמת.

קודם כל איז רעכט פאַר מיר, איך זאָל זיך פאַרטיידיגן אַנטקעגן די ערשטע פאַלשע אָנקלאַגן, וואָס מען האָט געמאַכט אויף מיר, און די ערשטע קלעגער, און נאָכדעם קעגן די שפּעטערע אָנקלאַגן און די שפּעטערע קלעגער. ווײַרעם פילע באַשולדיגער זענען אויפגעשטאַנען קעגן מיר פאַר אייך, וואָס האָבן גערעט פאַר אַ לאַנגע צייט, שוין אַ סך יאָרן, און האָבן ניט געזאָגט קיין אמת וואָרט. און פאַר די דאָזיגע האָב איך מער מורא איידער פאַר אַניטאָס און זיין חברותא, הגם אויך זיי זענען געפערליך; אָבער מער געפערליך זענען יענע אַנדערע, רבותי, וואָס האָבן געוואוינען אייער צוטרויען, ווייל זיי האָבן זיך גענומען צו אייך ווען איר זענט נאָך געווען קינדער, און האָבן מיך באַשולדיגט אין אַ שמץ פון אמת, זאָגנדיג: „אַן איז עפּעס אַ סאָקראַטעס, אַ חכם, איינער וואָס

גריבלט זיך וועגן די זאכן אויף דעם הימל, און וואס האט אויס־
געפארשט די זאכן אונטער דער ערד, און וואס מאכט פון די
פאלשע מיינונג די אמת׳ע.״ אט יענע, מענער פון אטהען,
וואס האבן פארשפרייט דעם סלוך, זענען מיינע געפערליכע
שונאים. ווארעם די וואס הערן זיי דענקען, אז מענטשן וואס
אונטערזוכן די דאזיגע זאכן גלויבן אפילו ניט אין די געטער.
א חוץ דעם, יענע קלעגער זענען פיל, און זיי האבן געמאכט
זייער באשולדיגונג פאר א לאנגער צייט, און, נאך מער, זיי
האבן גערעט צו אייך אין אן עלטער, ווען איר זענט געווען
לייכט גלויביג (א טייל פון אייך אין אייער יוגנט, די מייסטע
פון אייך אין אייער קינדהייט), און די ספראווע וואס זיי
האבן געפירט איז אנגעגאנגען אונטער די אויגן, ווייל קיינער
איז ניט דערשינען צו פארטיידיגן. אבער דאס ערגסטע פון
אלעם איז, וואס עס איז אפילו ניט מעגליך צו וויסן, און
אנצורופן זיי ביים נאמען, אויסער ווען איינער איז גראד א
קאמעדיען־שרייבער *), און אלע יענע וואס האבן אייך איבער־
גערעדט מיט רייד פון קנאה און רכילות — און א טייל האבן
איבערגערט אנדערע ווי מען האט זיי אליין איבערגערעדט —
מיט אלע יענע איז זייער שווער זיך אן עצה צו טאן; ווארעם
עס איז דאך אפילו ניט מעגליך צו רופן איינעם פון זיי דא
אהער, און אים שטעלן צום פארהער, און איך בין געצוואונגען
אין מיין פארטיידיגונג לחלוטין זיך צו שלאגן מיט שאטנס,
און צו פארהערן ווען קיינער ענטפערט ניט. זייט זשע אזוי
גוט צו האלטן אין זינען, ווי איך זאג, אז מיינע אנקלעגער
באשטייען פון צוויי קלאסן — איינע איז די וואס האבן נאר
וואס געבראכט זייערע קלאגן; און די צווייטע איז יענע
וואס ווי איך האב נאר וואס געזאגט, האבן זיי געבראכט
מיט א לאנגער צייט צוריק. און געדענקט, אז איך מוז זיך
פריער פארטיידיגן קעגן די לעצטע, ווארעם איר האט דאך זיי

*) ער האט דא אין זין אריסטאפאנעס און אנדערע, וואס האבן געשריבן קאמעדיעס, וואו זיי האבן הוזק געמאכט פון סאקראטעס׳ן.

געהערט מאַכן די קלאַגעס צו ערשט, און מיט מער קראַפט אײדער די וואָס זענען געמאַכט געוואָרן שפּעטער. הכלל, מענער פון אַטהען, איך מוז זיך פאַרטײדיגן, און איך מוז זיך סטאַרען אַפּצושאַפן אין אַזאַ קורצער צײט דעם פאָראורטײל, וואָס איז בײ אײך אָנגענומען שוין אַזאַ לאַנגע צײט. נו, איך ווינש דאָס זאָל זיך אַזוי אויסלאָזן, אויב דאָס איז בעסער פאַר אײך און פאַר מיר, און אַז איך זאָל פועל זײן בײ אײך מיט מײן פאַרטײדיגונג; אָבער איך דענק, אַז דאָס איז שווער, און איך בין ווענן דעם גאָרניט געגאַרט. אָבער ווי עס איז, זאָל זײן מיט גאָט'ס ווילן. דאָס געזעץ מוז מען פאָלגן, און איך מוז מיך פאַרטײדיגן.

אַצינדער, לאָמיר פון אָנהויב אויפנעמען די פראַגע, וואָס איז די דאָזיגע באַשולדיגונג, וואָס פון איר איז אַרויסגעקומען דער פאַלשער פאָראורטײל, אויף וואָס מעליטאָס האָט זיך פאַרלאָזן, ווען ער האָט געמאַכט דעם פּראָצעס קעגן מיר? וואָס האָבן געזאָגט די מענטשן, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם פאָראורטײל, כדי אים אַרויסצורופן? איך מוז, אַזוי צו זאָגן, פאָרלײענען זײער געשוואָרענע קלאַגע־שריפט, אַזוי ווי זײ וואָלטן געווען אָנקלעגער: סאָקראַטעס איז אַ פאַרברעכער, און ער באַלעסטיגט אַלעמען; ער פאָרשט אויס די זאַכן אונטער דער ערד און אויף דעם הימל, און ער מאַכט פאַלשע מײנונגען זאָלן אויסזען אמת'ע, און ער לערנט אַנדערע די־זעלביגע זאַכן. דאָס איז אומגעפער וואָס עס איז. וואָרעם איר אַלײן האָט געזען די זאַכן אין דער קאָמעדיע פון אַריסטאָ־פאַנעס.*) עפּעס אַ סאָקראַטעס ווערט דאָרט אַרומגעטראָגן, און ער דערקלערט, אַז ער גײט אַרום אויף לופט, און ער רעדט דאָרט אַ רעכט ביסל אַנדערע שטותים, ווענן וועלכע איך ווײס גאָרניט, פיל צי ווייניג. און איך זאָג דאָס, ניט פוגע בכבוד צו זײן אָן דעם דאָזיגן ווסן, אויב אײנער פאָרשטײט

---

*) אַריסטאָפאַנעס האָט געשריבן אַ קאָמעדיע, „די וואָלקנס“, וואו סאָקראַטעס איז דער הויפּט־העלד.

זיך אויף אַזעלכע ענינים (הלואי זאָל איך זיך קיינמאָל ניט דאַרפֿן פאַרענטפערן קעגן מעליטאָס'ן אויף אַזאַ גרויסן פאַר־ברעכן ווי דער!), — אָבער, איך, מענער פון אַטהען, האָב גאָר ניט צו טאָן מיט די דאָזיגע זאַכן. און אַלס עדות ברענג איך די מייסטע פון אייך, און איך בעט אייך איר זאָלט דערציילן איינער דעם אַנדערן, און זאָלט זאָגן אַלע די פון אייך וואָס האָבן מיך ווען עס איז געהערט אין מיינע געשפרעכן — און אַזעלכע זיינען דאָ אַ סך צווישן אייך — אַדרבה, זאָגט איינער דעם אַנדערן, אויב ווער עס איז האָט ווען עס איז מיך געהערט ריידן, פיל צי ווייניג, וועגן אַזעלכע ענינים. און פון דעם וועט איר באַגרייפן, אַז דאָסזעלביגע איז אויך מיט די אַנדערע זאַכן, וואָס דער המון זאָגט וועגן מיר.

און אין אמת'ן זענען קיין איינציגע פון די זאַכן ניט אמת, און אויב איר האָט געהערט פון וועמען עס איז, אַז איך נעם זיך אונטער צו לערנען מענטשן, און אַז איך מאָך געלט פון דעם, איז אויך דאָס ניט אמת. הגם אויך דאָס שיינט מיר צו זיין אַ פיינע זאַך, אויב איינער קען זיין פייאיג צו לערנען מענטשן, אַזוי ווי גאָרגיאָס דער לעאָנטיאַנער, און פּראָדיקאָס פון קעאָס, און היפּפּיאָס פון עלים זענען. וואָרעם יעדער איינער פון די דאָזיגע מענער, רבותי, קען גיין אין וואָסער עס איז שטאָט און איבעררעדן די יונגע לייט, וואָס קענען זיך צונויפקומען מיט וועמען נאָר זיי ווילן פון זייער אייגענער שטאָט אומזיסט, אויפצוגעבן דאָס צונויפקומען מיט די דאָזיגע מענטשן און זיך צוזאַמענקומען מיט זיי, און באַצאָלן געלט און נאָך צו זיין דאַנקבאַר אַ חוץ.

און דאָ איז אויך דאָ אַן אַנדער חכם, אַ פּאַריאַנער, וואָס איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער איז אין שטאָט; וואָרעם איך האָב גראַד געטראָפן אַ מאַן, וואָס האָט אויסגעגעבן מער אויף די סאָפיסטן איידער אַלע אַנדערע, קאַליאַס, דער זון פון היפּפּאָניקאָס; האָב איך אים געפרעגט — וואָרעם ער האָט צוויי זין — „קאַליאַס," זאָג איך, „ווען דיינע צוויי זין וואָלטן געווען צוויי זשערעבטשיקעס, אָדער צוויי קעלבלעך,

וואלטן מיר געקענט קריגן און דינגען פאר זיי אן אויפזועהער, וואס וואלט זיי געמאכט אויסגעצייכנט אין דעם מין אויס־געצייכנטקייט וואס איז פאר זיי אנגעמאסטן, און ער וואלט געווען א בארייטער פון פערד, אדער אן ערד ארבעטער; אבער אצינד, אזוי ווי זיי זענען מענטשלאכע באשעפענישן, וועמען האסטו דא בדעה צו קריגן פאר זייער אויפזועהער? ווער איז א בקי אין דער אויסגעצייכנטקייט פון א מענטש און א בירגער? ווארעם איך דענק, אז דו האסט דאך געמוזט טראכטן וועגן דעם, דו האסט דאך זין. איז דא אזא איינער," זאג איך, „אדער ניט?" „זיכער איז דא," מאכט ער. „ווער?" זאג איך, „און פון וואנען, און וויפיל רעכנט ער שכר לימוד?" „עווענוס", סאקראטעס, „דער פאריאנער," זאגט ער, „פינף מינאס". און איך האב באטראכט עווענוס'ן פאר א גליקליכן מענטש, אויב ער באזיצט אויף אן אמת די קונסט, און לערנט פאר אזוי ווייניג. איך, איך וואלט זיך געהאלטן גרויס און וואלט געבלאזן פון זיך, ווען איך וואלט פארשטאנען די זאכן; אבער איך פארשטיי גארניט פון דעם, מענער פון אטהען. איינער קען אפשר אבענטפערן: „אבער, סאקראטעס, וואס איז דער מער מיט דיר? פון וואנען האבן זיך גענומען די פאראורטיילן קעגן דיר? ווארעם עס איז דאך זיכער, אז דער סלוך און די גערייד וואלטן ניט אויפגעקומען ווען דו וואלסט גארניט געטאן אוים דעם וועג מער איידער די איבריגע; סיידן דו האסט געטאן עפעס אנדערש איידער די מייסטע מענטשן; דערצייל זשע אונז וואס דאס איז, כדי מיר זאלן ניט האנדלען אן איבערלייגונג אין דיין פאל." דער מענטש וואס זאגט דאס שיינט מיר צו זיין גערעכט, און איך וועל זיך באמיען אייך צו ווייזן, וואס עס איז וואס האט מיר געמאכט מיין שלעכטן שם און דעם פאראורטייל קעגן מיר. הערט זיך אקארשט איין, און אפשר וועט ווער פון אייך מיינען, אז איך מאך שפאס; זייט זיכער, פונדעסטוועגן, אז איך וועל ריידן צו אייך דעם ריינעם אמת.

דעם אמת צו זאגן, מענער פון אטהען, האב איך מיין

שלעכטן נאָמען ניט צוליעב קיין אַנדערע זאַך ווי צוליעב אַ געוויסע מין חכמה. וואָסער מין חכמה איז דאָס? איינפאַך דאָס, וואָס איז אפשר מענשליכע חכמה. וואָרעם איך בין אפשר אויף אַן אמת'ן אַ חכם אין דער חכמה; און יענע מענטשן, וואָס פון זיי האָב איך נאָר וואָס גערעט, זענען אפשר חכמים אין עפּעס אַ חכמה, וואָס איז העכער איידער מענש־ליכע, אָדער אפשר ווייס איך ניט ווי דאָס צו באַשרייבן; וואָרעם איך קען דאָס ניט, און אויב ווער עס איז זאָגט פאַר־קערט, זאָגט ער אַ ליגן, און ער זאָגט דאָס כדי אַרויסצורופן אַ פאַראורטייל קעגן מיר. און, מענער פון אַטהען, שלאָגט מיר ניט איבער מיט טומלען, אפילו ווען אייך דוכט זיך אַז איך באַרים זיך; וואָרעם די ווערטער וואָס איך רייד זענען ניט מיינע, דער רעדנער אויף וועמען איך וועל זיך באַרופן איז אַ וויכטיגע פּערזענליכקייט. וואָרעם וועגן מיין חכמה, אויב עס איז איבערהויפּט חכמה, און וועגן איר אייגנשאַפט, וועל איך אייך ברענגען אַן עדות דעם גאָט פון דעלפין. איר קענט דאָך אודאי כערעפאָן. ער איז געווען מיינער אַ חבר פון יוגנט אָן, און ער איז געווען אייערס אַ פּאַרטיי־חבר, און ער איז צוזאַמען מיט אייך געגאַנגען אין גלות, און ער איז צוריק־געקומען צוזאַמען מיט אייך. און איר ווייסט וואָסער מין מענטש כערעפאָן איז געווען, ווי האַסטיג אין אַלעם וואָס ער האָט זיך אונטערגענומען. נו, איינמאָל איז ער געגאַנגען קיין דעלפין, און ער האָט גאַנץ דרייסט געפרעגט דעם אָראַקעל די פראַגע; און, רבותי, מאַכט ניט אַן קיין שטערונג וועגן דעם וואָס איך זאָג; וואָרעם ער האָט געפרעגט, אויב עס איז דאָ איינער וואָס איז מער חכם פון מיר. און די פּיטיא האָט געענטפערט, אַז קיינער איז ניט מער חכם. און וועגן די דאָזיגע זאַכן וועט זיין ברודער, וואָס איז דאָ אנוועזנד, אייך זאָגן עדות, כערעפאָן איז דאָך טויט.

אָבער זעהט, צו וואָס דערצייל איך דאָס? ווייל איך גיי אייך זאָגן פון וואַנען עס האָט זיך גענומען דער פאַראורטייל קעגן מיר. וואָרעם ווען איך האָב דאָס געהערט, האָב איך זיך

געטראַכט אַזוי: „וואָס קען דאָ דער גאָט מיינען, און וואָסער רעטעניש לייגט ער דאָ פאָר? ווארעם איך ווייס דאָך אַז איך בין ניט קיין חכם, ניט קיין גרויסער און ניט קיין קליינער. וואָס זשע קען ער מיינען ווען ער דערקלערט, אַז איך בין דער גרעסטער חכם? זיכער איז, אַז ער זאָגט ניט קיין ליגן, ווייל דאָס איז דאָך פאַר אים ניט מעגליך." און פאַר אַ לאַנגער צייט בין איך געווען אין אַ פאַרלעגנהייט וועגן דעם, וואָס ער האָט געמיינט; צום סוף, האָב איך מיט גרוים מיה אָנגעהויבן אים אויסצופּרובירן אויף אַזאַ מין אופן.

איך בין געגאַנגען צו איינעם וואָס האָט געשם'ט פאַר אַ חכם, און איך האָב געטראַכט, אַז דאָ, אויב אירגענד וואו, וועל איך קענען באַווייזן די אומגערעכטיקייט פון דעם אָראַקעל, און איך וועל צו אים זאָגן: „אָט דער מאַן איז מער חכם פון מיר, און דו האָסט געזאָגט אַז איך בין דער גרעסטער חכם." האָב איך דעם מאַן אויסגעפרעגט (איך דאַרף זיין נאָמען ניט דערמאָנען, אָבער דאָס איז געווען איינער פון די פּאָליטיקער, מיט וועמען איך האָב געהאַט די דערפאַרונג, מענער פון אַטהען), און ריידנדיג מיט אים, האָט מיר געשיינט, אַז ער שיינט צו זיין אַ חכם צו אַ סך אַנדערע מענטשן, און הויפּטזעכליך צו זיך אַליין, אָבער אַז ער איז דאָס ניט. און דאַן האָב איך געזוכט אים צו באַווייזן, אַז ער האַלט זיך פאַר אַ חכם, אָבער ער איז דאָס ניט. דער סוף, איך בין ביי אים געוואָרן פאַרהאַסט, און ביי אַ סך אַנדערע וואָס זענען דאַביי געווען; און אַזוי, ווי איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָב איך ביי זיך געטראַכט: „איך בין מער חכם פון דעם מאַן; ווארעם קיינער פון אונז ווייס אין אמת'ן ניט עטוואָס וואָס איז פיין און גוט, אָבער דער מאַן דענקט ער ווייס עטוואָס ווען ער ווייס ניט, בעת איך, אַזוי ווי איך ווייס גאָר ניט, רעד איך זיך ניט איין אַז איך ווייס. אין דער איינער קלייניקייט, ווי עס שיינט, בין איך טאַקע מער חכם, לכל הפחות, פון דעם מאַן, אַז דאָס וואָס איך ווייס ניט דענק איך טאַקע ניט אַז איך ווייס." פון אים בין איך געגאַנגען צו אַן אַנדערן, וואָס האָט

געַ'שמ'ט צו זיין נאָך מער חכם איידער יענער, און דאָסזעלביגע האָט מיר געשיינט צו זיין אמת; און באַלד בין איך געוואָרן פאַרהאַסט פון אים און אַ סך אַנדערע.

פון דעמאָלט אָן בין איך אַזוי געגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, הגם איך האָב באַמערקט אַז איך ווער פאַרהאַסט, און איך האָב דאָס באַדויערט, און איך האָב זיך געשראָקן, פונדעסטוועגן אָבער האָב איך געדענקט, אַז גאָט'ס וואָרט מוז ווערן באַטראַכט פון דער העכסטער וויכטיקייט, און אַז איך מוז גיין צו אַלע די דאָזיגע וואָס האָבן געהאַט אַ שם אַז זיי ווייסן עפּעס, און אונטערזוכן דעם מיין פון דעם אָראַקעל. און ביי דעם הונט *), מענער פון אַטהען — וואָרעם איך מוז ריידן צו אייך דעם אמת — מיין דערפאַרונג, איך זאָג אייך, איז געווען דאָס דאָזיגע: יענע וואָס האָבן געהאַט דעם גרעסטן שם האָבן מיר געשיינט צו זיין כמעט הינטערשטעליג, ווי איך האָב אויסגעפאָרשט גאָט'ס געבאָט, און די אַנדערע, וואָס האָבן ניט אַזוי גע'שמ'ט, האָבן מיר אויסגעזעהן צו שטיין העכער אין דעם ענין פון האָבן שכל. איך מוז אייך דערציילן פון מיינע וואַנדערונגען, ווי פון איינעם וואָס האָט זיך אונטער-גענומען אַ הערקולעסישע אַרבעט, אַזוי צו זאָגן, כדי צו באַ-ווייזן אַז מען קען דעם אָראַקעל ניט אָבשפּאָרן. פון די פּאָליטיקער בין איך געגאַנגען צו די פּאָעטן, די שרייבער פון טראַגעדיעס, און פון די טהיראַמבאָס (ליידנשאַפטליכע הימנען), און די איבריגע, און איך האָב געמיינט, אַז דאָרטן וועל איך זי כאַפּן ביי דער האַנט, מיט אמת'ע ראיות, אַז איך בין ווייניגער געלערנט פון זיי. האָב איך גענומען זייערע שירים, וואָס מיר האָט געדוכט זיי האָבן זייער פאָרזיכטיג אויס-געאַרבעט און איך האָב זיי געפרעגט דעם באַטייט, כדי איך זאָל אין דערזעלביגער צייט טאַקע עפּעס לערנען פון זיי. און אַצינד, איך שעם זיך אייך צו דערציילן דעם אמת; דאָך עס

*) סאָקראַטעס פלעגט זיך באַנוצן מיט דעם אויסדרוק אַלס שבועה, כדי ניט צו דערמאָנען גאָט'ס נאָמען אומזיסט.

מוז געזאָגט ווערן. וואָרעם דאָרט איז קוים געווען איין מענטש דאַביי, מען קען זאָגן, וואָס וואָלט ניט געקענט דער־קלערן בעסער פון זיי, די פּאָעמען, וואָס זיי אַליין האָבן פאַר־פאַסט. און אַזוי אויך אין דעם פאַל פון די פּאָעטן, האָב איך באַלד דערקענט, אַז דאָס וואָס זיי האָבן פאַרפאַסט, האָבן זיי ניט פאַרפאַסט אויס חכמה, נאָר אויס אַ נאַטירלאַכער נייגונג, און אַ רוח הקודש, ווי די נביאים און די זעהערס; וואָרעם אויך די דאָזיגע זאָגן אַ סך פיינע זאַכן, אָבער זיי ווייסן ניט קיינע פון די זאַכן וואָס זיי זאָגן; עס איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז אויך די פּאָעטן האָבן געהאַט עטוואָס פון דעמזעלביגן מין. אין דער אייגענער צייט האָב איך באַ־מערקט, אַז זיי, צוליעב זייער פּאָעזיע, האָבן זיך געהאַלטן פאַר די גרעסטע חכמים אין דער וועלט אויך אין אַנדערע זאַכן, וואָס זיי זענען דאָס ניט געווען. בין איך אויך פון זיי אוועקגעגאַנגען, טראַכטנדיג, אַז איך בין העכער פון זיי אין דערזעלביגער זאַך אין וואָס איך האָב איבערגעשטיגן די פּאָליטיקער.

צום סוף בין איך געגאַנגען צו די בעלי־מלאכות, וואָרעם איך האָב געהאַט דאָס באַוואוסטזיין, אַז איך ווייס לגמרי גאָר־ניט, אָבער איך האָב געוואוסט, אַז איך וועל אוודאי אויס־געפינען, אַז זיי ווייסן אַ סך פיינע זאַכן. און אין דעם האָב איך זיך ניט גענאַרט; זיי האָבן טאַקע געוואוסט וואָס איך האָב ניט געוואוסט, און אַזוי אַרום זענען זיי געווען קליגער פון מיר. אָבער, מענער פון אַטהען, די גוטע בעלי־מלאכות האָבן מיר אויך געשיינט צו מאַכן דעמזעלביגן טעות וואָס די פּאָעטן; ווייל ער האָט גוט געקענט זיין מלאכה, האָט יעדער פון זיי געדענקט, אַז ער איז אַ גרויסער חכם אין די אַנדערע העכסטע וויכטיגע ענינים, און די דאָזיגע נאַרישקייט האָט פאַר־טונקלט זייער חכמה, אַזוי אַז איך האָב זיך געפרעגט, אין דעם אינטערעס פון דעם אָראַקעל, צי איך וואָלט ניט בעסער וועלן זיין ווי איך בין, ניט קלוג אין זייער חכמה, און ניט נאַריש אין זייער נאַרישקייט, אָדער צו זיין אין ביידע זאַכן

ווי זיי זענען. און איך האָב געענטפערט זיך און דעם אָראַקעל, אַז עס איז בעסער פאַר מיר צו זיין ווי איך בין.

נו, פון דער אויספאָרשונג, מענער פון אַטהען, איז קעגן מיר אַנטשטאַנען אַ סך שנאה, און אַזעלכע וואָס זענען זייער שמערצליך, און זייער שווער צו פאַרטראָגן; פון זיי זענען אויפגעקומען אַ סך פאָראורטיילן, און מען האָט מיר געמאַכט אַ שם, אַז איך בין אַ חכם, וואָרעם ביי יעדער אַקאַזיע דענקען די וואָס שטייען דאַביי, אַז איך בין קלוג אין די ענינים, וואָס אין זיי סקאָנפוזשע איך אַן אַנדערן. אָבער דער אמת איז, רבותי, עס איז מעגליך, אַז דער חכם איז גאָר דער גאָט, און מיט דעם אָראַקעל מיינט ער צו זאָגן: „מענשליכע חכמה האָט אַ גאַנץ קליינעם, אָדער גאָרניט קיין ווערט." און עס זעהט אויס, אַז ער רעדט דאָס גאָר ניט וועגן סאָקראַטעס'ן, נאָר ער באַנוצט בלויז מיין נאָמען, און מאַכט פון מיר אַ מוסטער, ווי ער וואָלט געזאָגט: „דער יענער צווישן אייך, איר מענטשנקינדער, איז דער גרעסטער חכם, וועלכער, ווי סאָקראַטעס, דערקענט, אַז וואָס איז שייך צו חכמה, האָט ער קיין שום ווערט ניט."

דערפאַר, גיי איך נאָך אַפילו היינט אַרום, אויף גאָט'ס געבאָט, זוכנדיג און אויספאָרשנדיג יעדן איינעם, אַ היגער צי אַ פרעמדער, וואָס איך דענק, אַז ער איז אַ חכם, און ווען ער זעט ביי מיר ניט אויס דאָס צו זיין, דין איך דעם גאָט מיט דעם, וואָס איך צייג אַז ער איז ניט קיין חכם. און צוליעב די דאָזיגע באַשעפטיגונג, האָב איך ניט קיין צייט, אויף וויפיל עס איז, זיך אָבצוגעבן מיט מלוכה אנגעלעגנהייטן, אָדער מיט מיינע אייגענע עסקים, נאָר איך לעב אין גרוים דחקות צוליעב מיין איבערגעבנקייט צו דעם גאָט.

און אַלס צוגאָב צו די אַלע זאַכן, קומען צו מיר, פרייוויליג, יונגע לייט, וואָס האָבן צומייסטן לײדיגע צייט, קינדער פון די רייכסטע עלטערן. זיי האָבן ליעב צו הערן ווי מען פאַר־הערט מענטשן, און אָפטמאָל טוען זיי מיר נאָך און זיי נעמען זיך אונטער צו פאַרהערן אַנדערע; און, דעמאָלט, שטעל איך

זיך פאַר, געפינען זיי אַ גרויסע צאָל מענטשן וואָס דענקען, אַז זיי ווייסן עפּעס, אָבער זיי ווייסן זייער ווייניג, אָדער גאָר־ניט. דער סוף איז, דערפאַר, אַז יענע וואָס ווערן פאַרהערט פון זיי, זענען אין כעס אויף מיר, אנשטאָט צו זיין אין כעס אויף זיך אַליין, און זיי זאָגן: „אָ, דער סאָקראַטעס איז אַ פּאַסקודנער מענטש און ער פאַרדאַרבט די יוגנט."

און ווען איינער פרעגט זיי: „מיט וואָסערע מעשים און למודים?" האָבן זיי ניט וואָס צו זאָגן, ווייל זיי ווייסן ניט וואָס, אָבער כדי ניט אַרויסצוצייגן זייער אייגענע פאַרלעגנהייט, זאָגן זיי זאַכן וואָס ליגן פאַרטיג אָנגעגרייט קעגן אַלע פילאָזאָפן: „די זאַכן אין דער לופט, און די זאַכן אונטער דער ערד," און „ניט צו גלויבן אין די געטער און צו מאַכן פון די פאַלשע מיינונג די אמת'ע", וואָרעם זיי וועלן ניט, איך שטעל זיך פאָר, זאָגן דעם אמת, אַז עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט צו זיין גאַנץ קלאָר, אַז זיי פּרעטענדירן אויף ווִיסן, אָבער זיי ווייסן גאָר ניט, און אַזוי ווי דער כבוד איז ביי זיי זייער טייער, און זיי זענען ענערגיש, און פיל אין צאָל, און זיי ריידן אַלע מיט איין נוסח, און מיט איבערצייגונג וועגן מיר, האָבן זיי אָנגעפילט אייערע אויערן, לאַנג צוריק און אויך אַצינדערט, מיט שאַרפע פאַרלוימדונגען. פון צווישן זיי איז מיך באַפאַלן מעליטאָס, און אַניטאָס, און ליקאָן. מעליטאָס איז אויפגערייצט פאַר די פּאָעטן, און אַניטאָס פאַר די בעלי־מלאכות און די פּאָליטיקער, און ליקאָן פאַר די אָראַטאָרן; אַזוי אַז, ווי איך האָב געזאָגט אין אָנהויב, עס וואָלט מיך זייער געוואונדערט, אויב עס וואָלט זיך מיר איינגעגעבן אָפּצושאַפן דעם פאָראורטייל פון אייך אין אַזאַ קורצער צייט, ווען עס איז אויסגעוואַקסן אַזוי גרויס. דאָ האָט איר דעם אמת, מענער פון אַטהען, און איך רייד ניט באַהאַלטנדיג קיין זאַך פון אייך, גרויס אָדער קליין, און אָן שום פאַרשטעלענים, און דאָך ווייס איך גאַנץ גוט, אַז איך מאַך זיך שונאים גראַד מיט דער אויפפירונג; וואָס דאָס איז ווידער אַ באַווייז, אַז איך רייד דעם אמת, און אַז דאָס איז דער פאָראורטייל קעגן מיר, און

דאָס זיינען די סבות. און אַז איר וועט דאָס אונטערזוכן, אַצינד צי אַן אַנדערש מאָל, וועט איר אויסגעפינען אַז אַזוי איז דאָס.

אַצינדער, וואָס באַטרעפט די קלאַגעם וואָס מיינע ערשטע אַנקלעגער האָבן אויף מיר געמאַכט, איז דאָס אַ גענוגנדע פאַרטיידיגונג פאַר אייך; אָבער אַנטקעגן מעליטאָס, דער גוטער און פּאַטריאָטישער, ווי ער זאָגט, און די איבריגע, וועל איך איצט פּרובירן זיך צו פאַרטיידיגן. און נאָך אַמאָל, לאָמיר נעמען אין דער ריי זייער געשוואָרענע שריפט, פּונקט ווי זיי וואָלטן געווען אַן אַנדער גאַנג פון אַנקלעגער. די זאַך איז אומגעפער אַזוי: עס זאָגט, אַז סאָקראַטעס איז אַ זינדיגער מיט דעם, וואָס ער פאַרדאַרבט די יוגנט, און ער גלויבט ניט אין די געטער, וואָס דער שטאָט גלויבט אין זיי, נאָר אין אַנדערע, נייע געטליכקייטן.

אַזוי איז די באַשולדיגונג. אָבער לאָמיר עקזאַמינירן יעדן פּונקט פון דער באַשולדיגונג באַזונדער. ער זאָגט, איך בין אַ זינדיגער, ווייל איך פאַרדאַרב די יוגנט. אָבער איך, מענער פון אַטהען, זאָג: מעליטאָס איז אַ זינדיגער ווייל ער מאַכט שפּאַס פון אַן ערנסטן ענין, פאַרוויקלט מענטשן אין פּראָצעסן לייכטזיניג, און פּרעטענדירט צו זיין זייער איבערגעגעבן און פאַרטאָן אין זאַכן, מיט וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל לחלוטין ניט אינטערעסירט. און אַז דאָס איז אַזוי, וועל איך פּרואוון צו מאַכן קלאָר אויך פאַר אייך.

קום אַהער, מעליטאָס, זאָג מיר: מיינסט דו ניט, אַז עס איז פון גרויסער וויכטיגקייט, די יוגענד זאָל זיין אַזוי גוט ווי נאָר מעגליך? „יאָ.“ קום, נו, זאָג די הערן, ווער מאַכט זיי בעסער? וואָרעם עס ליגט דאָך פון אויבנאויף, אַז דו ווייסט, זינט דו דאגה'סט וועגן דעם. וואָרעם דו האָסט דאָך אויסגעפונען דעם וואָס פאַרדאַרבט זיי, ווי דו זאָגסט, און דו ברענגסט מיך פאַר די הערן און באַשולדיגסט מיך; און אַצינד, קום, זאָג, ווער מאַכט זיי בעסער, און דערצייל זיי ווער ער איז. זעהסט דו, מעליטאָס, דו שווייגסט, און

האסט ניט וואס צו זאגן? און דאך, זעהט דאס דיר ניט אויס צו זיין שענדליך, און א דייטליכער באווייז פאר דעם וואס איך זאג, אז דו האסט קיינמאל ניט גע׳דאגה׳ט וועגן דעם? אבער זאג, מיין גוטער מענטש, ווער מאכט זיי בע־סער? „די געזעצן". אבער דאס איז ניט וואס איך פרעג, מיין בעסטער, אבער וואסער מענטש, איז דאס, וואס ווייס פאר אלעם גראד די דאזיגע זאך, די געזעצן. „די מענטשן דא, סאקראטעס, די ריכטער". וואס רעדסט דו, מעליטאס? זענען די הערן פייאיג צו דערציען די יוגענד, און זענען זיי דאס די וואס מאכן זיי בעסער? „געוויס". אלע, אדער נאר איין טייל פון זיי, און אנדערע ניט? „אלע". זייער גוט, ביי הערא! און דאס איז א שיין ביסל העלפערס, פון וועמען דו רעדסט. און וואס איז מכח די דאזיגע? מאכן אויך די דאזיגע צוהערער זיי בעסער, אדער ניט? „אויך די דאזיגע". און וואס איז מכח די סענאטארן? „אויך די סע־נאטארן". אבער, מעליטאס, די דאזיגע אין דער אסיפה, די אסיפה־מענער, זיי פארדארבן דאך ניט די יוגענד, פאר־דארבן זיי? אדער צי געהערן זיי אלע אויך צו יענע, וואס מאכן זיי בעסער? „אויך זיי". הכלל, אלע אטהענער, ווי עס זעהט אויס, מאכן זיי פאר פולקאמען א חוץ מיר, און איך אליין פארדארב זיי. איז דאס וואס דו מיינסט? „גאנץ באשטימט, דאס איז וואס איך מיין". דו האסט מיך פאר־משפט צו גרויסער אומגליקליכקייט! אבער ענטפער מיר: שיינט דאס דיר אויך צו זיין אין דעם פאל פון פערד, אז די דאזיגע וואס מאכן זיי בעסער זענען די גאנצע מענטש־הייט, און דער וואס טוט זיי שאדן איז נאר איין איינציגע פערזאן? אדער איז עס ניט פונקט דאס פארקערטע פון דעם, אז דער וואס איז פייאיג זיי אויסצובעסערן איז איין איינציגע פערזאן, אדער נאר עטלאכע, די בארייטערס, בעת די מייסטע מענטשן, אויב זיי האבן צו טאן מיט פערד און באנוצן זיך מיט זיי, טוען זיי שאדן? איז דאס ניט אזוי, מעליטאס, אין דעם פאל פון פערד און אלע

אַנדערע לעבעדיגע באַשעפענישן? אודאי איז דאָס אַזוי, צי דו און אַניטאָס לייקענען דאָס אָפּ, צי איר שטימט איין; וואָרעם דאָס וואָלט געווען אַ צושטאַנד פון גרויסער גליק-זעליגקייט פאַר דער יוגענד, אויב נאָר איין איינציגער פאַר-דאַרבט זיי און די אַנדערע טוען זיי גוטס. אָבער, מעלייטאָס, דו צייגסט אַרויס גאַנץ קלאָר, אַז דו האָסט קיינמאָל ניט געטראַכט וועגן דער יוגענד, און דו שטעלסט אַרויס גאַנץ דייטליך דיין אייגענע נאַכלעסיגקייט, אַז דו האָסט קיינמאָל לחלוטין זיך ניט געקימערט וועגן די זאַכן פאַר וועלכע דו שלעפּסט מיך צום משפּט.

אַ חוץ דעם, זאָג אונז, אום גאָט'ס ווילן, מעלייטאָס, צי איז בעסער צו לעבן צווישן גוטע בירגער, אָדער צווישן שלעכטע? מיין פריינד, ענטפער; איך פרעג דיך ניט קיין האַרבע קשיא. איז ניט אמת, אַז די שלעכטע טוען שלעכטס צו זייערע שכנים, און די גוטע טוען זיי גוטס? „געוויס". און איז דאָ אַזאַ מענטש, וואָס וואָלט ליעבער געוואָלט האָבן אַ רעה פון זיינע שכנים, איידער צו האָבן אַ טובה? ענטפער, מיין גוטער מענטש; דאָס געזעץ איז גוזר דו זאָלסט ענט-פערן. איז דאָ אַזאַ מענטש וואָס וויל ליעבער האָבן אַ רעה? „געוויס ניט".

קום זשע: שלעפּסטו דו מיך דאָ אַהער אויף דעם גרונד, אַז איך פאַרדאַרב די יוגענד און מאַך זיי ערגער מיט אַ כיוון, אָדער אומגערן? „מיט אַ כיוון, זאָג איך". וואָס זשע, מע-לייטאָס? ביסטו דו אין דיין עלטער אַזוי פיל קליגער ווי איך אין מיין עלטער, אַז דו האָסט דערקענט, אַז די שלעכטע טוען אַלעמאָל שלעכטס צו זייערע נאָענטסטע שכנים, און די גוטע טוען זיי גוטס; בעת איך האָב דערגרייכט אַזאַ טיפע אומוויסנהייט, אַז איך ווייס אפילו ניט, אַז אויב איך מאַך איינעם פון מיינע חברים שלעכט, בין איך אין סכנה צוריק-צוקריגן פון אים וואָסער עס איז שאָדן, און איך באַגיי דעם דאָזיגן גרויסן פאַרברעכן מיט אַ כיוון, ווי דו זאָגסט? איך גלויב דאָס ניט, מעלייטאָס, און איך דענק ניט, אַז עמיצער

אנדערש אין דער וועלט וועט דאס גלויבן. איינס פון די ביידע, אדער איך פארדארב זיי ניט, אדער, אויב איך פאר־דארב זיי, טו איך דאס אומגערן. אזוי צי אזוי, זאגסטו דו אליץ א ליגן. אויב אבער איך פארדארב זיי אומגערן — פאר אזעלכע ניט-ווילנדיגע טעותים דארף דאס געזעץ ניט שלעפן קיין מענטשן אין געריכט, נאר דארף אים נעמען אן א זייט, אים באלערן און אוים׳מוסר׳ן. ווארעם עס איז דאך קלאר, אז אויב מען וועט מיך מאכן אויפמערקזאם, וועל איך אויפהערן צו טאן דאס, וואס איך טו אומגערן. אבער דו האסט ניט געוואלט, און האסט אויסגעמיטן זיך צו טרעפן מיט מיר און מיך צו באלערן, אנשטאט דעם שלעפסטו דו מיך דא אהער, בעת לויט דעם געזעץ דארף מען אהער ברענגען נאר אזעלכע מענטשן, וואס פארדינען א שטראף, ניט באלערונג.

נאר זאל זיין גענוג וועגן דעם, ווארעם, מענער פון אטהען, דאס איז קלאר, ווי איך האב געזאגט, אז מעלייטאס האט זיך קיינמאל ניט גע׳דאגה׳ט, ניט פיל און ניט ווייניג, פאר די דאזיגע זאכן. פונדעסטוועגן, זאג אונז, מעלייטאס, אויף וואסער אופן, זאגסטו דו, פארדארב איך די יוגענד? אדער איז דאס צו זעהן דייטליך פון דעם באשולדיגונגס־אקט וואס דו האסט געבראכט, אז איך טו דאס מיט דעם, וואס איך לערן זיי ניט צו גלויבן אין די געטער, וואס דער שטאאט גלויבט אין זיי, נאר צו גלויבן אין אנדערע, נייע געטליכקייטן? זענען דאס ניט דיינע ווערטער, אז איך פארדארב זיי מיט אט די לימודים? „גאנץ באשטימט, דאס איז וואס איך זאג“. אויב אזוי, מעלייטאס, אין דעם נאמען פון די דאזיגע געטער, וואס פון זיי ריידן מיר אצינד, רייד אביסל מעהר פארשטענדליך צו מיר און צו די דאזיגע הערן. ווארעם איך קען ניט פארשטיין צי דו זאגסט, אז איך לערן זיי, אז עס זענען דא מאנכע געטער, און איך אליין גלויב, אזוי ארום, אז עס זענען דא מאנכע געטער, און איך בין ניט קיין כופר בעיקר, און בין ניט קיין זינדיגער אויף

דעם וועג, נאָר אַז די געטער זענען ניט די געטער, וואָס דער שטאַט גלויבט אין זיי, נאָר אַנדערע, און דאָס איז אין וואָס דו באַשולדיגסט מיך, אַז איך גלויב אין אַנדערע; אָדער צי זאָגסט דו, אַז איך אַליין גלויב לגמרי ניט אין געטער, און אַז איך לערן דעם דאָזיגן אומגלויבן צו אַנדערע מענטשן? „דאָס איז וואָס איך זאָג, אַז דו גלויבסט לגמרי ניט אין געטער". אָ, וואונדערבאַרער מעלייטאָס! ווי קומט צו דיר אַזוינס צו זאָגן? גלויב איך אַפילו ניט, אַז די זון און אויך די לבנה זענען געטער, ווי די גאַנצע איבעריגע מענטשהייט גלויבט? „ניין, ביי זעאוס, ריכטער, וואָרעם ער זאָגט, אַז די זון איז שטיין, און די לבנה ערד". מיינסט דו ניט אַמאָל, מיין טייערער מעלייטאָס, אַז דו פאַרקלאָגסט אַנאַקסאַגאָראַס'ן, און האָסט דו אַזאַ נידריגע מיינונג פון די דאָזיגע הערן, און האַלטסט דו זיי פאַר אַזעלכע עמי הארצים, אַז זיי ווייסן ניט, אַז די ביכער פון אַנאַקסאַגאָראַס דער קלאַזמענער זענען פול מיט אַזעלכע אויסדרוקן. און אודאי לערנט דאָך די יוגענד זאַכן פון מיר, וואָס זיי קענען קויפן טיילמאָל פאַר אַ דראַכמע (ווען דער פּרייז איז שוין הויך) אין דעם טעאַטער, און חוזק מאַכן פון סאָקראַטעס'ן, ווען ער גיט דאָס אַרויס פאַר זיין אייגענע, ספּעציעל ווען זיי זענען אַזוי לעכערליך. אָבער אום גאָט'ס ווילן, דענקסט דו דאָס טאַקע וועגן מיר, אַז איך גלויב ניט, אַז עס איז דאָ אַ גאָט? „ניין, ביי זעאוס, דו גלויבסט ניט אויף אַ האָר". דאָס וועט דיר קיינער ניט גלויבן, אַפילו ניט דו אַליין, ווי מיר דוכט. וואָרעם דער דאָזיגער מענטש, מענער פון אַטהען, שיינט מיר צו זיין אַ רוצח און אַ העפטיגער מענטש, און די קלאָגע אויף מיר האָט ער געמאַכט אין דעם גייסט פון העפטיגקייט און רציחה, און קינדעריי. עס קומט ביי מיר אוים ווי ער וואָלט דורך אַ רעטעניש מיך וועלן אויספּרובירן: „צי וועט סאָקראַטעס, דער חכם, דערקענען, אַז איך מאַך חוזק, און בין זיך אַליין סותר, אָדער וועל איך אים אָבנאַרן, און אַלע איבריגע, וואָס הערן מיך" וואָרעם ער זעהט אוים ווי זיך סותר צו

בין ניט קיין כופר בעיקר און בין ניט קיין זינדיגער אויף זיין אין זיין ריידן, ווי ער וואלט זאגן: סאקראטעס איז א זינדיגער, ווייל ער גלויבט ניט אין געטער, אבער ער גלויבט אין געטער. און דאס איז דאך מעשה בדחן.

בעט איך אייך, בכן, רבותי, איר זאלט צוזאמען מיט מיר אונטערזוכן פארוואס עס שיינט מיר אז ער זאגט די דאזיגע זאכן; און דו, מעלייטאס, זאלסט ענטפערן; און איר, רבותי, ווי איך האב אייך געבעטן אין אנהויב, זאלט אזוי גוט זיין און האלטן אין זינען ניט אנצומאכן קיין שטערונג, אויב איך פיר דעם ויכוח אויף מיין געוויינליכן שטייגער.

איז דא אזא איינער, וואס גלויבט אז עס זענען דא זאכן וואס האבן א שייכות צו מענטשן, און ניט אז עס זענען דא מענטשן? זאל ער ענטפערן, רבותי, און זאל ער ניט מאכן קיין שטערונג אויף אזא אדער אנדער אופן. איז דא איינער וואס גלויבט ניט אין קיין פערד, אבער ער גלויבט אין זאכן וואס האבן א שייכות צו פערד? אדער וואס גלויבט ניט אז עס עקזיסטירן פלייטן-שפילער, אבער אז די זאכן וואס האבן א שייכות צו פלייטן-שפילעריי עקזיסטירן יא? עס איז ניט דא אזא, מיין בעסטער פון אלע מענטשן; אויב דו האסט ניט קיין חשק צו ענטפערן, זאג איך דאס דיר, און צו אלע איבריגע דא. אבער ענטפער, לכל הפחות, אויף די ווייטערדיגע שאלה: איז דא אזא איינער וואס גלויבט, אז עס עקזיסטירן געטליכע זאכן, אבער ער גלויבט ניט אין די געטער? „עס איז ניט דא". א דאנק דיר וואס דו האסט געענטפערט איבערגעוואלד, ווען דו ביסט געווארן געצוואונגען פון די הערן. דו זאגסט, בכן, אז איך גלויב אין געטליכע זאכן, נייע צי אלטע, און איך לערן דעם דאזיגן גלויבן; על כל פנים, גלויב איך דאך אין געטליכע זאכן, לויט דיין באהויפטונג, און דו האסט אויף דעם געשוואוירן אין דיין קלאג-שריפט. היינט, אז איך גלויב אין געטליכע זאכן, גלויב איך דאך שוין ממילא אויך אין געטער; איז דאס ניט אזוי? אזוי איז עס; ווארעם איך נעם אן, אז דו

ביסט מסכים, זינט דו ענטפערסט ניט. און דענקען מיר דען ניט, אַז די געטליכקייטן זענען געטער אָדער קינדער פון געטער? יאָ, צי ניין? „זיכער". על כן, אויב איך גלויב אין געטליכקייטן, ווי דו זאָגסט; אויב די געטליכקייטן זענען אַ מין געטער, איז דאָך טאַקע ריכטיג וואָס איך זאָג, אַז דו רעדסט מיט רעטענישן און דו מאַכסט חוזק ווען דו זאָגסט, אַז איך גלויב ניט אין געטער, און איך גלויב יאָ אין געטער, וואָרעם איך גלויב דאָך אין געטליכקייטן; און אויב, אַפילו פון דער צווייטער זייט, די געטליכקייטן זענען אַ סאָרט אומגעזעצליכע קינדער פון די געטער, פון נימפן, אָדער פון אַנדערע, ווער זייערע מוטערס זאָלן ניט זיין, וועל־כער מענטש קען גלויבן, אַז עס זענען דאָ קינדער פון די געטער, אָבער ניט קיין געטער? עס וואָלט פונקט געווען אַזוי נאַריש, ווען איינער זאָל גלויבן, אַז עס זענען דאָ קינדער פון פערד און אייזלען, ד. ה. מויל־אייזלען, אָבער ניט קיין פערד און ניט קיין אייזלען. אָבער, מעלייטאָס, דו האָסט זיכער געמאַכט דעם פּראָצעס אָדער כדי אונז אויסצופּרובירן, אָדער ווייל דו האָסט ניט געקענט אויס־געפינען קיין אַנדערן אמת'ן חטא אין וואָס דו האָסט מיך געקענט באַשולדיגן; אָבער עס איז אוממעגליך פאַר דיר איבערצוצייגן וועמען עס איז, וואָס האָט נאָר אַביסל שכל, אַז עס איז מעגליך פאַר דערזעלביגער פּערזאָן צו גלויבן אין געטליכקייטן און געטליכע עקזיסטענצן, און, ווידער, דיזעל־ביגע פּערזאָן זאָל ניט גלויבן אין געטליכקייטן אָדער געטער, אָדער העראָען.

הכלל, מענער פון אַטהען, אַז איך בין ניט קיין פאַר־ברעכער לויט די אנקלאַגע פון מעלייטאָס, שיינט מיר, דאַרף ניט קיין גרויסע פאַרטיידיגונג, און וואָס איך האָב געזאָגט איז גאַנץ גענוג. אָבער איר מעגט זיין זיכער, אַז וואָס איך האָב פריער געזאָגט, אַז ביי אַ סך מענטשן עקזיסטירט אַ גרויסער האַס קעגן מיר, איז אמת. און דאָס איז וואָס וועט מיך קוילען — אויב עס וועט מיך קוילען — ניט מעלייטאָס

און ניט אַניטאָס, נאָר דער פאַראורטייל און די שנאה פון דעם המון. דאָס האָט שוין פאַר'משפּט אַ סך אַנדערע גוטע מענטשן, און איך דענק עס וועט נאָך ווייטער פאַר'משפּט'ן. און עס איז ניט דאָ קיין סכנה, אַז איך וועל זיין דער לעצטער.

אָבער איינער קען אפשר זאָגן: „שעמסט דו זיך גאָרניט, סאָקראַטעס, צו האָבן זיך אָבגעגעבן מיט אַזעלכע מעשים, אַז דו שטייסט איצט אין סכנה צו באַצאָלן מיט דעם לעבן פאַר זיי?" צו אַזאַ איינעם וואָלט איך מיט רעכט ענטפערן: „איר רעדט ניט ריכטיג, מיין הער, אויב איר דענקט, אַז אַ מענטש וואָס טויג צו וואָס עס איז, דאַרף אין זין האָבן די סכנות פון לעבן אָדער פון טויט, און ניט גיכער אין זין האָבן נאָכדעם ווען ער טוט עפּעס, צי די זאַכן וואָס ער טוט זענען רעכט אָדער אומרעכט, און די טאַטן פון אַ גוטן אָדער אַ שלעכטן מענטש. וואָרעם, לויט אייערע רייד, וואָלטן אַלע האַלב-געטער, וואָס זענען געפאַלן אין טראָי, געוועזן שלעכט, איינשליסנדיג דעם זון פון טהעטיס, וואָס האָט אַזוי פאַראַכטעט יעדע סכנה גיכער, איידער צו פאַרטראָגן שאַנד, אַז ווען זיין מוטער (און זי איז געווען אַ געטין) האָט געזאָגט צו אים, ווען ער האָט געגאַרט צו הרג'ענען העקטאָר'ן, אומגעפער די דאָזיגע ווערטער, מיר שיינט: „מיין זון, אויב דו וועסט זיך נוקם זיין פאַר דיין פריינד פּאַטראָקלאָס, און וועסט הרג'ענען העקטאָר'ן, וועסט דו אַליין שטאַרבן; וואָרעם באַלד אויף'ן שטעל", האָט זי געזאָגט, „נאָך העקטאָר'ן וואַרט דער טויט אויף דיר"; ער, ווען ער האָט דאָס געהערט, האָט זיך אויסגעלאַכט פון טויט און סכנה, און ער האָט זיך פיל מער געשראָקן צו לעבן ווי אַ טרוס, און ניט צו נעמען נקמה פאַר זיין פריינד, און ער האָט געזאָגט: „לאָמיך שטאַרבן באַלד אויף'ן שטעל, נאָכדעם ווי איך האָב זיך נוקם געווען אָן דעם רשע, כדי איך זאָל ניט בלייבן דאָ צו שאַנד ביי די גע־בויגענע שיפן, אַ לאַסט אויף דער ערד". דענקט איר, אַז ער האָט געטראַכט וועגן טויט און סכנה?

וואָרעם אַזוי איז דאָס אין אמת'ן, מענער פון אַטהען:

וואו א מענטש שטעלט זיך אליין אוועק;; ווען ער דענקט, אז דאס איז דער בעסטער פלאץ פאר אים, אדער וואו ער ווערט אוועקגעשטעלט פון זיין קאמאנדיר, דארטן ;מוז ער, אזוי שיינט מיר, בלייבן און נעמען אויף זיך די סכנה, און דארף ניט טראכטן פון טויט אדער פון עטוואס אנדערש, א חוץ פון דער חרפה.

און איך וואלט געטאן א שרעקליכע זאך, ווען איך, וואס, ווען אייערע קאמאנדירן וועמען איר האט אויס־געקליבן מיך צו באפעלן, האבן מיך אוועקגעשטעלט ביי פאטידעא און ביי אמפיפאלים און ביי דעליום, בין איך געבליבן וואו זיי האבן מיך אוועקגעשטעלט, ווי יעדער אנ־דערער, און האב אויף זיך גענומען די סכנה פון טויט, און ווען דער גאט האט מיר געגעבן א סטאציע, ווי איך האב געגלויבט און פארשטאנען, מיט באפעלן צו פארברענגען מיין לעבן אין פילאזאפיע און אויספארשן זיך אליין און אנדערע, ווען איך וואלט פארלאזן מיין פאסטן אויס מורא פאר דעם טויט, אדער וואסער עס איז אנדער זאך. דאס וואלט געווען א שרעקליכע זאך, און דעמאלט וואלט מען מיך מיט רעכט געמעגט שלעפן אין געריכט אויף דער קלאגע, אז איך גלויב ניט, אז עס זענען דא געטער, זינט איך פאלג ניט דעם אראקעל, און האב מורא פאר דעם טויט, און דענק אז איך בין א חכם ווען איך בין ניט. ווארעם צו שרעקן זיך פאר דעם טויט, רבותי, איז ניט מער ווי צו האלטן זיך פאר א חכם, ווען מען איז דאס ניט; ווארעם דאס איז אן איינ־ריידעניש אז מען ווייס וואס מען ווייס ניט. ווארעם קיינער ווייס ניט צי דער טויט איז ניט אפשר גאר די גרעסטע פון אלע ברכות פאר דעם מענטשן, און זיי שרעקן זיך דערפאר פונקט ווי זיי וואלטן געוואוסט, אז דאס איז די גרעסטע פון אלע קללות. און איז ניט דאס די ערגסטע פארמע פון אומוויסנהייט, צו דענקען, אז מען ווייסט דאס וואס מען ווייס ניט? עס קען זיין, רבותי, אז אין דער זאך בין איך אויך אנדערש ווי אנדערע מענטשן אויף דעם אופן, און ווען איך

זאָל זאָגן, אַז איך בין קליגער אין וואָס עס איז, וואָלט דאָס געווען אין דעם, אַז ניט וויסנדיג זייער פיל וועגן יענער וועלט, דענק איך אויך אַז איך וויים ניט. איך וויים אָבער יאָ, אַז עס איז שלעכט און שענדליך צו טאָן אומרעכט און צו זיין אומגעהאָרכזאַם צו דעם, וואָס איז בעסער איי־דער איך, צי דאָס איז גאָט, צי אַ מענש. און איך וועל זיך קיינמאָל ניט שרעקן אָדער אויסמיידן די דאָזיגע זאַכן, וואָס וועגן זיי וויים איך ניט צי זיי זענען גוט צי שלעכט, צוליעב זאַכן וואָס איך וויים, אַז זיי זענען שלעכט. און דערפאַר, אַפילו ווען איר וועט מיך אַצינד באַפרייען, און איר וועט זיך ניט לאָזן איבערצייגן פון אניטאָס, וואָס האָט געזאָגט, אַז אָדער מען האָט מיך לגמרי ניט באַדאַרפט שטעלן צום משפט, אָדער זינט מען האָט מיך געשטעלט צום משפט, פאַרדין איך זיכער די טויט־שטראָף, און ער האָט צוגעלייגט, אַז אויב איך זאָל ווערן באַפרייט, וועלן אייערע זין ווערן פולשטענדיג רואינירט, ווייל זיי וועלן גיין אויף דעם וועג וואָס איך לער זיי — אויב איר זאָלט מיר אויף דעם ענט־פערן: „סאָקראַטעס, דאָס מאָל וועלן מיר ניט פאָלגן אני־טאָס'ן, נאָר מיר וועלן דיך לאָזן פריי, אָבער נאָר מיט דעם תנאי, דו זאָלסט ניט מער פאַרברענגען דיין צייט מיט די דאָזיגע חקירות און פילאָזאָפיעס, און אויב מיר וועלן דיך כאַפּן טוענדיג די זאַכן נאָך אַמאָל, וועסט דו זיכער שטאַרבן"; אויב איר וואָלט מיך לאָזן גיין מיט דעם תנאי וואָס איך האָב דערמאָנט, וואָלט איך געזאָגט צו אייך: „מענער פון אַטהען, איך אַכט און ליעב אייך, אָבער איך וועל גיכער פאָלגן דעם גאָט איידער אייך, און ווי לאַנג איך לעב, און איך בין בכח אַנצוגיין, וועל איך קיינמאָל ניט אויפגעבן די פילאָזאָפיע, אָדער אויפהערן אייך צו וואָרנען, און אַנצואווייזן דעם אמת יעדן פון אייך וועמען איך וועל נאָר באַגעגענען, און זאָגן צו אים אויף מיין שטייגער: „הויך געשעצטער מענטש, דו, וואָס דו ביסט אַ בירגער פון אַטהען, די גרעסטע פון אַלע שטעט, און די מייסט באַרימטע פאַר איר חכמה און מאַכט —

שעמסט דו זיך גאָרניט צו זאָרגן זיך אַזוי פיל אָנצוזאַמלען עשירות, און אַ גרויסן נאָמען און כבוד, בעת דו זאָרגסט זיך גאָרניט, און דו טראַכסט גאָרניט פאַר חכמה און אמת און די אויסבעסערונג פון דער נשמה?" און אויב איינער פון אייך וויל מיך אָבשפּאַרן, און זאָגט, אַז ער זאָרגט זיך יאָ, וועל איך אים ניט אָבלאָזן אַזוי לייכט, און וועל ניט באַלד אַוועקגיין פון אים, נאָר איך וועל אים אויספרעגן, און חוקר ודורש זיין און פאַרהערן, און אויב איך געפין, אַז ער האָט אין זיך ניט קיין גוטע מידות, און ער זאָגט אַז ער האָט יאָ, וועל איך אים אויס'מוסר'ן פאַר האַלטן גרינג די זאַכן וואָס זענען פון דער העכסטער וויכטיגקייט, און פאַר דאגה'נען מער פאַר דאָס וואָס איז פון אַ קלענערן ווערט. און דאָס וועל איך טאָן צו יעדן איינעם וואָס איך וועל נאָר אָנטרעפן, יונג און אַלט, פרעמדער און בירגער, הויפּטזעכלאַך אָבער בירגער, ווייל איר געהערט מיר אָן מער. וואָרעם, איר זאָלט וויסן זיין, אַז דער גאָט האָט מיר באַפוילן דאָס צו טאָן, און איך גלויב, אַז קיין גרעסערע טובה ווי מיין דינסט צו גאָט, איז אין דער שטאָט נאָך קיינמאָל ניט געשען. וואָרעם איך דריי זיך אַרום און טו קיין אַנדער זאַך ניט, אויסער וואָס איך טרייב אייך אָן, יונג און אַלט, ניט צו דאגה'נען פאַר אייערע פּערזענליכקייט און אייגנטום מער איידער פאַר דער העכסטער פאַרפולקאָמענונג פון אייערע נשמות, און אַפילו ניט אַזוי פיל; און איך זאָג אייך, אַז גוטע מידות קומען ניט פון געלט, נאָר אַז פון גוטע מידות קומט געלט, און אַלע אַנדערע גוטע זאַכן צו דעם מענטש, צו דעם יחיד און צו דעם כלל. אויב זאָגנדיג דאָס, פאַרדאַרב איך די יוגענד, זענען מיינע ווערטער אודאי שעדליך. אָבער ווען איינער באַהויפּטעט, אַז איך זאָג אַנדערע זאַכן איידער די דאָזיגע, זאָגט ער עפּעס וואָס איז ניט דער אמת. דער־פאַר זאָג איך צו אייך, מענער פון אַטהען, ענטוועדער טוט ווי אַניטאָס הייסט אייך, אָדער ניט, און ענטוועדער באַפרייט מיך, אָדער ניט, אָבער וויסן זאָלט איר, אַז איך וועל קיינמאָל

ניט ענדערן מיין אויפפירונג, ווען אפילו איך זאָל דאַרפן שטאַרבן פיל מאָל.

מאַכט ניט אַן קיין שטערונג, מענער פון אַטהען; טוט ווייטער וואָס איך האָב אייך געבעטן, ניט איבערצושלאָגן מיין רעדע מיט שטערונגען, נאָר מיך אויסצוהערן; און איך גלויב, אַז עס וועט אייך ברענגען נוצן מיך אויסצוהערן. איצט גיי איך אייך זאָגן עפּעס אַזוינס, וואָס וועט אייך אפשר מאַכן איר זאָלט אויסשרייען; אָבער טוט דאָס בשום אופן ניט. זייט וויסן, אויב איר וועט מיך הרג׳ענען, איך, זייענדיג דער מענטש וואָס איך זאָג איך בין, וועט איר מיר ניט טאָן אַזוי פיל שאָדן, וויפיל איר וועט טאָן זיך אליין; וואָרעם ניט מעלייטאָס און ניט אניטאָס, קענען מיר קיין שאדן ניט טאָן. דאָס וואָלט געווען אוממעגליך, וואָרעם איך גלויב, אַז עס איז קעגן דער נאַטור, אַ בעסערער מענטש זאָל ווערן געשעדיגט פון אַן ערגערן. ער קען מיך, פונדעסט־וועגן, אפשר הרג׳ענען, אָדער פאַרשיקן, אָדער צונעמען די בירגער־רעכט; און ער מעג אפשר דענקען, אַז דאָס איז אַנצוטאָן אַ גרויסע רעה, און אַנדערע מעגן אויך אַזוי דענ־קען, ניט אָבער איך. איך דענק עס איז אַ סך אַ גרעסערע רעה צו טאָן דאָס, וואָס ער טוט אַצינד — צו ווערן הרג׳ענען אַ מענטשן אומגערעכט. און אַזוי, מענער פון אַטהען, איך בין זייער ווייט פון דעם זיך דאָ צו פאַרטיידיגן פון מיינערט־וועגן, ווי איינער קען זיך טראַכטן, נאָר גיכער פון אייערט־וועגן, כדי מיט אייער פאַר׳משפּט׳ן מיך זאָלט איר ניט מאַכן קיין טעות אין דעם געברויך פון דער מתנה, וואָס דער גאָט האָט אייך געגעבן. וואָרעם אויב איר וועט מיך אי־בערגעבן צום טויט, וועט איר ניט לייכט ווידער געפינען אַן אַנדערן, וועלכער, צו געברויכן אַ משל וואָס איז גיכער לע־כערליך, טשעפּעט זיך אַן אַן דער שטאָט ווי אַ גרויסע פליג אַן אַ פערד, וואָס, הגם גרוים געוואקסן און פון אײדעלער אָבשטאַמונג, צוליעב זיין גרוים, פוילט ער זיך און מען דאַרף אים אויפוועקן מיט שטעכן. איך דענק, אַז גאָט

האָט מיך צוגעטשעפּעט צו דער שטאָט אין עטוואָס אַן ענ־
ליכער שליחות. און איך גיי אַרום, און איך וועק, און איך
טרייב, און איך שטראָף יעדן איינעם פון אייך, און איך
שטיי צו צו אייך כסדר, אומעטום, אַ גאַנצן טאָג לאַנג.
נאָך אַזאַ איינער וועט צו אייך לייכט ניט קומען, רבותי;
און אויב איר וועט פאָלגן מיין עצה, וועט איר מיך שאַנעווען.
אָבער איר וועט אפשר זיין בייז אויף מיר, ווי מענטשן ווען
מען וועקט זיי אויף פון אַ דרעמל, און איר וועט מיר געבן
אַ פּאַטש, ווי אַניטאָס עצה'ט אייך, און איר וועט מיך לייכט
דער'הרג'ענען; דעמאָלט וועט איר פאַרברענגען די איבעריגע
צייט פון אייער לעבן אין שלומער, סיידן ווען גאָט אין
זיין באַזאָרגעניש פאַר אייך, וועט אייך צושיקן אַן אַנדערן.
און אַז איך בין, ווי איך זאָג, אַ מין מתנה פון דעם גאָט,
וועט איר קענען פאַרשטיין פון דעם: וואָרעם דאָס איז דאָך
גאָרניט מעשה מענטש, אַז איך זאָל פאַרנאַכלעסיגן אַלע
מיינע אייגענע עסקים, און איך זאָל אַריבערטראָגן די פאַר־
נאַכלעסיגונג פון מיינע אַנגעלעגענהייטן אַלע די יאָרן, און
איך זאָל אַלעמאָל זיין פאַרנומען פון אייערטוועגן, קומענדיג
צו יעדן איינעם פון אייך באַזונדער ווי אַ פאָטער אָדער אַן
עלטערער ברודער, און אָנטרייבנדיג אייך זיך צו זאָרגן פאַר
גוטע מידות. וואָלט איך פון דעם עפּעס פאַרדינט און גע־
קראָגן באַצאָלט פאַר מיינע שטראָף־רייד, וואָלט נאָך גע־
שטעקט עפּעס אַ שכל אין דעם; אָבער אַצינד, זעהט איר
דאָך אַליין, אַז מיינע אַנקלעגער, הגם זיי באַשולדיגן מיך אין
אַלעם אַנדערן אַזוי אומפאַרשעמט, זענען זיי ניט געווען
בכח זיך אַרויפצואַרבעטן אויף אַזאַ פּונקט פון אומפאַרשעמט־
קייט, און צו ברענגען אַן עדות, וואָס זאָל עדות זאָגן, אַז איך
האָב ווען עס איז געפאָדערט אָדער פאַרלאַנגט באַצאָלט
פון וועמען עס איז. וואָרעם איך דענק, אַז איך האָב אַ
גענוגנדן עדות, אַז איך זאָג דעם אמת, געמליך, מיין אָרים־
קייט.

עס קען אפשר אויסזעהן זונדערבאַר, וואָס איך גיי אַרום
און מיש זיך אַריין אין אַנדערע מענטשנ'ס עסקים, און איך

גיב זיי עצות פּריוואַט, אָבער איך דערוועג זיך ניט צו קומען צו אייער אסיפה און גיבן עצות דעם שטאַט. די אורזאַך פון דעם איז, ווי איר האָט מיך געהערט זאָגן פיל מאָל און אויף פיל ערטער, וואָס עטוואָס געטליכעס און איבערמענטש־ליכעס באַווייזט זיך צו מיר. אַט די דאָזיגע זאַך פון וואָס מעליטאָס האָט חוזק געמאַכט אין זיין קלאָגע־שריפט. איך האָב דאָס פון מיין קינדהייט אָן; דאָס איז אַ מין בת קול וואָס קומט צו מיר, און ווען עס קומט, האַלט עס מיך אָב פון וואָס איך האָב בדעה צו טאָן, אָבער עס טרייבט מיך קיינמאָל ניט צו טאָן עטוואָס. דאָס איז דאָס וואָס שטייט מיר אין וועג און דערלאָזט ניט איך זאָל זיך אָבגעבן מיט פּאָליטיק. און איך דענק, אַז דאָס ניט דערלאָזן איז זייער אַ גוטע זאַך; וואָרעם איר קענט זיין גאַנץ זיכער, מענער פון אַטהען, דאָס ווען איך וואָלט זיך אונטערנומען אָבצוגעבן זיך מיט פּאָליטיק, וואָלט איך שוין לאַנג געווען טויט, און איך וואָלט ניט געווען געטאָן קיין גוטס ניט צו אייך, און ניט צו מיר אַליין. און זייט ניט בייז אויף מיר פאַר ריידן דעם אמת; דער פאַקט איז, אַז קיין מענטש איז ניט זיכער מיט זיין לעבן, וואָס שטעלט זיך גרויסמוטיג אַנטקעגן אייך, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע פאָלקס־מאַסע, און דערלאָזט ניט אַ סך אומגערעכטע און אומגעזעצליכע זאַכן זאָלן פּאַסירן אין שטאַט. אַ מענטש וואָס קעמפט אויף אָן אמת פאַר גערעכטיגקייט, אויב ער וויל דערהאַלטן זיין לעבן אַפילו נאָר פאַר אַ קורצע צייט, מוז זיין אַ פּריוואַטער בירגער, און ניט קיין קהל'שער מענטש.

איך וועל אייך געבן שטאַרקע ראיות פאַר דעם, ניט נאָר ווערטער, נאָר, וואָס איר האַלט טייערער — טאַטן. און הערט זיך איין וואָס עס האָט זיך פּאַרלאָפן מיט מיר, כדי איר זאָלט זיין איבערצייגט, אַז איך וואָלט זיך קיינמאָל ניט אונטערגעגעבן צו ווּעמען עס איז, אויב דאָס וואָלט גע־ווען אָן אומגערעכטיגקייט, אוים מורא פאַר דעם טויט, נאָר איך וואָלט גיכער געשטאָרבן איידער זיך אונטערצוגעבן. די

מעשה וואָס איך גיי אייך דערציילן איז אַן איינפאַכע און אַ געוויינליכע, אָבער אַן אמת׳ע. איך, מענער פון אַטהען, האָב קיינמאָל ניט געהאַלטן קיין שום אַנדער אַמט אין דער מלוכה, אויסער וואָס איך בין געווען אַן אסיפה־מאַן; און עס האָט פּאַסירט, אַז מיין שבט האָט געהאַלטן די פּרעזי־דענטשאַפט, ווען איר האָט געוואָלט פאַר׳משפּט׳ן אַלע מיט אַמאָל די צען גענעראַלן, וואָס האָבן ניט אָבגערוימט די געפאַלענע נאָך דער פלאָטן־מלחמה; דאָס איז געווען אומ־געזעצלאַך, ווי איר האָט שפּעטער אַליין מסכים געווען. צו יענער צייט בין איך געווען דער איין איינציגער פון די פּריטאַנער וואָס איז געווען דאַגעגן צו טאָן וואָס עס איז להיפוך פון די געזעצן, און הגם די אָראַטאָרן זענען געווען פאַרטיג מיך צו פאַרקלאַגן און צו אַרעסטירן, און הגם איר האָט זיי אונטערגעהעצט מיט געשרייען זיי זאָלן דאָס טאָן, האָב איך געדענקט, איך וועל ליעבער אויף זיך נעמען די ריזיקע ביז צום סוף מיט דעם געזעץ און גערעכטיגקייט אויף מיין זייט, איידער זיך צו באַהעפטן מיט אייך, ווען אייערע פאַרלאַנגען זיינען אומגערעכט, אוים מורא פאַר תפיסה אָדער טויט. דאָס איז געווען ווען די דעמאָקראַטיע האָט נאָך עקזיסטירט; נאָכדעם ווי די אָליגאַרכיע איז איינ־געפירט געוואָרן, האָבן די דרייסיג געשיקט נאָך מיר און פיר אַנדערע צו קומען אין דער ראָטונדע, און האָבן אונז באַ־פוילן צו ברענגען לעאָן דעם סאַלאַמיניער פון סאַלאַמיס, כדי אים אומצוברענגען. זיי האָבן געגעבן אַ סך אַזעלכע באַפעלן אויך צו אַנדערע, ווייל זיי האָבן געוואָלט פאַר־וויקלען אין זייערע פאַרברעכנס אַזוי פיל וויפיל זיי האָבן נאָר געקענט. דעמאָלט האָב איך, פונדעסטוועגן, באַוויזן ווידעראַמאָל, מיט טאַטן, און ניט נאָר מיט ווערטער, אַז איך גיב ניט אַ דרייער פאַר דעם טויט, אויב דאָס איז ניט אַ צו רויער אויסדרוק. אָבער אַז איך האָב זיך גע׳דאגה׳ט מיט מיין גאַנצן כח, ניט צו טאָן עטוואָס, וואָס איז אומ־רעכט און אומהייליג. וואָרעם יענע רעגירונג, מיט איר

גאנצער מאכט, האט מיך ניט איבערגעשראקן צו טאן עפעס וואס איז אומגערעכט, נאר ווען מיר זענען ארויסגעקומען פון דער ראטונדע, זענען די אנדערע פיר געגאנגען קיין סא־לאמים און האבן ארעסטירט לעאנ'ען, אבער איך בין זיך איינפאך געגאנגען אהיים; און עס קען זיין, אז מען וואלט מיך איבערגעגעבן צום טויט פאר דעם, ווען די רעגירונג וואלט ניט שנעל געווען געקומען צו א סוף. פאר די פאקטן קענט איר האבן א סך עדות.

דענקט איר, אז איך וואלט געקענט לעבן אזוי פיל יארן, ווען איך וואלט געווען אין דעם עפענטליכן לעבן, און איך וואלט געהאנדלט ווי א גוטער מאן דארף האנדלען, צו אונטערשטיצן דאס וואס איז גערעכט און צו באטראכטן דאס פון דער העכסטער וויכטיגקייט? גאנץ ווייט פון דעם, מענער פון אטהען; און קיין אנדערער מענטש וואלט דאס ניט געקענט. אבער איר וועט אויסגעפינען, אז אין מיין גאנצן לעבן, אין עפענטליכן לעבן, אויב האב זיך אפגעגעבן מיט קהל'שע זאכן, און אין פריוואטן לעבן, בין איך אלעמאל געווען דערזעלביגער וואס היינט, און איך האב זיך קיינמאל צו קיינעם ניט אונטערגעגעבן אומגערעכט, סיי דאס איז געווען וואסער עס איז אנדער פערזאן, אדער איינער פון די וואס, לויט מיינע פארלוימדער, זאלן זיי זיין מיינע תלמידים. אבער איך בין קיינמאל ניט געווען קיינעמס לערער. אויב אימיצער, יונג צי אלט, וויל מיך הערן ריידן בעת איך טו מיין שליחות, האב איך קיינמאל גארניט געהאט דאגעגן, און איך שמועס ניט נאר ווען מען באצאלט מיר, און ניט אנדערש, נאר איך גיב זיך איבער צו רייך און ארעם גלייך; איך גיב יעדן א געלעגנהייט מיך צו פרעגן שאלות, און ווער עס וויל קען אליין ענטפערן אדער הערן וואס איך האב צו זאגן, און סיי איינער פון די דאזיגע ווערט א גוטער מענטש, סיי א שלעכטער, דארף מען מיך, מיט רעכט, ניט האלטן פאראנטווארטליך, זינט איך האב קיינמאל גארניט צוגעזאגט, און ניט געגעבן קיין אינסטרוקציע צו קיינעם

פון זיי; און אויב איין מענטש זאָגט, אז ער האָט ווען עס איז געלערנט אָדער געהערט פון מיר וואָס עס איז פריוואַט, וואָס אַלע אַנדערע האָבן ניט געהערט, זייט זיכער אַז ער זאָגט ניט דעם אמת.

אָבער פאַרוואָס האָבן מאַנכע מענטשן אַזוי ליעב צו פאַרברענגען זייער צייט מיט מיר? איר האָט געהערט די אורזאַך, מענער פון אַטהען; וואָרעם איך האָב אייך געזאָגט דעם גאַנצן אמת; עס איז דערפאַר, ווייל זיי האָבן הנאה צו הערן ווי מען פאַרהערט מענטשן וואָס האַלטן זיך פאַר חכמים און זיי זענען דאָס ניט; און דאָס איז ניט אומאַנגענעם. אָבער מיר, ווי איך זאָג, איז געבאָטן געוואָרן פון גאָט דאָס צו טאָן, דורך אָראַקלען און חלומות, און אויף יעדן אַנדערן וועג, וואָס וועלכער עס איז מענטש איז ווען עס איז באַפוילן געוואָרן פון דער געטליכער מאַכט צו טאָן וואָס עס איז. דאָס דאָזיגע, אַטהענער, איז דער אמת, און עס קען לייכט ווערן אויספּרובירט. וואָרעם אויב איך פאַרדאַרב מאַנכע פון די יונגע מענער, און איך האָב פאַרדאָרבן אַנדערע, וואָלטן דאָך מאַנכע פון זיי, וואָס זענען עלטער געוואָרן, אויב זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך האָב זיי ווען עס איז געגעבן שלעכטע עצות ווען זיי זענען געווען יונג, באַדאַרפט אַצינד אַרויסקומען און מיך אָנקלאָגן און זיך נוקם זיין. אָדער אויב זיי אַליין ווילן דאָס ניט טאָן, דאַרפן דאָך זייערע קרובים — פאָטערס אָדער ברידער אָדער אַנדערע אָנגעהעריגע — קומען אַצינד און דערציילן די פאַקטן. און פיל פון זיי זענען דאָ אַנוועזנד, וועלכע איך זעה; ראשית, איז קריטאָן דאָ, וואָס איז אין איין עלטער מיט מיר, און פון איין שבט, און ער איז דער פאָטער פון קריטובולאס, וואָס איז אויך דאָ אנוועזנד; דאַן איז דאָ ליסאַניאַס פון ספיטאַ, דער פאָטער פון עסכינעס, וואָס איז אויך דאָ; און אויך אַנטיפאָן פון קעפיסוס, דער פאָטער פון עפיגענעס. דאַן זענען דאָ אַנדערע דאָ, וועמעס ברידער האָבן זיך באַטייליגט אין מיינע שמועסן, ניקאָסטראַטאָס, דער זון פון טהעאָזאָטי-

דעם און ברודער פון טהעאָדאטאס (טהעאָדאטאס איז איצט שוין טויט, און ער קען אים ניט אָבהאַלטן מיט בקשות), און פּאראלאס, דער זון פון דעמאָדאקאס; טהעאגעס איז געוועזן זיין ברודער; און אדימאנטאס, דער זון פון אריסטא, וואָס זיין ברודער דאָ איז פּלאַטאָן; און אעאנטאדאראס, וועמעס ברודער, אפּפּאללאדאראס, איז אנוועזנד. און איך קען אייך אָנרופן נאָך פיל אַנדערע, וואָס וועמען עס איז פון זיי מעלייטאס האָט זיכער באַדאַרפט ארויסרופן אַלס עדות בעת ער האָט גערעט; און אויב ער האָט דאָס פריער פאַרגעסן, זאָל ער עס טאָן אַצינד; איך וועל אים אָבטרעטן מיין פּלאַץ, און זאָל ער זאָגן אויב ער האָט אַזעלכע עדות. אָבער איר וועט געפינען, רבותי, אַז פּונקט דער היפוך פון דעם איז דער פּאַל, אַז זיי זענען אַלע גרייט מיר צו העלפן, דעם מאַן וואָס פאַרדאַרבט און שעדיגט זייערע קרובים, ווי מעלייטאס און אַניטאס זאָגן. נו, די וואָס זענען אַליין פאַרדאַרבן קענען נאָך האָבן מאָטיוון מיר צו וועלן העלפן; אָבער וואָסער אורזאַך קענען זייערע קרובים האָבן, וואָס זיי זענען דאָך ניט פאַרדאַרבן, און זיי זענען שוין עלטערע מענטשן, סיידן די ריכטיגע און אמת'ע אורזאַך איז, וואָס זיי ווייסן, אַז מעלייטאס לייגט און איך רייד דעם אמת?

בכן, רבותי, דאָס דאַזיגע און אפשר נאָך מער פון דעם מין, איז אומגעפער אַלץ וואָס איך האָב צו זאָגן פאַר מיין פאַרטיידיגונג. אפשר וועט איינער פון אייך זיך געפינען באַליידיגט, ווען ער וועט זיך דערמאָנען זיין אייגענע אויפפירונג, אפילו אין אַ פאַל וואָס איז געוועזן ניט אַזוי וויכטיג ווי דער, ווי ער האָט זיך געבעטן רחמים ביי די ריכטער, און געוויינט מיט טרערן, און האָט ארויסגעשטעלט זיינע קינדער צו דערוועקן רחמנות, און אַ סך אַנדערע פריינד און קרובים, בעת איך טו ניט קיינס פון די זאַכן, הגם איך בין, אויגענשיינליך, אין דער גרעסטער סכנה. אפשר וועט איינער, מיט אַזעלכע געדאַנקען אין קאָפּ, זיין בייז אויפגעלייגט אויף מיר, און ער קען נאָך שטימען בעת ער איז אין כעס.

נו, אויב איינער פון אייך איז אזוי אויפגעלייגט — איך גלויב ניט, אז עס איז דא אזא איינער — אויב אבער אזא איינער איז דא, שיינט מיר, אז איך וואלט געקענט ריכטיג, ווען איך וואלט אים געזאגט: מיין פריינד, אויך איך האב קרובים, ווארעם איך בין, ווי האמער זאגט, „ניט געבוירן פון א דעמבע אדער א שטיין״, נאר פון מענשליכע על־טערן, אזוי אז איך האב קרובים, און, מענער פון אטהען, איך האב דריי זין, איינער איז שוין באלד א דערוואקסענער בחור, און צוויי נאך קינדער; אבער פונדעסטוועגן וועל איך קיינעם פון זיי ניט אהערברענגען צו בעטן פאר מיין באפרייאונג. און פארוואס וועל איך דאס ניט טאן? ניט ווייל איך בין אן עקשן, אטהענער, אדער ווייל מיר פעלט אכטונג צו אייך. צי איך האב מורא פאר דעם טויט, צי ניט, איז אן אנדער זאך, אבער צוליעב מיין גוטן נאמען, און אייערן, און דער גוטער נאמען פון דעם גאנצן שטאט, דענק איך, אז עס איז ניט רעכט פאר מיר צו טאן וועלכע עס איז פון די זאכן, נעמענדיג אין אכט מיין עלטער און מיין רעפוטאציע, צי זי איז א פארדינטע, צי ניט; ווארעם ווי די מעשה זאל ניט זיין, עס גייט ארום א שם, אז סאקראטעס שטייגט אריבער אויף וואסער עס איז אופן די מייסטע מענטשן. און אויב די פון אייך וואס מען האלט פאר העכער סיי אין חכמה, סיי אין קוראזש, אדער אין וואסער עס איז אנדערע מדה, זאלן זיך אזוי אויפפירן, וואלט דאס געווען א חרפה. אודאי, איך האב אפט געזעהן מענער, וואס האבן א שטיקל שם, האבן זיך אויפגעפירט זייער זונדער־באר ווען זיי זענען געשטאנען צו משפט, עפעס ווי זיי וואלטן געדענקט, אז זיי וועט טרעפן די שרעקליכסטע צרה ווען זיי וועלן שטארבן, גלייך ווי זיי וואלטן געווען אומשטערב־ליך, ווען איר וואלט זיי ניט דער׳הרג׳עט. עס שיינט מיר, אז זיי זענען א חרפה פאר דעם לאנד, און אז יעדער פרעמ־דער קען זאגן, אז די דאזיגע פון די אטהענער וואס שטייגן אריבער אין גוטע מידות, מענער וואס זיי אליין בארן

מיט עמטער, און אנדערע כבודים, זענען ניט בעסער פון ווייבער. אזעלכע טאטן, מענער פון אטהען, דארפן מיר, וואס האבן אפילו די קלענסטע רעפוטאציע, ניט באגיין, און אויב מיר באגייען זיי יא, דארפט איר דאס ניט דערלויבן, נאר איר דארפט מאכן קלאר, אז איר וועט גיכער פאראורטיילן א מענטש, וואס מאכט פאר אייך אזעלכע קלאגעדיגע סצענעס און מאכט די שטאט לעכערליך, איידער איינעם וואס שווייגט שטיל.

אבער א חוץ די פראגע פון רעפוטאציע, רבותי, שיינט מיר, אז עס איז ניט רעכט צו בעטן רחמים פון דעם ריכטער, אדער צו ווערן באפרייט דורך בעטלען; מיר דארפן אים באווייזן, און איבערצייגן. ווארעם דער ריכטער זיצט דא, ניט אויסצוטיילן טובות אין ענינים פון גערעכטיגקייט, נאר ארויסצוגעבן א פסק דין; און זיין שבועה צווינגט אים ניט צו טאן קיין טובות לויט ווי אים געפעלט, נאר צו משפט'ן לויט די געזעצן; דערפאר, דארפן מיר אייך ניט געבן די געוואוינהייט איר זאלט ברעכן אייערע שבועות, און איר אליין דארפט זיך צו דעם ניט צוגעוואוינען; ווארעם קיינער פון אונז וואלט ניט געהאנדלט לויט פרומקייט. פאדערט זשע דערפאר ניט פון מיר, מענער פון אטהען, איך זאל זיך פאר אייך אויפפירן אויף א וועג, וואס איך האלט איז אי אן אומכבוד, אי אומגערעכט, אי ניט פרום, ספעציעל אצינד, ווען אומפרומקייט איז די סאמע זאך פאר וועלכער אט דער מעלייטאס האט מיך געשטעלט צו משפט. ווארעם עס איז דאך פשוט, אז אויב איך וואלט מיט איבערריידן און בקשות אייך געגוועטיגט צו ברעכן אייערע שבועות, וואלט איך אייך געוויזן געלערנט אויפצוהערן צו גלויבן אין דער עקזיסטענץ פון די געטער, און מיט מיין פארטיידיגונג וואלט איך זיך אזוי ארום אליין באשולדיגט אין דעם, אז איך גלויב ניט אין זיי. אבער דאס איז זייער ווייט פון דעם אמת; ווארעם איך גלויב אין זיי, מענער פון אטהען, מער איידער יעדער איינער פון מיינע באשולדיגער, און איך גיב איבער מיין פאל

צו אייך, און צו גאָט, צו באַשטימען ווי עס זאָל זיין בעסער פאַר מיר און פאַר אייך.

(דאָ ענדיגט זיך די ערשטע רעדע. די ריכטער געפינען אים שולדיג. לויט דעם דעמאָלדיגן געזעץ אין גריכנלאַנד, האָט דער שולדיגער דאָס רעכט פאָרצושלאָגן זיין שטראָף.)

אַז איך בין ניט בייז, מענער פון אַטהען, פאַר די פאַר־אורטיילונגס שטימען, וואָס איר האָט אָפּגעגעבן קעגן מיר, איז דאָס צוליעב אַ סך טעמים. איינער פון די טעמים איז דער פאַקט, וואָס אייער באַשלוס איז פאַר מיר ניט געווען קיין איבעררַאשונג. איך בין אַ סך מער איבערראַשט פון דער צאָל שטימען וואָס זענען אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר און קעגן מיר; וואָרעם איך האָב ניט דערוואַרטעט אַזאַ קליינע מאַיאָריטעט, נאָר אַ גרויסע. אַצינד זעהט עס אויס, ווען נאָר דרייסיג שטימען וואָלטן געגאַנגען דעם אַנדערן וועג, וואָלט איך געווען אַרויס פריי. און אַזוי, דענק איך, אַז וואָס איז שייך מעלייטאַס, בין איך אַפילו איצטער אַרויס פריי, און ניט סתם פריי, נאָר יעדער איינער קען זעהן, אַז ווען אַניטאַס און ליקאָן וואָלטן ניט געקומען מיך צו באַשולדיגן, וואָלט ער געווען באַשטראָפט געוואָרן מיט אַ טויזנט דראַכמען קנס, פאַר קריגן ווייניגער פון אַ פינפטל פון די שטימען.

און דער מאַן שלאָגט פאָר די טויט־שטראָף. גוט. וואָס זשע זאָל איך פאָרשלאָגן פון מיין צד? זיכער דאָס וואָס איך פאַרדין, ניט אַזוי? און וואָס פאַרדין איך צו ליידן, אָדער צו באַצאָלן, פאַר דאָס, וואָס מיין גאַנץ לעבן בין איך ניט געזעסן במנוחה, נאָר איך האָב פאַרנאַכלעסיגט די זאַכן פאַר וואָס די מייסטע מענטשן דאגה׳נען זיך — צו פאַרדינען געלט און אייגנטום, און מיליטערישע אַמטן, און עפענטליכע רעדעס, און די פאַרשידענע אַמטן, און די קריגערייען, און פאַרטייען, וואָס קומען פאָר אין דעם לאַנד — און דענקענדיג אַז איך בין ווירקליך געווען צו ערליך זיך צו פאַרנעמען מיט דעם און בלייבן לעבן, האָב איך זיך צוריקגעהאַלטן פון די דאָזיגע זאַכן, וואָס פון זיי וואָלט ניט אַרויסגעקומען קיין שום פעולה

ניט פאַר אייך, און ניט פאַר מיר, און איך האָב זיך אין גאַנצן איבערגעגעבן צו ברענגען צו יעדן בירגער באַזונדער דאָס, וואָס איך האָב געהאַלטן פאַר דעם גרעסטן גוטס? וואָרעם איך האָב זיך געסטאַרעט איבערצורייד׳ן יעדן פון אייך זיך צו דאגה׳נען פאַר זיך, און פאַר זיין אייגענע פולקאָמענקייט און גוטסקייט, און אין חכמה פריער איידער פאַר זיין האָב און גוטס; און פאַר דעם לאַנד אַליין פריער, איידער פאַר זייַנע אינטערעסן, און נאָכצופאָלגן דיזעלביגע מעטאָדע אין זיין זאָרג פאַר אַנדערע זאַכן. וואָס, זאָג איך, פאַרדינט אַזאַ מענטש ווי איך? עפּעס אַ גוטע זאַך, מענער פון אַטהען, אויב איך מוז פאַרשלאָגן עטוואָס, וואָס איז אין אמת׳ן לויט מיינע פאַרדינסטן; און די גוטע זאַך זאָל זיין אַזאַ וואָס פּאַסט זיך פאַר מיר. נו, וואָס איז פּאַסיג פאַר אַן אָרעם מאַן, וואָס איז אייער בעל טובה, און וואָס דאַרף האָבן פרייע צייט אייך צו זאָגן מוסר? עס איז ניט דאָ קיין אַנדערע זאַך, מענער פון אַטהען, אַזוי פּאַסיג ווי דאָס, אַז אַזאַ מאַן זאָל קריגן זיין אויסהאַלטונג אין דעם פּריטאַנעאום. דאָס איז אַ סך מער צוגעפּאַסט פאַר מיר איידער פאַר וועמען עס איז פון אייך וואָס האָט געוואונען די אָלימפּישע וועט־שפּילן מיט אַ פּאָר פערד אָדער אַ רייט וואָגן. וואָרעם דער מאַכט אייך נאָר שיינבאַר גליקליך, בעת איך מאַך אייך גליקליך אויף אַן אמת; און ער נויטיגט זיך לחלוטין ׳ניט אין אויסהאַלטונג, אָבער איך בין אין נויט. בכן, אויב איך מוז פאַרשלאָגן אַ שטראָף לויט מיינע פאַרדינסטן, שלאָג איך פאַר אויסהאַלטונג אין דעם פּריטאַנעאום.

אפשר וועט ווער עס איז פון אייך דענקען, אַז ווען איך זאָג דאָס, פּונקט ווי ווען איך האָב גערעדט פון קלאָגן און בקשות, רייד איך דאָס אין אַ גייסט פון כוואַטסטווע; אָבער דאָס איז ניט דער פאַל. דער אמת איז גיכער אַזוי. איך, אַטהענער, בין איבערצייגט, אַז איך האָב קיינמאָל קיינעם מיט אַ כיוון ניט געטאָן קיין עולה; אָבער איך קען אייך אין דעם ניט איבערצייגן, ווייל מיר האָבן נאָר געשמועסט אַ קורצע

צייט. איך גלויב, ווען איר וואָלט געהאַט אַ געזעץ, ווי מאַנכע אַנדערע האָבן, אַז אַ פּראָצעס וואו די שטראָף קען זיין טויט, זאָל ניט ווערן באַשלאָסן אין איין טאָג, נאָר נאָך דעם אַפּלויף פון עטליכע טעג, וואָלט איר געוועזן איבערציינגט. אָבער אַצינד איז עס ניט לייכט אייך צו באַפרייען פון גרויסע פאָר־אורטיילן אין אַ קורצער צייט. אַזוי ווי איך בין איבערציינגט, אַז איך האָב קיינעם ניט געטאָן קיין עולה, וועל איך זיכער ניט גיין טאָן אַן עולה זיך אַליין, און זאָגן וועגן זיך אַליין, אַז איך פאַרדין עפּעס שלעכטס, און פאָרצושלאָגן אַ שטראָף פון דעם מין פאַר מיר אַליין. פאַר וואָס האָב איך דאָ מורא צו האָבן? פאַר דער שטראָף וואָס מעלייטאָס שלאָגט פאָר, וועגן וועלכער איך זאָג, אַז איך ווייס ניט צי עס איז אַ גוטע זאַך אָדער אַ שלעכטע? זאָל איך אויסקלייבן אנשטאָט דעם אַ זאַך, וואָס איך ווייס אַז עס איז שלעכט? זאָל איך אפשר פאָרשלאָגן תפיסה? און פאַר וואָס זאָל איך לעבן אין גע־פענגניש, אַ קנעכט צו די וואָס זענען גראַד די אויפזעהער? אָדער זאָל איך פאָרלייגן אַ געלט שטראָף, מיט תפיסה ביז דאָס געלט וועט ווערן באַצאָלט? אָבער דאָס איז דאָסזעלביגע ווי וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט, וואָרעם איך האָב ניט קיין געלט מיט וואָס צו באַצאָלן. זאָל איך אפשר פאָרלייגן פאַרשיקט צו ווערן אַלס מיין שטראָף? דאָס וואָלט איר אפשר אָנגענומען. איך וואָלט ווירקלאַך באַדאַרפט זיין צו שטאַרק פאַרליעבט אין דעם לעבן, אויב איך זאָל זיין אַזוי אומפאַרנונפטיג ניט צו וויסן, אַז אויב איר, וואָס איר זענט מיינע לאַנדסלייט, האָט ניט געקענט אַריבערטראָגן מיינע שמועסן און מיינע רייד, און איר האָט זיי געפונען פאַר נודנע און אומאָנגענעם אויף אַזוי פיל, אַז איר זוכט אַצינד זיך צו פּטור'ן פון זיי. זאָלן אַנדערע זיי יאָ וועלן אַריבערטראָגן. ניין, מענער פון אַטהען, עס איז גאַנץ ווייט פון דעם. אַ שיין לעבן וואָלט דאָס געווען, ווען איך זאָל אין מיינע יאָרן פון דאַנען אַוועקגיין און וואַנדערן פון שטאָט צו שטאָט, און פון אומעטום ווערן אַרויסגעטריבן. וואָרעם איך ווייס גאַנץ גוט,

אַ וואוהין איך וועל נאָר גיין, וועלן די יונגע לייט זיך צוהערן צו מיינע שמועסן, ווי זיי טוען דאָ; און אויב איך וועל זיי אַוועקטרייבן, וועלן זיי אַליין באַוועגן זייערע עלטערן זיי זאָלן מיך אַרויסטרייבן, און אויב איך וועל זיי ניט אַוועקטרייבן, וועלן זייערע פֿאָטערס און קרובים מיך אַרויסטרייבן פון זייער טובה וועגן.

איינער קען אפשר זאָגן: „סאָקראַטעס, קענסט דו ניט אַוועקגיין פון אונז און לעבן רוהיג, און ניט ריידן?“ און דאָס איז די שווערסטע זאַך צו מאַכן מאַנכע פון אייך גלויבן. וואָרעם אויב איך וועל זאָגן, אַז אַזאַ אויפפירונג וואָלט געווען אַ ווידערשפעניגקייט קעגן דעם גאָט, און דערפאַר קען איך ניט זיין שטיל, וועט איר דענקען איך מאַך שפּאַס, און איר וועט מיר ניט גלויבן; און אויב, ווידער, איך וועל זאָגן, אַז צו ריידן יעדן טאָג וועגן גוטע מידות און די אַנדערע זאַכן, וואָס וועגן זיי הערט איר מיך ריידן, און צו פאָדערן אַ חשבון הנפש פון זיך אַליין און פון אַנדערע, איז דאָס גרעסטע גוטס פֿאַר דעם מענטשן, און אַז דאָס לעבן אָן אַזאַ חשבון הנפש איז ניט ווערט געלעבט צו ווערן, וועט איר מיר נאָך וויניגער גלויבן. דער אמת איז אַזוי ווי איך זאָג, רבותי, אָבער עס איז ניט לייכט אייך צו איבערצייגן. אַ חוץ דעם, בין איך גאָר ניט געוואוינט צו דענקען, אַז מיר קומט עטוואָס שלעכטס. וואָלט איך געהאַט געלט, וואָלט איך פאָרגעשלאָגן אַ געלט־שטראָף, אַזוי גרויס ווי איך וואָלט נאָר געקענט באַצאָלן; וואָרעם דאָס וואָלט מיר ניט געטאָן קיין שום שאָדן. אָבער די מעשה איז, אַז קיין געלט האָב איך ניט, סיידן איר ווילט אַרויפלייגן אַזאַ שטראָף וואָס איך וואָלט געקענט באַצאָלן. איך וואָלט אפשר געקענט באַצאָלן איין מינאַ אין זילבער. לייג איך פאָר די דאָזיגע שטראָף; אָבער פּלאַטאָן דאָ, מענער פון אַטהען, און קריטאָן, און קריטאָבולאָס און אַפּאָללאָדאָראָס זאָגן מיר איך זאָל פאָרשלאָגן אַ שטראָף פון דרייסיג מינעס, און זיי זאָגן אַז זיי וועלן זיין די גוט־זאָגער דערפאַר. שלאָג איך על כן פאָר אַ שטראָף פון דער דאָזיגער סומע, און די

**מענער דאַ זענען גוט געווען פאַר מיינע ערבות.**

(די ריכטער פאַר'משפט'ן אים צום טויט.)

מענער פון אַטהען, צוליעב ניט קיין לאַנגער צייט, וועלן די וואָס ווילן באַריידן די שטאָט אייך מאַכן אַ שלעכטן נאָמען, און וועלן אייך באַשולדיגן, אַז איר האָט גע'הרג'עט סאָקראַטעס'ן, אַ חכם; וואָרעם די וואָס ווילן אייך באַשמוצן וועלן זאָגן אַז איך בין אַ חכם, אפילו ווען איך בין דאָס ניט. און ווען איר וואָלט געוואַרט אַ שטיקל צייט, וואָלט דאָס וואָס איר ווינשט געוועזן געקומען פון זיך אַליין; וואָרעם איר זעהט דאָך ווי אַלט איך בין, ווי ווייט פאָרטגעשריטן אין לעבן, און ווי נאָענט צו דעם טויט. איך זאָג דאָס ניט צו אַלע פון אייך, נאָר צו די דאָזיגע וואָס האָבן געשטימט פאַר מיין טויט. און צו זיי האָב איך נאָך וואָס אַנדערס צו זאָגן. אפשר דענקט איר, רבותי, אַז איך בין פאַר'משפט געוואָרן אויס דוחק אין אַזעלכע ווערטער, וואָס וואָלטן אייך באַוואויגן מיך צו באַפרייען, ווען איך וואָלט געהאַלטן פאַר רעכט צו טאָן און צו זאָגן אַלץ אין דער וועלט, אַבי נאָר צו געווינען אַ באַפרייאונג. ווייט פון דעם. און דאָך איז דאָס צוליעב אַ דוחק, וואָס איך בין געוואָרן פאַר'משפט, אָבער ניט דער דוחק אין ווערטער, נאָר אַ דוחק אין חוצפה און אומפאַרשעמטקייט און חשק צו זאָגן אייך אַזעלכע זאַכן, וואָס איר וואָלט צום בעסטן געוואָלט הערן. איר וואָלט האָלט געהאַט צו הערן מיך יאָמערן און קלאָגן, און טאָן און זאָגן זאַכן, וואָס, איך באַשטיי דאָרויף, זענען אומווירדיג פאַר מיר — אַזעלכע זאַכן ווי איר זענט געוואוינט צו הערן פון אַנדערע. אָבער איך האָב פריער ניט געדענקט, אַז איך דאַרף, צוליעב דער סכנה אין וועלכער איך בין געשטאַנען, טאָן עפּעס וואָס איז אומווירדיג פאַר אַ פרייען מענטשן, און אויך איצט האָב איך ניט קיין חרטה פאַר וואָס איך האָב זיך פאַרטיידיגט אויף דעם אופן ווי איך האָב עס געטאָן, און עס איז מיר אַ סך ליעבער צו שטאַרבן נאָך אַזאַ פאַרטיידיגונג, איידער צו לעבן נאָך דער פאַרטיידיגונג פון דעם אַנדערן מין. וואָרעם ניט אין דעם געריכט, און ניט אין

מלחמה, מעג איך אָדער וועלכער עס איז אַנדער מענטש אַנ־ווענדן אַלע מיטלען אין דער וועלט אַבי צו אַנטרינען פון טויט. אין מלחמה איז עס אָפט קלאָר, אַז אַ מענטש וואָלט געקענט אויסמיידן דעם טויט ווען ער זאָל אַוועקוואַרפן זיין געווער און בעטן רחמים ביי זיינע נאָכיאָגער; און עס זענען דאָ אַנדערע מיטלען צו אַנטגיין דעם טויט ביי פאַרשידענע אַנדערע סכנות, אויב איינער איז וויליג צו טאָן און צו זאָגן אַלץ אין דער וועלט. אָבער, רבותי, עס איז ניט שווער צו אַנטרינען פון טויט; אַ סך שווערער איז צו אַנטרינען פון געמיינהייט, וואָרעם דאָס לויפט שנעלער פון דעם טויט. און אַצינד איך, זינט איך בין אַלט און גיי פּאַמעלאַך, האָט מיך געפּאַקט דער לאַנגזאַמערער לויפער, און מיינע באַשולדיגער, וואָס זענען פּיקחים און שנעל, דער שנעלערער — די געמיינ־הייט. און איצט גיי איך אַוועק פאַר׳משפּט פון אייך צום טויט, און זיי גייען אַוועק פאַרדאַמט פון דעם אמת אין פאַר־דאָרבנקייט און אומגערעכטיגקייט. און איך פאַרנעם מיין שטראָף, און זיי, זייערע. אפשר האָבן די זאַכן געמוזט אַזוי זיין, און איך דענק דאָס איז צום גוטן.

און אַצינדער וויל איך אייך זאָגן נביאות, אַ איר וואָס האָט מיך פאַר׳משפּט; וואָרעם איך האָב אַצינד דערגרייכט די צייט, ווען מענטשן זענען גענייגט צו זאָגן נביאות — אַ קורצע צייט פאַר זייער טויט. און איך זאָג אייך, איר מענער וואָס האָט מיך געמערדערט, אַז אַ שטראָף וועט קומען אויף אייך באַלד נאָך מיין טויט, וואָס וועט זיין אַ סך שרעקליכער, ביי גאָט, איידער די טויט־שטראָף וואָס איר האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט. וואָרעם איר האָט דאָך געטאָן דאָס צו מיר, ווייל איר האָט געהאָפט אַזוי אַרום זיך צו באַפרייען פון אָב־צוגעבן אַ חשבון פון אייערע לעבנס; אָבער איך זאָג, אַז איר וועט אויסגעפינען, אַז דער רעזולטאַט וועט זיין אַ גאַנץ אַנדערער. די וואָס ווילן פאַרלאַנגען אַ חשבון פון אייך ווילן זיין גרעסער אין צאָל ווי ביז אַהער; מענטשן וואָס איך האָב צוריקגעהאַלטן, הגם איר האָט דאָס ניט געוואוסט; און זיי

וועלן זיין שטרענגער אויף אַזוי פיל אויף וויפיל זיי זענען יונגער, און איר וועט זיין מער אין כעס. וואָרעם אויב איר מיינט, אַז מיט דעם וואָס איר וועט איבערגעבן מענטשן צום טויט, וועט איר אָבהאַלטן וועמען עס איז פון צו מאַכן אַייך פאָרוואורפן פאַר וואָס איר האַנדלט ניט ווי געהעריג, האָט איר אַ טעות. אַזוי אַרום זיך אַרויסצודרייען איז ניט אין גאַנצן מעגליך, און עס איז אויך ניט בכבוד. דער לייכטסטער און דער בכבוד'סטער וועג זיך אַרויסצודרייען איז ניט דורך אונטערדריקן אַנדערע, נאָר דורך מאַכן זיך אַליין אַזוי גוט ווי מעגליך. מיט דער נבואה צו אַייך, וואָס האָבן מיך פאַר'משפט, נעם איך מיין אָפּשייד. אָבער מיט די דאָזיגע וואָס האָבן געשטימט פאַר מיין באַפרייאונג וואָלט איך וועלן זיך דורכשמועסן וועגן דעם וואָס האָט פּאַסירט, בעת די מאַגיסטראַטן זענען פאַרנומען, און איידער איך גיי צו דעם פלאַץ וואו איך מוז שטאַרבן. בלייבט מיט מיר דאָס ביסל צייט, מיינע פריינד; וואָרעם קיין זאַך שטערט אונז ניט צו פלוידערן איינער מיט'ן אַנדערן ווי לאַנג עס איז נאָך דאָ צייט. וואָרעם אַייך אַלס מיינע פריינד ווינש איך צו ווייזן די כונה פון דעם, וואָס האָט אַצינד געטראָפן. וואָרעם, ריכטער, — און ווען איך רוף אַייך ריכטער, גיב איך אַייך דעם ריכטיגן נאָמען — אַ וואונדערליכע זאַך האָט מיט מיר געטראָפן. ביז אַהער האָט מיין נבואה'שער באַגלייטער פון גאָט זייער אָפט צו מיר גערעט, און האָט זיך מיר אַנטקעגן געשטעלט אַפילו אין דער קלענסטער קליינינקייט, ווען איך בין געגאַנגען טאָן עטוואָס וואָס איך האָב ניט געזאָלט; אָבער אַצינד, ווי איר זעהט אַליין, איז אויף מיר געקומען די דאָזיגע זאַך, וואָס מען קען באַטראַכטן, און וואָס ווערט אין אַלגעמיין באַטראַכט, פאַר דעם גרעסטן אומגליק; אָבער דער געטליכער צייכן האָט זיך מיר ניט אַנטקעגן געשטעלט, ניט ווען איך האָב פאַרלאָזן מיין הויז אין דער פרי, ניט ווען איך בין געקומען דאָ אַהער אין דעם געריכט, און אויך ניט ביי וואָסער עס איז פונקט אין מיין רעדע, ווען איך בין געגאַנגען עטוואָס זאָגן; כאָטש ביי

אַנדערע געלעגנהייטן האָט עס מיך אָפּגעשטעלט ביי פיל פּונקטן אין דער מיטן פון אַ רעדע; אָבער אַצינד, אין דעם ענין, איז עס מיר ניט געווען דאַגעגן אין קיין שום זאַך, וואָס איך האָב געטאָן אָדער געזאָגט. וואָס זשע, האַלט איך, איז די אורזאַך? איך וועל אייך זאָגן. דאָס וואָס האָט מיך געטראָפן איז בלי ספק אַ טובה, און די פון אונז וואָס דענקען, אַז דער טויט איז אַ רעה, מוזן האָבן אַ טעות. אַן איבערצייגנדער באַווייז איז מיר געגעבן געוואָרן פאַר דעם; וואָרעם דער געוויינטליכער צייכן וואָלט זיכער געווען געגעבן געוואָרן, ווען איך וואָלט ניט אַנטקעגן געגאַנגען עפּעס גוטס.

לאָמיר נאָך באַטראַכטן אויף אַן אַנדער אופן פאַר וואָס עס איז דאָ אַ שטאַרקע האָפנונג, אַז דאָס איז אַ גוטע זאַך. וואָרעם דער טויט איז איינס פון די ביידע: אָדער עס איז לגמרי גאָרנישטקייט, אַזוי אַז דער טויטער האָט ניט קיין שום באַוואוסטזיניגקייט פון וואָס עס איז, אָדער עס איז, ווי מענטשן זאָגן, אַן איבערבייט, און אַ וואַנדערונג פון דער נשמה פון דעם אָרט אויף אַן אַנדער אָרט. און אויב עס איז אומבאַוואוסטזיניגקייט, ווי אַ שלאָף אין וועלכן דער שלאָפער חלומ'ט אפילו ניט, וואָלט דער טויט געווען אַ וואונדערליכער געווינס. וואָרעם איך דענק, ווען איינער זאָל נעמען אויסקלייבן די נאַכט, ווען ער איז געשלאָפן אַ שלאָף אָן חלומות, און, פאַרגלייכנדיג דאָס מיט די אַנדערע נעכט און טעג פון זיין לעבן, זאָל ער אונז וועלן זאָגן, נאָך אַ גענויער איבערלייגונג, וויפיל טעג און נעכט פון זיין לעבן ער האָט פאַרבראַכט אנגענעמער פון יענער נאַכט, — גלויב איך, אַז ניט נאָר אַ פּשוט'ער מענטש, נאָר אפילו דער פּערסישער קעניג אַליין וואָלט אויסגעפונען, אַז זיי זענען געווען זייער ווייניג אין פאַרגלייך מיט די אַנדערע טעג און נעכט. נו, אויב דאָס איז די אייגנשאַפט פון דעם טויט, האַלט איך דאָס פאַר אַ געווינס; וואָרעם אין דעם פאַל זעהט די גאַנצע צייט אויס צו זיין ניט לענגער ווי איין נאַכט. אויב אָבער, פון דער צווייטער זייט, דער טויט איז, אַזוי צו זאָגן, אַן איבערציען

זיך פון דאָנען אויף עפּעס אַן אַנדער אָרט, און אויב עס איז אמת, וואָס מען זאָגט אונז, אַז אַלע, אַלע טויטע זענען דאָרטן, וואָס קען נאָך זיין אַ גרעסערע גליקזעליגקייט פון דעם, מיינע ריכטער? וואָרעם אויב אַ מענטש ווען ער קומט אַהין אויף יענער וועלט, איבערלאָזנדיג הינטער זיך די וואָס האַלטן זיך פאַר ריכטער, זאָל געפינען די דאָזיגע וואָס זענען אמת'ע ריכטער, וואָס, ווי מען זאָגט, זיצן דאָרט און משפּט'ן, מינאָס און ראַדאַמאַנטאַס און וויאַקאָס און טריפּטאָלעמאָס און אַלע אַנדערע האַלב-געטער, וואָס זענען געווען צדיקים ביים לעבן, וואָלט דאָס געווען אַ שלעכטער איבערבייטן? אָדער, נאָך אַמאָל, וואָס וואָלט ניט איינער פון אייך געגעבן זיך צו באַגעגענען מיט אָרפעאָוס, און מוסאַיאָוס און העסיאָד און האָמער? איך בין וויליג צו שטאַרבן פיל מאָל, אויב די דאָזיגע זאַכן זענען אמת; וואָרעם איך פּערזענליך וואָלט באַטראַכט דאָס לעבן דאָרט וואונדערליך, ווען איך וואָלט באַגעגנט פּאַלאַמידאָס, און איאַס, דער זון פון טעלאַמאָן, אָדער אַנדערע מענער פון אַמאָל, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע לעבנס דורך אַן אומגערעכטן משפּט, און איך וואָלט פאַרגליכן מיינע דערפאַרונגען מיט זייערע. איך דענק, דאָס וואָלט ניט געווען אומאַנגענעם. און דער גרעסטער תענוג וואָלט געווען צו פאַרברענגען מיין צייט מיט אויספרעגן און אויספאָרשן די מענטשן דאָרטן, ווי איך טו דאָס צו די וואָס זענען דאָ, און אויסגעפינען ווער צווישן זיי איז אַ חכם, און ווער דענקט ער איז דאָס ווען ער איז ניט. וואָסער פּרייז וואָלט ניט איינער פון אייך באַצאָלט, ריכטער, צו פאַרהערן דעם, וואָס האָט געפירט די גרויסע אַרמיי קעגן טראָי, אָדער אָדיססעאוס, אָדער סיסיפוס, אָדער אומצייליגע אַנדערע, מענער און פרויען, וואָס איך וואָלט געקענט דערמאָנען? צו שמועסן און זיך צו אונטערהאַלטן מיט זיי, און זיי צו פאַרהערן וואָלט געווען אומשעצבאַרע גליקזעליגקייט. על כל פּנים, יענע לייט הרג'ענען ניט קיין מענטשן פאַר דעם; זינט, אויב עס איז אמת וואָס מען זאָגט, זיי זענען אומשטערבליך פאַר אַלע קומענדיגע

צייטן, אַ חוץ וואָס זיי זענען גליקליכער פון די מענטשן דאָ אין אַנדערע פּרטים.

אָבער אויך איר, ריכטער, מוזט באַטראַכטן דעם טויט מיט האָפנונג, און איר מוזט האַלטן אין זינען דעם איינעם אמת, אַז קיין שום שלעכטס קען ניט געשען אַ גוטן מענטשן, סיי ביים לעבן, סיי נאָך דעם טויט, און אַז גאָט פאַרלאָזט אים ניט. און אַזוי אויך דאָס וואָס האָט מיך געטראָפן, איז ניט געקומען דורך אַ צופאַל, נאָר איך זעה דייטליך, אַז עס איז בעסער פאַר מיר צו שטאַרבן אַצינד און ווערן באַפרייט פון צרות. דאָס איז די אורזאַך פאַר וואָס דער צייכן האָט זיך אַפילו ניט איינמאָל אַריינגעמישט. און איך בין כלל ניט אין כעס אויף די וואָס האָבן מיך פאַר׳משפט, אָדער אויף מיינע באַשולדיגער. און דאָך איז דאָס ניט געווען זייער כונה, ווען זיי האָבן מיך פאַר׳משפט און באַשולדיגט, נאָר זיי האָבן געמיינט מיר צו טאָן שאָדן. פאַר דעם פאַרדינען זיי מען זאָל זיי אויסשייגעצן. ווי עס זאָל ניט זיין, איך פאַרלאַנג פון אייך איין זאַך: ווען מיינע זין וועלן אויפוואַקסן, רבותי, זאָלט איר זיי שטראָפן מיט דיזעלביגע באַלעסטיגונג וואָס איך האָב אייך באַלעסטיגט; אויב עס דוכט זיך אייך, אַז זיי דאגה׳נען זיך פאַר געלט אָדער פאַר אַנדערע זאַכן מער איידער פאַר גוטע מידות, און אויב זיי ריידן זיך איין, אַז זיי זענען ווער ווייס וואָס, ווען זיי זענען ניט, — זידלט זיי אויס ווי איך האָב אייך אויסגעזידלט פאַר דעם וואָס זיי דאַגה׳נען זיך ניט פאַר וואָס זיי זאָלן, און זיי האַלטן זיך פאַר ווער ווייס וואָס, ווען זיי זענען ווערט גאָרניט. אויב איר וועט דאָס טאָן, וועלן ביידע, איך און מיינע זין, האָבן געקראָגן פון אייך גערעכטע באַהאַנדלונג.

אָבער די צייט איז איצט געקומען אַוועקצוגיין. איך גיי צום טויט, און איר צום לעבן! אָבער ווער פון אונז גייט צו דער בעסערער זאַך, ווייס קיינער ניט אויסער גאָט.

פערזאָנען: סאָקראַטעס
קריטאָן.

סאָקראַטעס. פאַרוואָס ביזט דו געקומען אין אַזאַ צייט, קריטאָן? אָדער איז שוין ניט מער פרי?

קריטאָן. עס איז נאָך גאַר פרי.

סאָקראַטעס. ארום וואָסער צייט?

קריטאָן. עס נעמט באַלד טאָגן.

סאָקראַטעס. איך וואונדער זיך, וואָס דער שליסער פון דעם געפענגניש האָט דיך געוואָלט אַריינלאָזן.

קריטאָן. ער איז שוין צו מיר צוגעוואוינט, סאָקראַטעס, וואָרעם איך קום אַזוי אָפט, און אַ חוץ דעם האָב איך פאַר אים עפּעס געטאָן.

סאָקראַטעס. ביזט דו נאָר וואָס געקומען, אָדער מיט אַ צייט צוריק?

קריטאָן. שוין אַ שטיקעל צייט.

סאָקראַטעס. פאַרוואָס זשע האָסט דו מיך באַלד ניט אויפגעוועקט, אנשטאט צו זיצן ביי מיר אין דער שטיל?

קריטאָן. ניין, ניין, ביי זעאוס, סאָקראַטעס, איך ווינש נאָר, איך אַליין וואָלט ניט געווען אַזוי וואַכזאַם און פול מיט צער. אָבער איך האָב דיך באַוואונדערט אַ שפּאַרע צייט, זעהענדיג ווי געשמאַק דו שלאָפסט; און מיט אַ כיוון האָב איך מיך אָבגעהאַלטן דיך אויפצואוועקן, כדי די צייט זאָל דיר אַוועקגיין אַזוי אַנגענעם ווי מעגליך. איך האָב אָפט געטראַכט, פאַר דיין גאַנצן לעבן ביז אויף היינט, אַז דו האָסט אַ גליקליכן טעמפּעראַמענט, און איך האַלט נאָך מער אַזוי אין דעם איצטיגן אומגליק, זעהענדיג ווי לייכט און געלאַסן דו טראַגסט דאָס אַריבער.

סאָקראַטעס. נו, קריטאָן, עס וואָלט געווען די גרעסטע

נאַרישקייט אויב אין מײַן עלטער וואָלט איך געווען צערודערט, ווייל איך מוז אַצינד שטאַרבן.

קריטאָן. אַנדערע מענטשן פּונקט אַזוי אַלט, סאָקראַטעס, ווערן אַריינגעשלעפּט אין ענליכע אומגליקן, אָבער זייער עלטער שטערט זיי ניט אויף אַ האָר צו ווערן צערודערט פון זייער גורל.

סאָקראַטעס. דאָס איז אמת. אָבער פאַר וואָס ביזט דו געקומען אַזוי פרי?

קריטאָן. צו ברענגען נייעס, סאָקראַטעס, טרויעריגע נייעס, הגם ווי עס זעהט אויס, ניט טרויעריג פאַר דיר, אָבער טרויעריג און פאַרדראָסיג פאַר מיר און פאַר אַלע דיינע פריינד, און צו זייער ווייניגע, דענק איך, אַזוי פאַרדראָסיג ווי צו מיר.

סאָקראַטעס. וואָס איז דידאָזיגע נייעס? איז די שיף געקומען פון דעלאָס*), וואָס נאָך איר אָנקומען דאַרף איך שטאַרבן?

קריטאָן. זי איז נאָך דוקא ניט געקומען, אָבער איך דענק זי וועט קומען היינט, לויט די באַריכטן פון מאַנכע מענטשן, וואָס זענען געקומען פון סוניום און האָבן זי דאָרט געלאָזן. עס איז קלאָר פון וואָס זיי זאָגן, אַז זי וועט קומען היינט, און מאָרגן, סאָקראַטעס, וועט מוזן קומען אַ סוף צו דיין לעבן.

סאָקראַטעס. גוט, קריטאָן, זאָל זיין אונז צום גליק. אויב דאָס איז דער ווילן פון די געטער, זאָל עס זיין אַזוי. פונ־דעסטוועגן, דענק איך ניט, אַז זי וועט קומען היינט.

קריטאָן. פון וואַנען נעמסטו דו דאָס?

סאָקראַטעס. איך וועל דיר זאָגן. איך מוז שטאַרבן אויף צו מאָרגן נאָכדעם ווי די שיף וועט אָנקומען?

---

*) וועגן דער שיף פאַרגלייך פעדאָן — די רייזע פון דער הייליגער שיף צו דעם אָראַקעל אין דעלאָס, הין און צוריק, האָט געדויערט דרייסיג טאָג. פאַר דער גאַנצער צייט איז קיין טויט־אורטייל ניט אויסגעפירט געוואָרן קעגן אַ בירגער פון אַטהען.

קריטאָן. אַזוי זאָגן די, וואָס האָבן די זאַך אין זייער האַנט.

סאָקראַטעס. איך דענק, זי וועט ניט אָנקומען היינט, נאָר מאָרגן, און מיין אורזאַך פאַר דעם איז אַ חלום, וואָס איך האָב געהאַט אַ קורצע ווײַלע צוריק אין פאַרלויף פון דער נאַכט. און אפשר האָסטו דו מיך געלאָזן שלאָפן פונקט אין דער ריכטיגער צייט.

קריטאָן. וואָס איז געווען דער חלום?

סאָקראַטעס. איך האָב גע'חלומט, אַז אַ שיינע און באַ־חנ'טע פרוי, אָנגעטאָן אין ווייסע קליידער, איז געקומען צו מיר און האָט מיך גערופן און געזאָגט, „סאָקראַטעס, אויף דעם דריטן טאָג וועסטו דו קומען צו דער פרוכטבאַרער פּהטיא.“

קריטאָן. אַ זונדערבאַרער חלום, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. ניין, אַ גאַנץ קלאָרער. יעדנפאַלס, איך דענק אַזוי, קריטאָן.

קריטאָן. שוין גאָר קלאָר, ווי עס זעהט אויס. אָבער, מיין טייערער סאָקראַטעס, אַפילו אַצינד, פאָלג מיך און ראַטעווע דיך. זינט אויב דו שטאַרבסט, וועט דאָס ניט זיין בלויז אַן איינפאַך איינציגער אומגליק פאַר מיר, נאָר איך וועל פאַר־לירן אַ פריינד, וואָס אַזעלכן קען איך קיינמאָל ניט ווידער געפינען, און אַ חוץ דעם, אַ סך מענטשן, וואָס קענען ניט דיך און ניט מיך גוט, וועלן דענקען, אַז איך וואָלט דיך געקענט ראַטעווען, ווען איך וואָלט געווען געוואָלט זיך לאָזן קאָסטן געלט, נאָר אַז איך האָב ניט געוואָלט זיך נעמען די מי! און וואָסער רעפּוטאַציע קען זיין שענדלאַכער איידער די, אַז איינער האָלט געלט וויכטיגער איידער פריינד, וואָרעם די מייסטע מענטשן וועלן ניט גלויבן, אַז מיר זענען געווען להוט דיר צו העלפן אַוועקצוגיין פון דאַנען, נאָר דו האָסט אָנט־זאָגט.

סאָקראַטעס. אָבער, מיין טייערער קריטאָן, פאַר וואָס קימערן מיר זיך אַזוי פיל וועגן דעם וואָס די מייסטע מענטשן דענקען? וואָרעם די מייסטע פאַרשטענדיגע מענטשן, וועמעס מיינונג איז מער כדאי צו נעמען אין אַכט, וועלן דענקען, אַז

די זאַכן זענען געשען ווי זיי וועלן אויף אַן אמת'ן געשען.

קריטאָן. אָבער דו זעהסט דאָך, עס איז נויטיג, סאָקראַ־טעס, זיך צו רעכענען מיט דער מיינונג פון דעם עולם, ווארעם די דאָזיגע צרה וואָס מיר האָבן אויף זיך אַצינדער, צייגט, אַז דער עולם איז פייאיג אָנצוטאָן בשום אופן ניט דאָס קלענסטע, נאָר כמעט דאָס גרעסטע פון אַלע רשעות, אויב איינער האָט אַ שלעכטן נאָמען ביי אים.

סאָקראַטעס. איך ווינש נאָר, קריטאָן, הלוואי וואָלט דאָס פאָלק טאַקע געקענט אָנטאָן דאָס גרעסטע רשעות, כדי עס זאָל אויך קענען טאָן די גרעסטע טובות. דעמאָלט וואָלט אַלץ געווען וואויל און גוט. אָבער אַצינד קענען זיי ניט טאָן קיינס פון די צוויי; ווארעם זיי זענען ניט ביכולת צו מאַכן אַ מענטשן קלוג אָדער נאַריש, זיי טוען נאָר וואָס עס פאַלט זיי גראָד איין.

קריטאָן. דאָס קען זייער גוט זיין. אָבער, סאָקראַטעס, זאָג מיר דאָס דאָזיגע: האָסט דו ניט אַמאָל איינזיכט מיט מיר און דיינע אַנדערע פריינד, האָסט דו? און דו שרעקסט זיך, אויב דו אַנטלויפסט, וועלן די מוסרים אונז אָנמאַכן צרות מיט דעם וואָס זיי וועלן זאָגן, אַז מיר האָבן דיך אַרויסגע'גנב'עט, און מיר וועלן זיין געצוואונגען צו פאַרלירן ענטוועדער אונזער גאַנצן פאַרמעגן, אָדער אַ גרויסע סומע געלט, אָדער וועלן נאָך ווערן באַשטראָפט אויף אַן אַנדער וועג אַ חוץ? ווארעם אויב דו האָסט פחד פאַר עטוואָס אַזעלכעס, לאָז דאָס געמאָך; זינט עס איז רעכט פאַר אונז צו נעמען אויף זיך די ריזיקע, און אַפילו נאָך אַ גרעסערע ריזיקע פון דעם, ווען נויטיג, אויב נאָר מיר ראַטעווען דיך. אַצינד, איך בעט דיך, טו ווי איך פאַרלאַנג.

סאָקראַטעס. איך האָב דאָס אין זינען, קריטאָן, און נאָך אַנדערע זאַכן.

קריטאָן. שרעק דיך ניט פאַר דעם! ווארעם עס איז אַפילו ניט קיין גרויסע סומע געלט, וואָס מיר וועלן דאַרפן באַצאָלן צו מאַנכע מענטשן, וואָס זענען וויליג דיך צו ראַטעווען

און דיך פון דאנען ארויסצוקריגן. א חוץ דעם, קענסט דו דען ניט איינזעהן ווי ביליג די מוסרים זענען, און אז ניט פיל געלט איז נויטיג זיי איינצושטילן? און דו האסט מיין געלט, וואס איז גענוג, ווי איך שטעל זיך פאר, צו דיין באפעל; און נאך מער, אויב צוליעב דעם ווייל דו דאגה'סט פאר מיר, דענקסט דו אז דו דארפסט ניט אויסגעבן מיין געלט, זענען דא פאראן פרעמדע, וואס זענען וויליג אויסצוגעבן זייערס; און איינער פון זיי, סיממיאס פון טהעבעס, האט געבראכט גענוג געלט ספעציעל פאר דעם צוועק; און אויך קעבעס, און א סך אנדערע זענען גרייט. און אזוי, זאג איך, דו זאלסט ניט אויפגעבן דיין רעטונג אוים מורא פאר דעם. און זאל דיך ניט ארן דאס, וואס דו האסט געזאגט אין געריכט, אז ווען דו וואלסט אוועקגעגאנגען, וואלסט דו ניט געוואוסט וואס צו טאן מיט זיך. ווארעם אין א סך אנדערע פלעצער, וואו דו וועסט גיין, וועלן זיי דיך גוט אויפנעמען; און אויב דו ווילסט גיין קיין טהעססאל, האב איך דארט פריינד, וואס וועלן מאכן פון דיר א גאנצן וועזן, און וועלן דיך באשיצן, אזוי אז קיינער אין טהעססאל וועט דיך ניט באלעסטיגן.

און א חוץ דעם, סאקראטעס, עס דוכט מיר, אז דאס וואס דו גייסט דא טאן איז אפילו ניט רעכט — זיך אליין פארראטן, ווען דו קענסט זיך אליין ראטעווען. און דו גייסט העלפן ברענגען אויף זיך גראד דאס וואס דיינע שונאים ווינשן, און גראד דאס, נאך וואס עס זענען געווען להוט די דאזיגע, וואס האבן דיך געוואלט פארניכטן. און נאך מער, איך דענק דו פארלאזט דיינע קינדער אויך, ווארעם בעת דו וואלסט זיי געקענט דערציען און זיי אויסבילדן, גייסט דו זיי אוועקווארפן און אוועקגיין, און, אויף וויפיל דו ביזט נוגע, וועט זייער גליק אין לעבן זיין דאס, וואס וועט זיך גראד מאכן, און זיי וועלן מן הסתם קריגן אזא באהאנדלונג, ווי עס קומט גע־וויינלאך צו פארוואָרלאזטע יתומים. ניין. ענטוועדער א מענטש דארף ניט באשאפן קיין קינדער, אדער ער דארף בלייבן ביי זיי און זיי אויפברענגען און זיי אויסבילדן. אבער

דו האָסט, שיינט מיר, אויסגעקליבן דעם פוילערן וועג, און דו דאַרפסט אויסקלייבן ווי אַ גוטער און בראַווער מאַן וואָלט אויסגעקליבן, דו, וואָס דו האָסט דיין גאַנץ לעבן לאַנג געזאָגט, אַז דו זאָרגסט זיך פאַר גוטע מידות. אַזוי, אַז מיר איז אַ חרפה פאַר דיר און פאַר אונז, דיינע פריינד, און איך האָב מורא מענטשן וועלן דענקען, אַז דער גאַנצער עסק דיינער איז געפירט געוואָרן מיט אַ מין פייגהייט פון אונזער זייט — ראשית, דאָס וואָס דער פאַל איז אין גאַנצן געקומען פאַר׳ן געריכט, ווען עס וואָלט געקענט ווערן אויסגעמידן, און דער אופן ווי אַזוי דער פּראָצעס איז אָנגעפירט געוואָרן, און צום סוף וועלן זיי דענקען, אַלס די גרעסטע נאַרישקייט פון דעם גאַנצן עסק, אַז די דאָזיגע געלעגנהייט איז אונז אַנטריינען צוליעב אַ נידריגער פייגהייט פון אונזער זייט, זינט ניט מיר האָבן דיך געראַטעוועט, און ניט דו האָסט זיך אַליין געראַטעוועט, הגם דאָס איז געווען גאַנץ מעגלאַך, ווען מיר וואָלטן נאָר געטויגט צו עפּעס. גיב אַכטונג, סאָקראַטעס, די זאַכן זאָלן ניט ווערן שענדליך, און אויך שעדליך צו אַלעביידע, צו דיר און צו אונז. באַטראַכט זיך נאָר, אָדער, ריכטיגער, ס׳איז צייט ניט מער צו באַטראַכטן, נאָר צו האָבן געמאַכט אַ סוף צו דעם טראַכטן. און עס איז דאָ נאָר איין מעגליכער פּלאַן; וואָרעם דאָס אַלץ מוז געטאָן ווערן נאָך היינט ביינאַכט, און אויב מיר לייגן אָפּ, קען דאָס מער ניט געטאָן ווערן. אָבער איך בעט דיך, סאָקראַטעס, אויף יעדן אופן, פאָלג ווי איך הייס, און זאָג זיך ניט אָפּ.

סאָקראַטעס. מיין טייערער קריטאָן. דיין אייפעריגקייט איז ווערט גאָר אַ סך, אויב דאָס זאָל זיך אַרויסצייגן צו זיין ריכטיג אָנגעווענדט; אויב אָבער אַנדערש — איז וואָס שטאַרקער דער אייפער, אַלץ שווערער איז דאָס צו פאַרטראָגן. מיר מוזן דערפאַר באַטראַכטן די פראַגע, צי מיר דאַרפן דאָס טאָן, צי ניט. וואָרעם איך בין ניט נאָר אַצינד, נאָר איך בין אַלעמאָל געווען אַ מענטש וואָס פאָלגט ניט קיין אַנדער זאַך אויסער דעם דאָזיגן רעיון, וואָס נאָך אַ

געניער איבערלייגונג, שיינט מיר צו זיין דער בעסטער. און איך קען ניט, איצט אז דאס האט אונז געטראפן, פארוואַרפן די ראיות, וואס איך פלעג געברויכן, נאר זיי זעהען מיר אויס צו זיין גאנץ דיזעלביגע ווי אלע מאל, און איך אכט און שעץ דיזעלביגע ווי פריער. און סיידן מיר קענען אנגעבן בעסערע אין אונזער איצטיגער לאגע, זיי זיכער, אז איך וועל זיך צו דיר ניט אונטערגעבן, אפילו ניט ווען די מאכט פון דעם המון זאל אונז שרעקן מיט נאך גרעסערע שרעקענישן איידער די איצטיגע, ווי מען שרעקט קינדער מיט שדים, סטראשענדיג אונז מיט תפיסה און טויט און קאנפיסקאציע פון דעם פאר־מעגן. אצינד, ווי אזוי קענען מיר באטראכטן דעם ענין מייסט פארשטענדליך? מיט דעם וואס מיר זאלן קודם כל באטראכטן וואס דו זאגסט וועגן מיינונגען, און פרעגן צי מיר זענען געווען גערעכט ווען מיר פלעגן אלעמאל זאגן, אז מיר דארפן זיך צוהערן צו אייניגע מיינונגען און ניט צו אנדערע? אדער, אז מיר האבן גערעט זייער שיין איידער איך בין געווען פאר־משפט צום טויט, ווערענד אצינד האט זיך קלאר ארויס־געשטעלט, אז דאס איז נאר געווען סתם גערעט, צוליעב דעם ריידן, אבער אין אמת'ן איז עס געווען ניט מער ווי פשוט'ע שפילערייי און אומזין? און איך וויל, קריטאן, צוזאמען מיט דיר, אונטערזוכן און זעהן צי מיין פריעדדיגער ארגומענט זעהט אויס אנדערש אונטער אונזער איצטיגער לאגע, אדער עס איז דערזעלביגער, און צי מיר דארפן עס פארוואַרפן, אדער ווייטער זיך לאזן פירן פונדערפון. — נו, עס פלעגן זאגן די, וואס האלטן זיך פאר גרויסע קענער, איך דענק, פונקט ווי איך האב נאר וואס געזאגט, אז פון די מענטשליכע מיינונגען דארף מען מאנכע שעצן זייער הויך און אנדערע ניט. אום גאט'ס ווילן, קריטאן, דענקסט דו ניט, אז דאס איז ריכטיג? ווארעם דו, מענטשליך גערעט, ביזט דאך ניט פארוויקלט אין דער נויטווענדיגקייט פון שטארבן מארגן, און דערפאר וועלן די איצטיגע אומשטענדן ניט פארפירן דיין אורטייל. איצט זאג, דענקסט דו ניט, אז מיר זענען געווען גערעכט, ווען מיר

האָבן געזאָגט, אַז מיר דאַרפן ניט שעצן אַלע מיינונגען פון די מענטשן, נאָר מאַנכע, און אַנדערע ניט; און ניט די פון אַלע מענטשן, נאָר פון מאַנכע? וואָס דענקסט דו? איז ניט דאָס אמת?

קריטאָן. עס איז.

סאָקראַטעס. דאַן, דאַרפן מיר שעצן די גוטע מיינונגען, און ניט די שלעכטע?

קריטאָן. יאָ.

סאָקראַטעס. און די גוטע זענען די פון די חכמים, און די שלעכטע די פון די נאַראָנים?

קריטאָן. אַוודאי.

סאָקראַטעס. נו, קום נאָר אַהער, וואָס פלעגן מיר זאָגן וועגן דעם דאָזיגן? ווען אַ מענטש לערנט זיך גימנאַסטיק, און מאַכט דאָס פאַר זיין באַשעפטיגונג, הערט ער זיך צו צו דעם לויב, און פאַרוואורף, און דער מיינונג פון יעדן איינעם אָדער נאָר צו די פון איין מענטשן, וואָס איז אַ דאָקטאָר, אָדער אַ דרעסירער?

קריטאָן. נאָר צו די פון איין מענטשן.

סאָקראַטעס. ער דאַרף אַזוי אַרום נאָר מורא האָבן פאַר דער בלאַמאַזשע, און ער דאַרף שעצן די לויב פון דעם איינעם מענטשן, און ניט פון דעם המון?

קריטאָן. דאָס איז קלאָר.

סאָקראַטעס. און ער מוז זיך פירן, און איבן, און עסן, און טרינקען אַזוי ווי דער איינער, וואָס איז זיין וועגווייזער, און איז דער מומחה, דענקט, גיכער איידער ווי אַלע אַנדערע דענקען?

קריטאָן. דאָס איז אמת.

סאָקראַטעס. נון, גוט; און אויב ער פאָלגט ניט דעם איינעם, און ער רעכנט זיך ניט מיט זיין מיינונג, און מיט זיין לויב, נאָר ער רעכנט זיך מיט די גערייידעריי פון דעם עולם, וואָס האָבן ניט קיין באַזונדערע קענטשאַפט, וועט אים דען דאָס ניט ברענגען קיין שאָדן?

קריטאָן. אוודאי וועט.

סאָקראַטעס. און וואָס איז דער דאָזיגער שאָדן? אין וואָסער ריכטונג, און אויף וואָסער טייל פון דעם, וואָס פאָלגט ניט, האָט דאָס אַ ווירקונג?

קריטאָן. אויגנשיינלאַך אויף זיין גוף. וואָרעם דאָס איז דאָך וואָס ווערט רואינירט.

סאָקראַטעס. גערעכט. הײנט אין אַנדערע זאַכן, ניט אויסצורעכענען זיי אַלע, אין פראַגן פון רעכט און אומרעכט, און שענדלאַך און איידל, און גוט און שלעכט, וואָס מיר האַלטן איצט אין באַטראַכטן — דאַרפן מיר נאָכפאָלגן, און זיך שרעקן פאַר דער מיינונג פון די פילע, אָדער פאַר דער פון דעם איינעם, אויב עס איז דאָ איינער וואָס ווייסט וועגן זיי, וועמען מיר דאַרפן אָבגעבן כבוד, און פאַר וועמען מיר דאַרפן זיך שרעקן מער איידער פאַר אַלע אַנדערע? און אויב מיר פאָלגן אים ניט, וועלן מיר שעדיגן און מאַכן פאַר אַ קאַליקע דאָס, וואָס מיר פלעגן זאָגן, האָט נוצן פון רעכט, און ווערט רואינירט פון אומרעכט. אָדער צי שטעקט אין דעם גאָר ניט?

קריטאָן. איך דענק דאָס איז אמת, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. גוט, דען, אויב דורך דעם וואָס מיר גיבן זיך אונטער צו דער מיינונג פון דעם אומוויסענדן, רואינירן מיר דאָס, וואָס האָט נוצן פון געזונט און האָט שאָדן פון קראַנקהייט — וועט זיך דען לוינען צו לעבן ווען דאָס דאָזיגע איז רואינירט? און דאָס איז דאָך דער גוף, איז דאָס ניט?

קריטאָן. יאָ.

סאָקראַטעס. האָט דען דאָס לעבן אַ ווערט, ווען דער גוף האָט ניט קיין ווערט און איז רואינירט?

קריטאָן. זיכער ניט.

סאָקראַטעס. אָבער לוינט זיך צו לעבן נאָכדעם ווי עס איז רואינירט דאָס, וואָס ווערט קאַליע געמאַכט פון פאַלשקייט, און ווערט אויסגעבעסערט פון רעכט? אָדער דענקען מיר אפשר, אַז דער דאָזיגער חלק פון אונז, וואָס עס זאָל דאָרט

ניט זיין, וואָס האָט צו טאָן מיט רעכט און אומרעכט, איז וויניגער וויכטיג איידער דער גוף?

קריטאָן. בשום אופן ניט.

סאָקראַטעס. עס איז מער וויכטיי.

קריטאָן. פיל מער.

סאָקראַטעס. דאַן, מיין אויסגעצייכנטער פריינד, דאַרפן מיר גאָר ניט נעמען אין אַכט וואָס די פילע וועלן זאָגן וועגן אונז, נאָר דאָס, וואָס דער וואָס וויים וועגן רעכט און אומרעכט, דער איינער מענטש, און וואָס דער אמת אַליין וועט זאָגן. און אַזוי אַרום האָסט דו לכתחילה אַוועקגעשטעלט די פראַגע פאַלש, ווען דו האָסט אָנגעהויבן מיט דעם, אַז מיר דאַרפן נעמען אין אַכט די מיינונג פון דעם המון וועגן דעם גערעכטן און דעם איידעלן און דעם גוטן, און זייערע היפּוכים. אוודאי קען מען זאָגן, אַז דער המון קען אונז טויטן.

קריטאָן. דאָס איז אויך קלאָר. אַזוי וועט מען זאָגן, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. דאָס איז אמת. אָבער מיין פריינד, דער אַרגומענט, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געענדיגט, שיינט מיר נאָך אַלץ צו זיין דערזעלביגער ווי פריער; און אַצינד זעה, צי מיר האַלטן זיך אַלץ ביי דעם, צי ניט, אַז ער איז ניט סתם לעבן, נאָר גוט לעבן וואָס מיר דאַרפן באַטראַכטן פון דער העכסטער וויכטיגקייט.

קריטאָן. מיר האַלטן זיך ביי דעם.

סאָקראַטעס. אויף אַזאַ אופן זענען מיר מסכים, אַז די פראַגע איז, צי עס איז רעכט פאַר מיר צו פּרובירן צו אַנטלויפן פון האַנען אָן דער דערלויבניש פון די אַטהענער, אָדער ניט. און אויב עס וועט זיך אַרויסשטעלן צו זיין רעכט, וועלן מיר דאָס פּרובירן, און אויב ניט, וועלן מיר דאָס לאָזן גיין. אָבער די באַטראַכטונג, וואָס דו שלאָגסט פאָר, וועגן אויסגעבן געלט, און רעפּוטאַציע, און די דערציאונג פון קינדער, דאָס זענען אין אמת'ן, קריטאָן, אַלץ איבערלייגונגען פון יענע, וואָס גיבן איבער אַ מענטשן צום טויט לייכטזיניג, און זיי

וואָלטן אים צוריק לעבעדיג געמאַכט, ווען זיי וואָלטן געקענט, אָן שום שכל, איך מיין דעם המון. אָבער מיר, זינט אונזער אַרגומענט נויט אונז צו דעם, דאַרפן נאָר באַטראַכטן די פראַגע, וואָס מיר האָבן נאָר וואָס דערגרייכט: צי מיר ועלן טאָן רעכט צו געבן געלט און אַ דאַנק צו די מענטשן וואָס וועלן מיר העלפן צו אַנטלויפן, און מיט דעם אַנטלויפן, אָדער אַליין צוצוהעלפן צו דעם אַנטלויפן, אָדער צי וועלן מיר אין אמת'ן טאָן אומרעכט, אויב מיר טוען אָט די דאָזיגע זאַכן און אויב עס ווייזט זיך אַרויס, אַז עס איז אומרעכט פאַר אונז דאָס צו טאָן, קען זיין אַז מיר טאָרן אַפילו ניט טראַכטן וועגן דעם, צי מיר מוזן שטאַרבן ווען מיר בלייבן דאָ און האַלטן זיך רוהיג, אָדער צי מיר מוזן אַריבערטראָגן עפּעס אַן אַנדער זאַך, נאָר וועגן דער פראַגע פון טאָן אומרעכט.

קריטאָן. איך דענק, וואָס דו זאָגסט איז רעכט, סאָקראַ־טעס; וואָס זשע זאָלן מיר טאָן?

סאָקראַטעס. לאָמיר זשע, מיין גוטער פריינד, צוזאַמען אונטערזוכן, און אויב דו קענסט סותר זיין עטוואָס פון דעם וואָס איך זאָג, טו עס, און איך וועל מיך אונטערגעבן צו דיינע אַרגומענטן. אויב אָבער דו קענסט ניט, מיין טייערער פריינד, הער באַלד אויף איבערצו'חזר'ן צו מיר דיזעלביגע זאַך אָבער און ווידער, אַז איך דאַרף אַוועקגיין פון דאַנען אָן דער צו־שטימונג פון די אַטהענער; וואָרעם איך בין באַגעריג צו האַנדלען אין דער זאַך מיט דיין צושטימונג, און ניט קעגן דיין ווילן. איצט זעה, אויב די התחלה פון אונזער אונטער־זוכונג שטעלט דיך צופרידן, און סטאַרע זיך צו ענטפערן אויף מיינע פראַגן לויט דיין בעסטן גלויבן.

קריטאָן. איך וועל זיך סטאַרען.

סאָקראַטעס. צי דאַרפן מיר פאַר קיין פאַל ניט טאָן קיין אומרעכט מיט אַ כיוון, אָדער צי מעגן מיר אויף איין וועג יאָ טאָן אומרעכט, און אויף אַן אַנדער וועג ניט? אָדער, ווי מיר האָבן אָפט מסכים געווען אין פריערדיגע צייטן, אַז עס איז קיינמאָל ניט גוט און בכבוד צו טאָן אומרעכט? אָדער,

צי זענען אַלע די פריערדיגע שלוסן אונזערע געוואָרן איבער־
געדרייט אין די עטליכע טעג, און צי האָבן מיר, אַלטע מענער,
שמועסנדיג ערנסט איינער מיט דעם צווייטן, די גאַנצע צייט
ניט איינגעזעהן, אַז מיר זענען ניט בעסער פון קינדער? אָדער
צי איז ניט דאָס וואָס מיר פלעגן זאָגן דער ריינסטער אמת,
צי די וועלט שטימט איין צי ניט? און סיי מיר מוזן פאַר־
טראָגן נאָך גרעסערעליידן איידער די דאָזיגע, אָדער לייכטערע,
איז ניט דאָס אומרעכט טאָן אַן אומפאַרמיידליכע שלעכטס
און אַ חרפּה פאַר דעם אומרעכט טוער? איז דאָס וואָס מיר
זאָגן, אָדער ניט?

קריטאָן. דאָס איז עס.

סאָקראַטעס. בכן, דאַרפן מיר לחלוטין ניט טאָן קיין
אומרעכט.

קריטאָן. אַוודאי, ניט.

סאָקראַטעס. און מיר דאַרפן אפילו ניט פאַרגעלטן אומ־
רעכט מיט אומרעכט, ווי די וועלט דענקט. זינט מיר דאַרפן
לחלוטין ניט טאָן קיין אומרעכט.

קריטאָן. אַוודאי ניט.

סאָקראַטעס. הכלל, קריטאָן, דאַרף איינער טאָן שלעכטס,
אָדער ניט?

קריטאָן. זיכער ניט, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. נו, גוט, איז עס רעכט צו פאַרגעלטן
שלעכטס מיט שלעכטס, ווי די וועלט דענקט, אַז עס איז, אָדער
איז עס ניט רעכט?

קריטאָן. ניט רעכט, זיכער ניט.

סאָקראַטעס. וואָרעם טאָן שלעכטס צו מענטשן איז גאָר
ניט אַנדערש ווי טאָן זיי אומרעכט.

קריטאָן. דאָס איז אמת.

סאָקראַטעס. דאַן דאַרפן מיר ניט פאַרגעלטן אומרעכט
מיט אומרעכט, און מיר דאַרפן אויך ניט טאָן קיין שלעכטס
צו קיינעם ניט, עס מאַכט גאָר ניט אויס, וואָס ער זאָל ניט
האָבן געטאָן צו אונז. און זיי פאָרזיכטיג, קריטאָן, אַז ווען דו

ביזט מסכים צו דעם, זאָלסט דו ניט מסכים זיין צו עטוואָס וואָס דו גלויבסט ניט; ווארעם איך ווייס, אַז עס זענען פאַראַן נאָר ווייניגע וואָס גלויבן, אָדער וואָס וועלן ווען עס איז גלויבן אין דעם. און איצט, די וואָס גלויבן אין דעם, און די וואָס גלויבן ניט, האָבן ניט קיין געמיינשאַפטליכן גרונד פאַר אַ דיסקוסיע, און זיי מוזן נויטוועגדיגערווייז, צוליעב זייערע מיינונגען, פאַראַכטן איינער דעם אַנדערן. דו זאָלסט דערפאַר באַטראַכטן זייער פאַרזיכטיג צי דו ביזט מסכים, און צי דו טיילסט די דאָזיגע מיינונג, און לאָמיר נעמען פאַר דעם ערשטן פונקט פון אונזער דיסקוסיע די הנחה, אַז עס איז קיינמאָל ניט רעכט צו טאָן אומרעכט, אָדער צו פאַרגעלטן אומרעכט מיט אומרעכט, אָדער ווען מען טוט אונז שלעכטס זיך צו פאַרטיידיגן מיט דעם וואָס מיר וועלן אָבדינען מיט שלעכטס. אָדער ביזטו ניט מסכים, און אַנטזאַגסט דו זיך צו געבן דיין צושטימונג צו דעם ערשטן פונקט? ווארעם איך האָב פון לאַנג אָן געגלויבט אין דעם, און איך גלויב נאָך איצטער אין דעם, אויב אָבער דו ביזט געקומען צו אַן אַנדער שלוס, רייד, און דערקלער דאָס מיר. אויב אָבער דו האַלסט זיך ביי אונזער פריהעריגע מיינונג, הער אויס מיין ווייטערדיגן פונקט.

קריטאָן. איך האַלט זיך ביי דעם, און איך בין מסכים מיט דיר. דו קענסט אָנגיין.

סאָקראַטעס. אַצינדערט, די ווייטערדיגע זאַך וואָס איך זאָג, אָדער, בעסער, פרעג, איז דאָס דאָזיגע: דאַרף אַ מענטש טאָן, וואָס ער האָט צוגעזאָגט צו טאָן, אויסגענומען אַז דאָס איז רעכט, אָדער מעג ער ברעכן זיינע צוזאָגן?

קריטאָן. ער איז מחויב דאָס טאָן.

סאָקראַטעס. דאַן באַרעכן, אויב מיר גייען אַוועק פון דאַנען אָן דער צושטימונג פון דעם שטאַט, צי מיר טוען אַ שאָדן גראַד צו די דאָזיגע, וועמען מיר דאַרפן צו ווייניגסטן טאָן שאָדן, אָדער ניט, און צי מיר האַלטן זיך ביי דעם, וואָס מיר האָבן מסכים געווען איז רעכט, צי ניט.

קריטאָן. איך קען ניט ענטפערן אויף דיין שאלה, סאָק-

ראַטעס, וואָרעם איך פאַרשטיי ניט.

סאָקראַטעס. באַטראַכט דאָס אויף דעם וועג. אויב, ווען איך האָלט אַזוי ביים אַנטלויפן (אָדער ווי מען זאָל דאָס ניט רופן), וואָלטן געקומען צו מיר די געזעצן און דער שטאַט, און געפרעגט: „זאָג מיר, סאָקראַטעס, וואָס האָסט דו בדעה צו טאָן? האָסט דו ניט די כוונה מיט דעם וואָס דו גייסט דאָ טאָן צו פאַרניכטן אונז, די געזעצן, און דעם גאַנצן שטאַט, אויף וויפיל עס ווענדט זיך אָן דיר? אָדער דענקסט דו, אַז אַ שטאַט קען עקזיסטירן, און ניט ווערן פאַרניכטעט, ווען די גערייכטליכע אַנטשיידונגען האָבן ניט קיין קראַפט, און זיי ווערן אומגעשטויסן און געמאַכט אומגילטיג פון פּריוואַטע פּערזאָנען?" וואָס זאָלן מיר זאָגן, קריטאָן, אַלס אַ תשובה צו דער פראַגע, און אַנדערע פון דעמזעלבן מין? וואָרעם איינער קען זאָגן אַ סך זאַכן, און ספּעציעל ווען דער איינער איז אַ רעדנער, וועגן דער פאַרניכטונג פון דעם געזעץ, וואָס שרייבט פאָר, אַז די גערייכטליכע אַנטשיידונגען מוזן בלייבן גילטיג. אָדער זאָלן מיר צו זיי זאָגן, „דער שטאַט האָט מיר געטאָן אַן אומרעכט, און האָט ניט גע'משפט דעם פאַל ווי גע'העריג?" זאָלן מיר זאָגן דאָס, אָדער וואָס?

קריטאָן. דאָס איז וואָס מיר דאַרפן זאָגן, ביי זעאוס, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. און וואָס וועט זיין אויב די געזעצן זאָלן זאָגן, „סאָקראַטעס, איז דאָס דער אָפּמאַך וואָס דו האָסט געמאַכט מיט אונז, אָדער האָסט דו מסכים געווען זיך צו האַלטן ביי דעם אורטייל וואָס ווערט אויסגעשפּראָכן פון דעם שטאַט?" און ווען איך וואָלט זיך געוואונדערט אויף זייערע רייד, וואָלטן זיי אַוודאי ווייטער געזאָגט, „זיי ניט אַזוי פאַרוואונדערט איבער דעם וואָס מיר זאָגן, סאָקראַטעס, נאָר ענטפער, עס איז דאָך דיין רגילות אַנצוואווענדן די מעטאָדע פון פרעגן און ענטפערן. קום אַהער, וואָס האָסט דו אויסצוזעצן קעגן אונז און דעם שטאַט, וואָס דו סטאַרעסט זיך אונז צו פאַרניכטן? פאַר אַלעם, האָבן מיר דיך ניט געבראַכט

אויף דער וועלט? איז עס ניט געווען מיט אונזער הילף, וואָס דיין פאָטער האָט חתונה געהאַט מיט דיין מוטער, און האָט דיך באַשאַפן? נו, זאָג אונז, האָסטו דו עפּעס אויס־צוזעצן קעגן די דאָזיגע פון אונז, וואָס זענען די געזעצן פון חתונה האָבן?" „איך האָב גאָר ניט וואָס אויסצוזעצן," וואָלט איך געזאָגט. „אָדער קעגן די געזעצן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט דער דערנערונג פון דעם קינד נאָכדעם ווי עס איז גע־בוירן געוואָרן, און מיט דער עדוקאַציע וואָס דו, פּונקט ווי אַנדערע, האָסט באַקומען? צי האָבן די פון אונז וואָס זענען אַרויסגעגעבן געוואָרן פאַר די דאָזיגע זאַכן ניט געגעבן אַ גוטע פאַרשריפט ווען מיר האָבן געזאָגט דיין פאָטער, אַז ער זאָל דיך אויסבילדן אין מוזיק און גימנאַסטיק?" „איר האָט," וואָלט איך געזאָגט. „אויב אַזוי, ווען דו ביזט געבוירן געוואָרן, און גענעהרט געוואָרן, און אויסגעבילדעט געוואָרן, קענסטו דו איצט זאָגן, קודם כל, אַז דו ביזט ניט פון אונזער אָפּשטאַמונג, און אונזער קנעכט, דו אַליין און דיינע אורעלטערן? און אויב דאָס איז אַזוי, דענקסטו דו, אַז רעכט וואָס איז שייך צווישן דיר און אונז, איז געבויט אויף דעם פּרינציפּ פון גלייכקייט, אַזוי אַז אַלץ וואָס מיר נעמען זיך פאַר צו טאָן צו דיר, האָסט דו דאָס רעכט אונז צוריק צו טאָן? אַזאַ גלייכקייט פון רעכט האָט ניט עקזיסטירט צווישן דיר און דיין פאָטער, אָדער דיין האַר, אויב דו וואָלסט געהאַט אַזאַ, אַזוי אַז וואָסער באַ־האַנדלונג דו וואָלסט באַקומען, וואָלסט דו געמעגט צוריקגעגעבן, אָבענטפערן זיי, ווען זיי האָבן דיך געזידלט, אָדער צוריק שלאָגן ווען זיי האָבן דיך געשלאָגן, און דאָסגלייכן; און דענקסטו דו, אַז עס וועט זיין ריכטיג פון דיין זייט אַזוי צו האַנדלען בנוגע צו דיין לאַנד און די געזעצן, אַזוי אַז ווען מיר נעמען זיך פאַר דיך צו פאַרניכטן, ווייל מיר האַלטן דאָס פאַר רעכט, וועסטו דו פון דיין זייט זיך אונטערנעמען צו פאַר־ניכטן אונז, די געזעצן, און דיין לאַנד, אויף וויפיל דו ביזט בכוח, און דו וועסט זאָגן, אַז טוענדיג דאָס טוסטו דו רעכט, דו וואָס דו זאָרגסט זיך אויף אַן אמת פאַר גוטע מידות? אָדער

איז דיין שכל אזא, אז דו זעהסט ניט איין, אז דיין לאנד איז טייערער, און דארף געהאלטן ווערן מער בכבוד, און איז הייליגער, און איז מער געאכטעט צווישן די געטער, און צווישן פארשטענדיגע מענטשן, איידער דיין מוטער און דיין פאטער, און אלע דיינע אור עלטערן, און אז דו דארפסט איר ארויסצייגן מער יראת הכבוד און געהארכזאמקייט און הכנעה ווען זי איז צארנדיג איידער צו דיין פאטער, און אז דו דארפסט אדער זי איבערצייגן מיט באווייזן, אדער טאן וואס זי באפעלט דיר, און ליידן, אויב זי באפעלט דיר צו ליידן, אין דער שטיל, און אויב זי הייסט דיר געבן שמיץ, אדער דיך איינ־צוזעצן אין תפיסה, אדער אויב זי פירט דיך אין מלחמה צו ווערן פארוואונדעט אדער ג'עהרג'עט, איר ווילן מוז געטאן ווערן, און דאס איז רעכט, און דו טארסט ניט אפטרעטן, אדער זיך צוריקציען, אדער פארלאזן דעם פאסטן, נאר אין מלחמה, און אין געריכט און אומעטום, מוזט דו טאן אלץ וואס דער שטאט, דיין לאנד, באפעלט, אדער דו מוזט איר באווייזן דורך איבערצייגונג וואס איז אויף אן אמת רעכט. אבער עס איז אן אומפרומקייט צו געברויכן גוואלד אנטקעגן דיין פאטער אדער מוטער, און א סך א גרעסערע אומפרומקייט צו געברויכן דאס אנטקעגן דיין לאנד?" וואס זאלן מיר ענטפערן צו דעם, קריטאן, אז די געזעצןריידן דעם אמת, אדער ניט?

קריטאן. איך דענק, אז יא.

סאקראטעס. „באמערק זשע, סאקראטעס," וועלן די גע־זעצן אפשר זאגן, „אז אויב וואס מיר זאגן איז אמת, איז דאס וואס דו נעמסט זיך איצט פאר צו טאן ניט רעכט. ווארעם מיר האבן דיך געבראכט אויף דער וועלט, מיר האבן דיך גע־נעהרט, און מיר האבן געגעבן א חלק אין אלע גוטע זאכן וואס מיר האבן נאר געקענט, צו דיר און אלע בירגער. דאך האבן מיר דערקלערט, מיט דעם וואס מיר האבן געגעבן די געלעגנהייט צו יעדן אטהענער וואס האט זיך מיט דעם גע־וואלט באנוצן, אז יעדער איינער וואס איז ניט צופרידן מיט אונז, ווען ער איז אויפגעוואקסן, און האט געזעהן די אדמיני־

סטראַציע פון דער שטאַט און פון אונז, די געזעצן, מעג ער נעמען זיין האָב און גוטס און אַוועקגיין וואו ער וויל נאָר אַליין. און קיינער פון אונז שטייט ניט אין וועג, אָדער פאַר־באָט ווען פון אייך צו נעמען זיין האָב און גוטס און אַוועק־גיין וואו אים געפעלט, אויב מיר און דער שטאַט געפעלן אים ניט, סיי דאָס איז צו אַן אַטהענער קאָלאָניע, אָדער צו אַ פרעמד לאַנד, וואו ער וועט לעבן אַלס אַ פרעמדער. אָבער מיר זאָגן, אַז ווער פון אייך עס בלייבט דאָ, זעהענדיג ווי אַזוי מיר פירן אויס די גערעכטיגקייט, און ווי אַזוי מיר רעגירן דעם שטאַט אין אַנדערע הינזיכטן, דער איז מיט דעם אַליין איינגעגאַנגען מיט אונז אויף אַן אָפּמאַך צו טאָן וואָס מיר באַפעלן; און מיר זאָגן, אַז דער וואָס פאָלגט ניט באַגייט אַ דרייפאַכן אומ־רעכט, ווייל ער פאָלגט ניט אונז, וואָס מיר זענען זיינע עלטערן; ווייל ער פאָלגט ניט אונז, וואָס מיר האָבן אים דערנעהרט; און ווייל נאָכדעם ווי ער האָט מסכים געווען אונז צו פאָלגן, פאָלגט ער אונז ניט און איבערצייגט אונז אַפילו ניט, אַז מיר זענען אומגערעכט, הגם מיר גיבן אים די גע־לעגנהייט, און מיר זענען ניט גוזר מיט גראָבקייט צו טאָן וואָס מיר באַפעלן, נאָר ווען מיר גיבן אים די ברירה צווישן צוויי זאַכן, ענטוועדער צו איבערצייגן אונז אין דעם טעות, אָדער צו טאָן וואָס מיר הייסן, טוט ער ניט קיינע פון די צוויי זאַכן.

„מיר זאָגן, אַז דו, סאָקראַטעס, וועסט האָבן אויסצושטייך די דאָזיגע פאָרוואורפן, אויב דו וועסט טאָן וואָס דו האָסט בדעה צו טאָן, און דו ניט צום ווייניגסטן פון די אַנדערע אַטהענער, נאָר מער איידער די מייסטע אַנדערע.“ און אויב איך זאָל זאָגן: „היתכן?“ וועלן זיי אפשר קענען ענטפערן מיט רעכט, אַז איך האָב געשלאָסן דעם אָבמאַך מיט זיי אַ סך פעסטער איידער די מייסטע אַנדערע אַטהענער. וואָרעם זיי וואָלטן געזאָגט: „סאָקראַטעס, מיר האָבן שטאַרקע באַווייזן, אַז מיר און די שטאַט זענען דיר געווען געפעלן; וואָרעם דו וואָלסט קיינמאָל ניט געווען געבליבן אין איר מער איידער

אַלע אַנדערע אַטהענער, אויב דו וואָלסט מיט איר ניט געווען מער צופרידן איידער זיי; דו ביזט קיינמאָל ניט אַרויס פון דער שטאָט צו אַ קאַרניוואַל, אָדער ערגעץ אַנדערש, אַ חוץ אין מיליטערישע שליחות, און דו האָסט קיינמאָל ניט געמאַכט קיין אַנדערע נסיעה, ווי אַנדערע מענטשן טוען, און דו ביזט ניט געווען נייגעריג זיך צו באַקענען מיט וואָסער עס איז אַנדערע שטאָט, אָדער אַנדערע געזעצן, נאָר מיר און אונזער שטאָט האָבן דיך באַפרידיגט. אזוי שטאַרק ביזט דו געווען פאַר אונז, און דו האָסט איינגעשטימט צו לעבן אין הסכם מיט אונז; אַ חוץ דעם, האָסט דו באַשאַפן קינדער אין דער שטאָט, וואָס דאָס באַווייזט אַז זי איז דיר געווען געפעלן. און נאָך מער, אַפילו ביי דיין פּראָצעס האָסט דו געקענט פאָרשלאָגן פאַרשיקונג אַלס דיין שטראָף, אויב דאָס איז געווען דיין פאַר־לאַנג, און דו וואָלסט געקענט טאָן מיט דער צושטימונג פון דעם שטאָט דאָס, וואָס דו גייסט איצט טאָן אָן דעם. אָבער דו האָסט געבלאָזן פון זיך און האָסט געזאָגט, אַז דיך אַרט גאָר ניט אויב דו דאַרפסט שטאַרבן, און אַז דיר איז ליעבער דער טויט, ווי דו האָסט געזאָגט, איידער צו ווערן פאַרשיקט. און איצט שעמסט דו דיך גאָר ניט צו דענקען וועגן די דאָזיגע רייד, בעת דו האָסט ניט קיין שום רעספּעקט פאַר אונז, די געזעצן, און דו ווילסט אונז מאַכן צו נישט; טוענדיג דאָסזעלביגע וואָס דער נידריגסטער שקלאַף וואָלט געטאָן מיט דיין פּרובירן צו אַנטלויפן, ווייל דאָס איז דער היפוך פון די אָבמאַכן און קאָנטראַקטן, וואָס דו האָסט געשלאָסן מיט אונז, אַז דו וועסט לעבן אין הסכם מיט אונז. פאַר אַלעם, ענטפער אונז אויף דער פראַגע, צי זאָגן מיר דעם אמת, אָדער ניט, ווען מיר זאָגן, אַז דו האָסט צוגעשטימט, ניט מיט ווערטער, נאָר מיט דיינע מעשים, צו לעבן אין הסכם מיט אונז." וואָס זאָלן מיר צו דעם זאָגן, קריטאָן? מוזן מיר ניט צוגעבן, אַז דאָס איז דער אמת?

קריטאָן. מיר מוזן, סאָקראַטעס.

סאָקראַטעס. „און ברעכסט דו דען ניט", וואָלטן זיי

געזאָגט, „דיינע אָבמאַכן און קאָנטראַקטן מיט אונז, הגם מיר האָבן דיך ניט איינגעפירט אין זיי מיט גוואַלד אָדער שווינדל, און דו ביזט ניט געווען געצוואונגען דיך צו באַשליסן אין אַ קורצער צייט, נאָר דו האָסט געהאַט זיעבציג יאָר אין וועלכע דו האָסט געקענט אַוועקגיין, אויב מיר זענען דיר ניט געווען געפעלן, און אויב דו האָסט געדענקט, אַז די קאָנטראַקטן זענען ניט געווען על פי יושר. אָבער דיר איז ניט געווען בעסער געפעלן ניט לאַקדעמאָן און ניט קרעטא, וואָס דו זאָגסט אַלעמאָל, אַז זיי ווערן גוט רעגירט, און אויך ניט קיין אַנדערע פון די גריכישע שטאָטן, און ניט איינע פון די פרעמדע, און די ביזט אַרויסגעגאַנגען פון דער שטאָט ווייניגער איידער די לאָמע און די בלינדע און די אַנדערע קאַליקעס. אַזוי פיל מער איידער די אַנדערע אַטהענער, ביזט דו געווען צופרידן מיט דער שטאָט, און אויגנשיינליך מיט אונז, אירע געזעצן; וואָרעם וועמען קען געפעלן ווערן אַ שטאָט אָן אירע געזעצן? און אַצינד וועסט דו זיך ניט האַלטן ביי דיין אָבמאַך? דו וועסט, אויב דו ווילסט הערן אונזער עצה, סאָקראַטעס; און דו וועסט ניט מאַכן קיין חוזק פון זיך מיט דיין אַוועקגיין פון דער שטאָט.“

„באַרעכן נאָר, מיט דיין זינדיגן אויף דעם וועג, און אין מאַכנדיג די טעותים, וואָסער גוטס וועסט דו טאָן צו זיך אָדער צו וועמען עס איז פון דיינע פריינד? וואָרעם עס איז גאַנץ קלאָר, אַז אויך דיינע פריינד וועלן זיין אונטערוואָרפן די ריזיקע צו ווערן פאַרשיקט, און צו פאַרלירן זייערע היימען אין דער שטאָט, אָדער פון זייער אייגנטום. און דו אַליין, אויב דו וועסט גיין אין איינע פון די נאָענטסטע שטעט, טהעבעס אָדער מעגאַרא — וואָרעם זיי זענעןביידע גוט רעגירט — וועסט דו גיין ווי אַ שונא, סאָקראַטעס, צו זייערע רעגירונגען, און אַלע וואָס זענען פאַראינטערעסירט אין זייערע שטעט, וועלן קוקן קרום אויף דיר, און וועלן דיך באַטראַכטן אַלס אַ צושטערער פון די געזעצן, און דו וועסט נאָר באַשטעטיגן די מיינונג פון די ריכטער, אַזוי אַז זיי

וועלן דענקען, אַז זייער פּסק איז געווען אַ גערעכטער. וואָרעם דער וואָס איז אַ פאַרניכטער פון געזעצן, קען זיכער ווערן באַטראַכט אַלס אַ פאַרדאַרבער פון יונגע און אומדערפאַרענע מענטשן. וועסט דו אפשר אויסמיידן די גוט-רעגירטע שטעט, און די מייסט-ציוויליזירטע מענטשן, און אויב דו וועסט דאָס טאָן, וואָסער לעבן וועט דאָס זיין? אָדער וועסט דו גיין צו זיי און וועסט האָבן די העזה אָנצופירן וואָסער סאָרט שמועסן, סאָקראַטעס? דיזעלביגע סאָרט שמועסן, וואָס דו פלעגסט דאָ אָנפירן, זאָגנדיג אַז גוטע מידות און גערעכטיג־קייט, און געזעצליכע זאַכן, און די געזעצן זענען די טייער־סטע זאַכן פאַר די מענטשן? און דענקסט דו ניט, אַז אַזאַ אויפפירונג פון סאָקראַטעס׳ן וואָלט אויסגעזעהן שענדליך? מען קען זיך ניט העלפן און מען מוז אַזוי דענקען. אָדער וועסט דו דיך האַלטן פון דער ווייטנס פון די דאָזיגע ער־טער, און וועסט גיין צו קריטאָנ׳ס פריינד אין טהעסאַליען; וואָרעם דאָרט הערשט גרויסע אומאָרדנונג און אומגעזעצליכ־קייט, און דאָרט וועלן זיי זיך אפשר אַמוזירן צו הערן אויף וואָסער לעכערליכן אופן דו ביזט אַנטלאָפן פון תפיסה פאַר־שטעלטערהייט, אין אַ לעדערנעם בגד פון אַ פּויער, אָדער עפּעס אַן אַנדער זאַך אין וואָס אַנטלויפער פאַרשטעלן זיך גע־וויינטליך, צו פאַרענדערן דיין אויסזעהן. און וועט קיינער ניט זאָגן, אַז דו, אַן אַלטער מאַן, וואָס האָט נאָך געהאַט נאָר אַ קורצע צייט צו לעבן, איז זיך אונטערגעשטאַנען אַזוי אומ־פאַרשעמט צו באַגערן דאָס לעבן, אַז דו האָסט עובר געווען אויף די העכסטע געזעצן? אפשר ניט, אויב דו וועסט קיינעם ניט באַליידיגן. טאָמער אָבער וועסטו דו דאָס טאָן, סאָקראַטעס, וועט דיר אויסקומען צו הערן אַ סך זאַכן, וואָס וועט זיין אַ חרפּה פאַר דיר. אַזוי אַז דו וועסט מוזן לעבן ווי אַ נכנע און אַ קנעכט צו יעדן איינעם. און וואָס וועסט דו טאָן אין טהעסאַליען אויסער אַרומצוהוליען, עפּעס ווי די וואָלסט געגאַנגען קיין טהעסאַליען אויף אַ סעודה? און וואָס וועט ווערן פון אונזערע שמועסן וועגן גערעכטיגקייט,

און גוטע מידות? אָדער אפשר ווילסט דו גאָר בלייבן לעבן צוליעב דיינע קינדער, דו זאָלסט זיי קענען אויפהאָדעווען, און זיין דערציען? ווי אַזוי? ווערסט דו זיי מיטנעמען קיין טהעסאַליען, זיי דאָרט אויסצוהאָדעווען און דערציען, מאַכן פון זיי פאַרשיקטע, און געבן זיי אַ חלק אויך פון דער ברכה? אָדער, אויב אַפילו ניט, וועלן זיי ביי דיין לעבן ווערן בעסער אויפגעצויגן און אויסגעבילדעט דאָ כאָטש דו ביזט ניט מיט זיי? וואָרעם דיינע פריינד וועלן אויף זיי אויפפאַסן. וועלן זיי אויפפאַסן אויף זיי, ווען דו גייסט אַוועק קיין טעהסאַליען, און ווען דו גייסט אַוועק צו האדעס וועלן זיי ניט אויפפאַסן? אויב די וואָס זאָגן זיי זענען דיינע פריינד טויגן צו עטוואָס, מוזן מיר גלויבן, אַז זיי וועלן אויפפאַסן אין ביידע פאַלן גלייך."

„בכן, סאָקראַטעס, לאָז זיך פירן פון אונז, וואָס האָבן אויף דיר אויפגעפּאַסט אין דיין קינדהייט. דאגה ניט פאַר דיינע קינדער, אויך ניט פאַר דיין לעבן; אויך ניט פאַר וואָס עס איז אַנדערש מער איידער פאַר דעם וואָס איז רעכט, כדי אַז ווען דו ווערסט קומען צו האדעס זאָלסט דו קענען זאָגן די דאָרטיגע שופטים אַלע די זאַכן פאַר דיין פאַרטיידיגונג. וואָרעם עס איז קלאָר, אַז אויב דו ווערסט טאָן די דאָזיגע זאַך, וועט עס ניט זיין בעסער, אָדער מער גערעכט, אָדער הייליגער, דאָ פאַר דיר און אויך ניט פאַר קיינעם פון די דייניגע, עס וועט אויך ניט זיין בעסער ווען דו ווערסט דאָרט אַהין קומען. אַצינדער, אויב דו ווערסט אַוועקגיין ווערסט דו אַוועקגיין אַ געקריוודעטער, ניט פון אונז, די געזעצן, נאָר פון די מענטשן; אויב אָבער דו אַנטלויפסט נאָכדעם ווי דו האָסט אַזוי שענדליך פאַרגעלט אומרעכט מיט אומרעכט, און שלעכטס מיט שלעכטס, ברעכנדיג דיינע אָבמאַכן און קאָנטראַקטן מיט אונז, און טוענדיג שאָדן גראד צו די וועמען דו דאַרפסט צום וויינינגסטן טאָן שאָדן — דיר אַליין, דיינע פריינד, דיין לאַנד און אונז — וועלן מיר זיין אין כעס אויף דיר, כל זמן דו לעבסט, און דאָרטן וועלן אונזערע ברידער, די געזעצן פון דעם קעניגרייך

פון האדעס, דיך ניט אויפנעמען מיט כבוד; וואָרעם זיי וועלן ווּיסן, אַז דו האָסט פּרובירט, אויף וויפיל דו ביזט געווען בכוח, אונז צו פאַרניכטן. דערלאָז ניט קריטאָן זאָל דיך איבעררײדן צו טאָן וואָס ער הייסט דיך; הער בעסער אונזער עצה.״

זיי זיכער, מיין טייערער פריינד, קריטאָן, אַז דאָס איז, וואָס מיר שיינט איך הער, ווי די צעהיצטע דערווישן פון קיבעלע שיינען צו הערן די פלייטן, און דער קלאַנג פון די דאָזיגע ווערטער קלינגט אָפּ אין מיר און דערלאָזט מיך ניט צו הערן אַן אַנדער וואָרט. און דאָס זאָלסט דו ווּיסן, אַז אויב דו ווּעסט ריידן קעגן דאָס וואָס איך האַלט איצטער פאַר ריכטיג, ווּעסט דו ריידן אומזיסט. פונדעסטוועגן, אויב דו דענקסט אַז דו קענסט עפּעס מער אויספירן, רייד.

קריטאָן. ניין, סאָקראַטעס, איך האָב גאָרנישט ניט וואָס צו זאָגן.

סאָקראַטעס. אויב אַזוי, קריטאָן, לאָז געמאַך, און לאָמיר האַנדלען אויף דעם וועג, זינט עס איז אויף דעם וועג וואָס גאָט פירט אונז.

**סוף**

## פערזאנען אין דעם דיאלאג:

| | |
|---|---|
| עכעקראטעס | קעבעס |
| פעדאן | סיממיאס |
| אפאלאדאראס | קריטאן |
| סאקראטעס | וועכטער (פון דער תפיסה) |

### סצענע:
### די תפיסה וואו סאקראטעס איז געשטארבן.

עכעקראטעס. ביזט דו אליין, פעדאן, געווען מיט סאקראטעס'ן יענעם טאג ווען ער האט געטרונקען דעם סם אין דער תפיסה, אדער האסט דו וועגן דעם געהערט פון עמיץ אנדערש?

פעדאן. איך אליין בין דארט געווען, עכעקראטעס.

עכעקראטעס. וואס האט דער מענטש געזאגט פאר זיין טויט? און ווי אזוי איז ער געשטארבן? איך וואלט דאס גערן געוואלט הערן, ווארעם קיינער פון די פליאסיאנער פארט היינטיגע צייטן ניט מער קיין אטהען, און קיין פרעמדער איז פון דארט ניט געקומען פאר א לאנגע צייט, וואס זאל אונז קענען דערציילן עטוואס גענוי וועגן דער גאנצער זאך, אויסער אז ער האט געטרונקען סם און איז געשטארבן, און פון עפעס אנדערש האט מען ניט געקענט דערציילן.

פעדאן. האט איר אפילו ניט געהערט וועגן דעם פראצעס, און ווי אזוי ער איז צוגעגאנגען?

עכעקראטעס. יא, וועגן דעם האט אונז ווער עס איז דערציילט, און מיר האבן זיך געוואונדערט, וואס הגם דאס איז פארגעקומען מיט א לאנגע צייט פריער, איז ער געשטארבן

ערשט אַ סך שפּעטער. ווי אַזוי איז דאָס געשען, פעדאָן?

פעדאָן. דאָס איז געווען אַ צופאַל, עכעקראַטעס. עס האָט אַזוי געטראָפן, אַז די שיף וואָס די אַטהענער שיקן קיין דעלאָס, איז געקרוינט געוואָרן דעם טאָג פאַר זיין משפט.

עכעקראַטעס. וואָסער שיף איז דאָס?

פעדאָן. דאָס איז די שיף, וואָס די אַטהענער זאָגן, וואָס אין איר איז טהעסעאוס אַמאָל געפאָרן קיין קרעטא, מיט די פערצן בחורים און מיידלעך, און האָט זיי געראַטעוועט און זיך אויך.*) די אַטהענער, ווי מען דערציילט האָבן דעמאָלט געטאָן אַ נדר צו אַפּאָללאָן, אַז אויב זיי וועלן ניצול ווערן, וועלן זיי שיקן אַ שליחות קיין דעלאָס יעדעס יאָר. און פון דעמאָלט אָן ביז היינטיגן טאָג שיקן זיי דאָס יעדעס יאָר לכבוד דעם גאָט. נו, איז ביי זיי דאָ אַ געזעץ, אַז נאָכדעם ווי די שליחות הויבט זיך אָן, מוז די שטאָט זיין ריין, און קיין עפענטליכער טויט-אורטייל טאָר ניט ווערן אויסגעפירט ביז די שיף איז אָנגעקומען קיין דעלאָס און צוריק; און טייל־מאָל, ווען פאַרקערטע ווינטן האַלטן זי אָפּ, נעמט דאָס אַ לאַנגע צייט. די שליחות הויבט זיך אָן ווען דער פּריסטער פון אַפּאָללאָן קרוינט די פאָדערשטע טייל פון דער שיף, און דאָס האָט פאַסירט, ווי איך זאָג, דעם טאָג פאַר דעם משפט. צוליעב דער אורזאַך האָט סאָקראַטעס פאַרברענגט אַ לאַנגע צייט אין תפיסה, צווישן דעם משפט און זיין טויט.

עכעקראַטעס. וואָס האָט פאַסירט אין צייט פון זיין טויט, פעדאָן? וואָס האָט מען גערעדט און געטאָן? און ווער פון זיינע פריינט זענען געווען מיט אים? אָדער האָבן די בעאַמטע קיינעם ניט צוגעלאָזן צו אים, און ער איז גע־

*) די אַטהענער האָבן אַלע ניין יאָר געמוזט שיקן צו מינאָס, דעם קעניג פון קרעטא, זיבן בחורים און זיבן מיידלעך אַלס פאָדאַטעק, און די 14 האָט מען מקריב געווען צו מינאָטאַורוס (האַלב מענטש און האַלב חיה). טהעסעאוס, דער פּרינץ פון אַטהען, האָט ביי דער דריטער שליחות געטויט די מינאָטאַורוס, באַפרייט די יונגעלייט און זיך, און האָט אויף אַלעמאָל באַפרייט די אַטהענער פון דעם פאָדאַטעק.

שטאַרבן פאַרלאָזן פון זיינע פריינט?

פעדאָן. לחלוטין ניט. מאַנכע זענען דאָרט געווען, גאָר שיינע עטליכע.

עכעקראַטעס. זיי אַזוי גוט, און דערצייל אונז אַזוי גענוי ווי דו קענסט וועגן אַלע די זאַכן, אויב דו האָסט אַ ביסל פרייע צייט.

פעדאָן. צייט האָב איך גענוג, און איך וועל פּרובירן אייך דערציילן. עס איז ביי מיר אַלעמאָל דער גרעסטער פאַרגעניגן זיך צו דערמאָנען אָן סאָקראַטעס'ן, סיי ווען איך אַליין רייד פון אים, סיי ווען איך הער עמיץ אַנדערש.

עכעקראַטעס. דו וועסט האָבן צוהערער, וואָס פילן פּונקט ווי דו; סטאַרע זיך צו דערציילן אַלצדינג אַזוי גענוי ווי דו קענסט.

פעדאָן. וואָס געהערט מיך אָן, האָב איך געהאַט זונדערבאַרע געפילן, ווען איך בין דאָרט געווען. וואָרעם איך האָב אין הארצן ניט געהאַט קיין שום געפיל פון רחמנות, ווי איך האָב נאַטירליך באַדאַרפט האָבן, זייענדיג ביי דעם טויט פון אַ פריינד; אַזוי גליקליך האָט ער מיר אויסגעזעהן צו זיין, עכעקראַטעס; אין זיין באַנעמונג און מיט זיין ריידן האָט ער באַגעגנט דעם טויט אָן שום פחד און גרויסמוטיג. אַזוי אַז איך האָב געדענקט, אַז אַפילו גייענדיג צו האַדעס, גייט ער ניט אַהין אָן דער פּראַטעקציע פון די געטער, און אַז ווען ער וועט דאָרט אַהינקומען, וועט אים זיין גוט, אויב ווער עס איז האָט עס ווען געהאַט. דערום האָב איך ניט געפילט קיין רחמנות, ווי עס וואָלט געשיינט צו זיין נאַטירליך, ווען איך בין געווען אַנוועזענד ביי אַזאַ טרויעריגע סצענע. איך האָב אָבער אויך, פון דער צווייטער זייט, ניט געפילט דעם פאַרגעניגן, ווי געוויינליך, פון דעם, וואָס מיר האָבן זיך באַשעפטיגט מיט פילאָזאָפיע — און אונזער גערייד איז געווען פון די זאַכן — נאָר אַ זייער זונדערבאַרער געפיל איז מיר באַפאַלן, אַן אומגעוואוינטער געמישעכץ פון פאַרגעניגן און טרויער צוזאַמענגעמישט, ווען איך האָב געדענקט, אַז סאָ-

קראַטעס דאַרף באַלד שטאַרבן. און מיר אַלע וואָס זענען דאָרט געווען, זענען געווען כמעט אין דערזעלביגער שטימונג, אַט געלאַכט און אַט געוויינט; הויפּטזעכליך איינער פון אונז, אַפּאָלאָדאָראָס; דו קענסט דאָך דעם מענטש און זיין כאַראַקטער.

עכעקראַטעס. אַוודאי קען איך אים.

פעדאָן. ער איז גאָר געווען אויסער זיך, און איך אַליין בין געווען זייער אויפגערעגט, און אויך די אַנדערע.

עכעקראַטעס. ווער איז דאָרט געווען, פעדאָן?

פעדאָן. פון געבוירענע אַטהענער זענען דאָרט געווען דער אַפּאָלאָדאָראָס, און קריטאָבולאָס און זיין פאָטער, קריטאָן, און הערמאָגענעס, און עפּיגענעס און עסכינעס, און אַנטיס-טהענעס. אויך קטעסיפּפּאָס דער פּעניאַנער איז דאָרט געווען, און מעניעקסענאָס און נאָך עטליכע געבוירענע אַטהענער. פּלאַטאָן אָבער, שיינט מיר, איז געווען קראַנק.

עכעקראַטעס. זענען דאָרט געווען עפּעס פרעמדע?

פעדאָן. יא, סיממיאַס פון טהעבע, און קעבעס און פיידאָנידעס, און פון מעגאַרא עקלידעס און טערפּסיאָן.

עכעקראַטעס. וואָס? זענען אַריסטיפּפּאָס און קלעאָמ-בראָטאָס דאָרט געווען?

פעדאָן. ניין. ווי מען האָט געזאָגט, זענען זיי געווען אין עגינא.

עכעקראַטעס. איז נאָך ווער דאָרט געווען?

פעדאָן. איך דענק דאָס זענען אָרום אַלע.

עכעקראַטעס. נו, און איבער וואָס איז געווען דאָס גערייד?

פעדאָן. איך וועל פּרובירן דיר דערציילן אַלצדינג פון אָנהויב אָן. שוין אין די פריערדיגע טעג האָב איך און די אַנדערע געהאַט די געוואוינהייט צו גיין צו סאָקראַטעס'ן. מיר פלעגן זיך צוזאַמענקומען ווי עס האָט נאָר אָנגעהויבן צו טאָגן, אין דעם געריכטס-הויף, וואו עס איז פאָרגעקומען זיין משפט, ווייל דאָס איז געווען נאָענט פון דער תפיסה; און

יעדן טאָג פלעגן מיר ארומוואַרטן, און געשמועסט צווישן זיך, ביז מען האָט געעפנט די תפיסה, און מען האָט דאָס געעפנט ניט גאַנץ פרי. און ווען מען האָט געעפנט זענען מיר אַריינ־געגאַנגען צו סאָקראַטעס׳ן, און האָבן פאַרבראַכט מייסטענס דעם גאַנצן טאָג מיט אים. יענעם טאָג זענען מיר זיך צוזאַמענ־געקומען פריער, וואָרעם דעם טאָג צופאָר, ווען מיר זענען אַוועק פון דער תפיסה אין אָוונט, האָבן מיר געהערט, אַז די שיף איז אָנגעקומען פון דעלאָס, האָבן מיר אָפּגערעט צווישן זיך צו קומען צו דעם געוויינטליכן אָרט אַזוי פרי ווי נאָר מעגליך. און מיר זענען געקומען, און דער שליסער וואָס האָט געוויינטליך געענטפערט ביי דער טיר איז אַרויס־געקומען און האָט אונז געהייסן וואַרטן, און ניט אַריינגיין, ביז ער וועט אונז אַליין רופן. „וואָרעם די עלף," האָט ער געזאָגט, „נעמען אַראָפּ די קייטן פון סאָקראַטעס׳ן, און זאָגן אים אָן ווי אַזוי ער זאָל היינט שטאַרבן." אין אַ ווײַלע אַרום איז ער אַרויסגעקומען און אונז געהייסן אַריינגיין. מיר זענען אַריינגעקומען און האָבן געפונען סאָקראַטעס׳ן נאָר וואָס באַ־פרייט פון די קייטן, און קסאַנטיפּא — דו קענסט זי דאָך — מיט זיין קליינעם זון אויף דער האַנט, זיצנדיג נעבן אים. ווען קסאַנטיפּא האָט אונז דערזען, האָט זי גענומען שרייען, און ריידן ווערטער, ווי די ווייבער ריידן געוויינטליך, ווי: „אָ, סאָקראַטעס, דאָס איז דאָס לעצטע מאָל וואָס דיינע פריינד וועלן ריידן צו דיר אָדער דו צו זיי." און סאָקראַטעס האָט געגעבן אַ בליק אויף קריטאָן און געזאָגט: „קריטאָן, זאָל װער עס איז זי אָבפירן אַהיים." און עטליכע פון קריטאָנ׳ס מענטשן האָבן זי אַוועקגענומען אַ כליפּענדיגע און שלאָגנדיג זיך אויף דער ברוסט. נאָכדעם האָט סאָקראַטעס זיך אויפ־געזעצט אויף דעם בעט, און האָט אָנגעבויגן דעם פוס און גענומען רייבן מיט דער האַנט דאָס שענקל, און ווי ער האָט אַזוי געריבן, האָט ער געזאָגט: „ווי זונדערבאַר, מיינע פריינד, עס זעהט אויס צו זיין דאָס וואָס מענטשן רופן פאַרגעניגן! און וואָסער וואונדערליכע שייכות דאָס האָט צו דעם וואָס

זעהט אויס צו זיין זיין היפוך, שמערצן, אין דעם וואָס זיי קומען קיינמאָל ניט צוזאַמען צו אַ מענטשן, און דאָך, דער וואָס יאָגט נאָך איינס פון זיי, און כאַפּט עס, מוז ער געוויינטליך אויך מיטנעמען דאָס אַנדערע, עפּעס ווי זיי וואָלטן ביידע געווען צוזאַמענגעקניפּט. און איך דענק," האָט ער געזאָגט, „ווען עזאָפּ וואָלט געווען געדענקט וועגן דעם, וואָלט ער דערפון געווען געמאַכט אַ פאַבל, און ער וואָלט דערציילט ווי זיי זענען באַשטענדיג אין קריג, און גאָט האָט געוואָלט מאַכן שלום צווישן זיי, און ווען ער האָט געזעהן, אַז ער קען דאָס ניט, האָט ער צוזמענגעקניפּט זייערע קעפּ, און דערפאַר ווען איינע פון זיי קומט צו אַ מענטשן, קומט די צווייטע באַלד נאָך. פּונקט אַזוי זעהט עס אויס אין מיין פאַל. נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט שמערצן אין מיין פוס פון דער קייט, שיינט דאָס פאַרגעניגן צו קומען נאָך דעם."

דאַ האָט קעבעס זיך אַריינגעמישט און געזאָגט: „ביי צעאוס, סאָקראַטעס, גוט וואָס דו האָסט מיך דערמאָנט. עטליכע מענטשן האָבן מיך שוין געפרעגט וועגן די שירים וואָס דו האָסט פאַרפאַסט, די פאַבלען פון עזאָפּ וואָס דו האָסט איבערגעמאַכט אין גראַמען, און די הימנע צו אַפּאָללאָן, און עוועַנוס האָט מיך געפרעגט ערשט אייערנעכטן ווי עס קומט וואָס דו, וואָס האָסט קיינמאָל פריער ניט געשריבן קיין פּאָעזיע, האָסט פאַרפאַסט די שירים זינט דו ביזט אין תפיסה. נו, אויב דו ביזט פאַראינטערעסירט אין דעם איך זאָל קענען ענטפערן עוועַנוס'ן, אויב ער וועט מיך נאָך אַמאָל פרעגן — און איך ווייס ער וועט מיך פרעגן — טאַ זאָג מיר וואָס איך זאָל אים ענטפערן."

„זאָג אים, קעבעס," האָט ער געזאָגט, „דעם אמת, אַז איך האָב פאַרפאַסט די פערזן ניט ווייל איך האָב געוואָלט קאָנקורירן מיט אים אָדער זיינע שירים, וואָרעם איך האָב גוט געוואוסט, אַז דאָס וועט מיר ניט זיין לייכט, נאָר ווייל איך האָב געוואָלט אויספּרובירן דעם באַטייט פון געוויסע חלומות, כדי צו זיין זיכער אויב דאָס איז טאַקע די מוזיק,

וואָס עס האָט מיר באַפוילן אָבער און ווידער צו מאַכן. דאָס איז פאָרגעקומען אויף אַזאַ אופן: דערזעלביגער חלום איז אָפט געקומען צו מיר אין מיין פאַרגאַנגענעם לעבן, איינמאָל אין אַזאַ געשטאַלט און אַן אַנדערש מאָל אין אַן אַנדערער, אָבער יעדעס מאָל האָט עס מיר געזאָגט דיזעלביגע זאַך: „סאָקראַטעס," האָט עס געזאָגט, „מאַך און פאַרנעם זיך מיט מוזיק." פריער האָב איך אַלץ געמיינט, אַז עס האָט מיך אויפגעמונטערט און אָנגעטריבן צו טאָן, וואָס איך האָב שוין סיי ווי געטאָן; אַז פונקט אַזוי ווי מענטשן גיבן צו חשק צו די וואָס לויפן אין אַ וועט-געלויף מיט זייערע בראַוואָ-געשרייען, אַזוי האָט דער חלום מיר איינגעגעבן מוט צו טאָן, וואָס איך האָב שוין געטאָן, דאָס הייסט צו מאַכן מוזיק; וואָרעם די פילאָזאָפיע איז דער גרעסטער מין מוזיק, און מיט דעם האָב איך זיך שוין באַשעפטיגט. אָבער אַצינדער, נאָך דעם ווי דאָס משפט איז געשען, און נאָר דער יום-טוב צו דעם גאָט האָט אָפּגעלייגט מיין שטאַרבן, האָב איך זיך געטראַכט: אים פאַל דער חלום האָט מיט זיין באַפעל אויף אַן אמת געמיינט, איך זאָל מאַכן דאָס וואָס מען רופט געוויינליך מוזיק, דאַרף איך ניט זיין אומגעהאָרכזאַם, נאָר מאַכן; וואָרעם איך האָב געדענקט, עס איז זיכערער ניט אַוועקצוגיין פון דאַנען איידער איך האָב געטאָן מיין חוב, צו זיין געהאָרכזאַם צו דעם חלום, און איך האָב פאַרפאַסט פערזן. צו ערשט האָב איך פאַרפאַסט אַ הימנע צו דעם גאָט וועמעס יום-טוב עס איז געווען; און נאָך דעם גאָט, האָבנדיג אין זינען אַז אַ פּאָעט, אויב ער וויל ווירקליך זיין אַ פּאָעט, מוז פאַרפאַסן פאַבעלן און ניט רעדעס, און אַזוי ווי איך קען קיין פאַבעלן ניט מאַכן, האָב איך גענומען די פאַבעלן פון עזאָפּ, וואָס איך האָב געהאַט צו דער האַנט, און וואָס איך האָב געקענט, און וואָס זענען מיר גראַד איינגעפאַלן, און האָב זיי איבערגעמאַכט אין גראַמען. זאָג דאָס צו עווענוס, און ווינש אים אַ זייגעזונט, און זאָג אים, אויב ער איז אַ חכם, זאָל ער מיר נאָכקומען, אַזוי געשווינט ווי ער קען. איך, ווי עס זעהט

אוים, וועל גיין היינט; וואָרעם אַזוי האָבן די אַטהענער גוזר געווען.״

„און,״ האָט סיממיאס געזאָגט, „אַ שיינע בשורה, סאָקראַטעס, איז דאָס פאַר עווענוס! איך האָב אים אָפט באַגעגנט, און אויף וויפיל איך קען אים, קען איך זאָגן, אַז ער וועט בשום אופן ניט הערן דיין עצה, אויב עס וועט זיך נאָר ווענדן אָן אים.״

„היתכן,״ האָט ער געזאָגט, „איז עווענוס ניט קיין פילאָזאָף?״

„איך דענק ער איז,״ האָט סיממיאס געזאָגט.

„דאַן וועט עווענוס הערן מיין עצה, און אַזוי וועט יעדער איינער, וואָס באַטייליגט זיך אין דער פילאָזאָפיע מיט ווירדיגקייט. ער וועט, פונדעסטוועגן, זיך אַליין ניט נעמען דאָס לעבן, וואָרעם דאָס, זאָגט מען, איז ניט דערלויבט.״ ווי ער האָט אַזוי גערעדט, האָט ער אַרונטערגעלאָזן זיינע פיס אויף דר׳ערד און איז אַזוי געבליבן זיצן די גאַנצע צייט פון דעם שמועס.

דאַן האָט איהם קעבעס געפרעגט: „וואָס מיינסט דו מיט דעם, סאָקראַטעס, אַז עס איז ניט דערלויבט זיך אַליין צו נעמען דאָס לעבן, און אַז דער פילאָזאָף וועט ווינשן נאָכצופאָלגן די וואָס שטאַרבן?״

„איך פאַרשטיי ניט, קעבעס, האָסט דו און סיממיאָס, וואָס איר זענט תלמידים פון פילאָלאַאָס, ניט געהערט וועגן די דאָזיגע זאַכן?״

„ניט עטוואס באַשטיממטעס, סאָקראַטעס.״

„איך אַליין רייד וועגן די זאַכן נאָר פון געהערט און געזאָגט; אָבער איך האָב גאָר ניט דאַגעגן צו זאָגן וואָס איך האָב געהערט. און אין אמת׳ן, פּאַסט זיך עס אפשר צום בעסטן, אַזוי ווי איך גיי אַהין אויף יענער וועלט, צו דערציילן מעשיות וועגן דעם לעבן דאָרט, און צו באַטראַכטן וואָס מיר דענקען וועגן דעם; וואָרעם וואָס נאָך קען אַ מענטש טאָן צווישן אַצינד און דעם זון־אונטערגאַנג?״

„פאַרוואָס, איך בעט דיך, זאָגט מען, אַז עס איז ניט רעכט זיך אַליין צו טויטן, סאָקראַטעס? איך האָב געהערט פילאָלאָס, ווען ער איז ביי אונז איינגעשטאַנען, זאָגן דיזעל־ביגע זאַך, וואָס דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט, און איך האָב אויך געהערט פון אַנדערע, אַז מען טאָר דאָס ניט טאָן, אָבער איך האָב קיינמאָל קיינעם ניט געהערט זאָגן עפּעס וועגן דעם, וואָס זאָל זיין גאַנץ באַשטימט."

„דו האָב נאָר קוראַזש," האָט ער געזאָגט, „און דו קענסט נאָך אפשר אַמאָל עפּעס הערן. אָבער עס קען דיר אפשר פאָרקומען זונדערבאַר, פאַרוואָס נאָר דאָס אַליין, פון אַלע געזעצן, איז אָן אַ שום אויסנאַם, און עס פאַלט די מענטשהייט קיינמאָל ניט איין, ווי אין אַלע אַנדערע זאַכן, אַז נאָר טיילמאָל און נאָר פאַר טייל מענטשן איז עס בע־סער צו שטאַרבן איידער צו לעבן; און עס וועט דיר אפשר אויך פאָרקומען זונדערבאַר, פאַרוואָס די מענטשן, וואָס פאַר זיי איז בעסער צו שטאַרבן איידער צו לעבן, טאָרן ניט, אויסער ווען זיי באַגייען אַן עבירה, זיך אַליין טאָן די טובה, נאָר זיי מוזן וואַרטן אויף עפּעס אַן אַנדער בעל טובה?"

און קעבעס, ריידנדיג אויף זיין אייגענעם דיאַלעקט, האָט געזאָגט מיט אַ לייכטן געלעכטער: „דאָס וויים נאָר דער רבונו של עולם."

„עס קען אויסזעהן אומפאַרנינפטיג, אויב מען שטעלט דאָס אַוועק אויף אַזאַ אופן," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אָבער עס קען זיין, אַז אין דעם שטעקט אַ שטיקל שכל. נו, די קבלה, וואָס מען לערנט בסוד וועגן דעם ענין, אַז מיר מענטשן זענען ווי מיר וואָלטן געשטאַנען אויף דער וואַך, און מיר טאָרן זיך אַליין ניט באַפרייען, אָדער אַנטלויפן, זעהט אוים צו זיין גרוים, און ניט לייכט צו פאַרשטיין. אָבער דאָס, לכל הפחות, קעבעס, גלויב איך איז ריכטיג, אַז די געטער זענען אונזערע פאַסטוכער, און מיר מענטשן געהערן צו אייגנע פון די סטאַדעס פון די געטער. גלויבסט דו דאָס ניט?"

„יאָ,“ האָט קעבעס געזאָגט, „איך גלויב.“

„זייער גוט,“ האָט ער געזאָגט, „אויב איינס פון דיינע אייגענע סטאַדעס וואָלט זיך אַליין דער׳הרג׳עט, ווען דו האָסט ניט געגעבן קיין אָנצוהערעניש, אַז דו ווילסט עס זאָל שטאַרבן, וואָלסטו געווען בייז אויף דעם און וואָלסט עס באַשטראָפט, אויב דו וואָלסט געהאַט אַ שטראָף?“

„זיכער,“ האָט ער געענטפערט.

„פון דעם שטאַנדפונקט איז עס אפשר ניט אומפאַרנינפטיג צו זאָגן, אַז אַ מענטש טאָר זיך אַליין ניט טויטן, ביז גאָט שיקט אים ניט צו עפּעס אַ מוז, אַזאַ ווי דער וואָס איז אויף מיר איצט געקומען.“

„דאָס,“ זאָגט קעבעס, „זעהט אויס צו זיין שכל׳דיג. אָבער דאָס וואָס דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט, סאָקראַטעס, אַז פילאָזאָפן דאַרפן זיין גרייט און וויליג צו שטאַרבן, דאָס זעהט אויס זונדערבאַר, אויב מיר זענען געווען גערעכט ווען מיר האָבן געזאָגט, אַז גאָט איז אונזער פאַסטוך און מיר זענען זיינע סטאַדעס. וואָרעם עס האָט ניט קיין זין, אַז גראַד די קליגסטע מענטשן זאָלן ניט זיין אומוויליג צו פאַרלאָזן יענע דינסט וואו די געטער, וואָס זענען די בעסטע אויפזעהער אין דער וועלט, פאַסן אויף זיי אויף. אַ קלוגער מענטש וועט זיכער ניט דענקען, אַז ווען ער איז געוואָרן פריי קען ער בעסער אויפפאַסן אויף זיך איידער זיי. אַ נאַרישער מענטש קען אפשר דענקען, אַז ער דאַרף אַנטלויפן פון זיין האַר, און אים וועט גאָר ניט איינפאַלן, אַז ער טאָר ניט אַנטלויפן פון אַ גוטן האַר, נאָר אַז ער דאַרף בלייבן מיט אים אַזוי לאַנג ווי מעגליך; און ער קען טאַקע אַנטלויפן אָן אַ שום שכל; אָבער אַ מענטש מיט שכל וועט ווינשן אַלעמאָל צו זיין מיט איינעם וואָס איז בעסער פון אים אַליין. און אַזוי, סאָקראַטעס, זעהט אויס, אַז דער היפּוך פון דעם וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט איז נאַטירליך; דער חכם דאַרף זיך מצער זיין ביים שטאַרבן, און דער טיפּש דאַרף זיך משמח זיין.“

ווען סאָקראַטעס האָט דאָס געהערט, האָט מיר גע־שיינט, אַז ער איז געווען צופרידן מיט דער אויספירונג פון קעבעס'ן, און געבנדיג אַ קוק אויף אונז האָט ער געזאָגט: „קעבעס געפינט אַלעמאָל עפּעס אַן ארגומענט און ער לאָזט זיך ניט לייכט איבערצייגן פון דעם וואָס איינער זאָגט אים."

און סיממיאַס האָט געזאָגט: „יאָ, סאָקראַטעס, דאָס מאָל שיינט אויך מיר, אַז עפּעס שטעקט אין דעם וואָס קעבעס זאָגט. וואָרעם פאַרוואָס זאָלן טאַקע אמת קלוגע מענטשן אַנטלויפן פון האַרן וואָס זענען בעסער פון זיי, און זיך לייכט שיידן פון זיי? און מיר זעהט אויס, אַז קעבעס צילעוועט זיך מיט זיינע רייד אויף דיר, וואָס דו ביזט אַזוי גרייט צו פאַרלאָזן אונז און די געטער, וואָס זענען, ווי דו ביזט אַליין מסכים, גוטע הערשער."

„איר האָט אַ רעכט דאָס צו זאָגן," האָט ער געענטפערט, „וואָרעם איך דענק, איר מיינט, אַז איך מוז זיך פאַרטיידיגן קעגן די דאָזיגע באַשולדיגונג פונקט ווי איך וואָלט געשטאַנען פאַר אַ געריכט."

„ריכטיג," זאָגט סיממיאַס.

„לאָמיר זעהן," האָט ער געזאָגט, „איך וועל זיך סטאַרען צו פאַרטיידיגן פאַר אייך מיט מער איבערצייגונג ווי פאַר די ריכטער. וואָרעם ווען איך וואָלט ניט געגלויבט," האָט ער געזאָגט, „אַז איך גיי צו אַנדערע געטער וואָס זענען קלוג און גוט, און נאָך מער, צו פאַרשטאָרבענע מענטשן, בעסערע מענטשן איידער די וואָס זענען דאָ, וואָלט איך טאַקע געווען אומגערעכט ווען איך וואָלט זיך ניט מצער געווען פון דעם טויט. אָבער ווי די זאַך איז קענט איר זיין זיכער, אַז איך האָף צו קומען צו גוטע מענטשן, הגם איך וואָלט דאָס ניט וועלן באַהויפּטן גאַנץ באַשטימט; אָבער אַז איך גיי צו גע־טער וואָס זענען גוטע האַרן, דאָס, זייט זיכער, קען איך זאָגן אַזוי באַשטימט ווי מען קען נאָר וועגן אַזעלכע זאַכן. און דערפאַר, אויף וויפיל עס איז שייך צו דעם, איז ניט נאָר

וואָס איך בין זיך ניט מצער, נאָר איך האָב גרויסע האָפנונג, אַז עפּעס ליגט אָנגעגרייט פאַר די טויטע, און, ווי מען האָט געזאָגט אין די אַלטע צייטן, עטוואָס בעסערעס פאַר די גוטע איידער פאַר די זינדיגע."

„נו," האָט סימיאַס געזאָגט, „האָסט דו בדעה, סאָקראַטעס, אוועקצוגיין און מיטנעמען מיט זיך דיין מיינונג, אָדער וועסט דו זיך טיילן מיט אונז? עס שיינט מיר, אַז דאָס איז אַ גוטס וואָס באַלאַנגט געמיינשאַפטליך אויך צו אונז, און צו דערזעלביגער צייט, אויב דו וועסט אונז איבערצייגן אין דעם וואָס דו זאָגסט, וועט דאָס אויך דינען אַלס דיין פאַרטיידיגונג."

„איך וועל פּרובירן," האָט ער געענטפערט. „אָבער פריער לאָמיר פרעגן קריטאָן דאָרט וואָס ער וויל. עס זעהט אויס ער וויל עפּעס זאָגן שוין פאַר אַ לאַנגע צייט."

„נאָר דאָס," האָט קריטאָן געזאָגט, „אַז דער מאַן וואָס דאַרף דיר איינגעבן דעם סם, האָט מיר שוין לאַנג געזאָגט, מען זאָל דיך וואָרנען צו ריידן אַזוי ווייניג ווי מעגליך. ער זאָגט, מענטשן ווערן צוהיצט פון ריידן, און דאָס פאַרטראָגט זיך ניט גוט מיט דעם געטראַנק, און די וואָס טוען דאָס, מוז מען טיילמאָל איינגעבן דעם געטראַנק צוויי מאָל און אַפילו דריי מאָל."

און סאָקראַטעס האָט געזאָגט: „לאָז אים לויפן. זאָל ער נאָר טאָן דאָס זייניגע, און זיך צוגרייטן צו געבן עס צוויי מאָל, אָדער אַפילו, ווען נויטיג, דריי מאָל."

„איך בין כמעט געווען ווי זיכער, אַז דו וועסט דאָס זאָגן," האָט קריטאָן געזאָגט, „אָבער ער האָט זיך אין מיר איינגעטשעפּעט שוין פון אַ לאַנגע צייט."

„לאָז אים לויפן," האָט סאָקראַטעס געזאָגט. „אַצינד וויל איך דערקלערן אייך, מיינע ריכטער, די אורזאַך פאַר וואָס איך דענק, אַז דער מענטש וואָס האָט אויף אַן אמת פאַרברענגט זיין לעבן אין פילאָסאָפיע, האָט נאַטירליך אַ סך קוראַזש ווען ער האַלט ביים שטאַרבן, און ער האָט גרוי-

סע האָפנונג, אַז נאָכ'ן טויט וועט ער דערגרייכן דאָס גרעסטע גוטס אין יענעם אַנדערן לאַנד. און ווי אַזוי דאָס טרעפט, וועל איך, סיממיאַס און קעבעס, זיך סטאַרן אייך צו זאָגן."

„אַנדערע מענטשן פאַלט אפשר גאָר ניט איין, אַז די דאָזיגע וואָס באַשעפטיגן זיך מיט דער פילאָזאָפיע אויף אַן אמת, שטודירן גאָר ניט עפּעס אַנדערש אַחוץ צו שטאַרבן און צו זיין טויט. נו, אויב דאָס איז אמת, וואָלט דאָך געווען די גרעסטע נאַרישקייט צו שטרעבן אַ גאַנצן לעבן צו גאָר־ניט אַנדערס אויסער צו דעם, און נאָכדעם זיך ערגערן, ווען עס קומט דאָס צו וואָס זיי האָבן די גאַנצע צייט געגאַרט און זיך צוגעגרייט."

סיממיאַס האָט געלאַכט און געזאָגט: „ביי צעאוס, סאָקראַטעס, ווי ווייניג עס איז מיר איצט צום לאַכן, האָסט דו מיך דאָך געמאַכט לאַכן. וואָרעם איך דענק, אַז דער המון, ווען זיי וואָלטן דאָס געהערט, וואָלטן זיי געגלויבט, אַז דו האָסט רעכט מיט דעם וואָס דו האָסט געזאָגט וועגן די פילאָזאָפן, און די מענטשן ביי אונז, וויינינגסטנס, וואָלטן פולשטענדיג צוגעשטימט מיט דיר, אַז די פילאָזאָפן ווינשן ווירקליך דעם טויט, און זיי ווייסן גאַנץ גוט, אַז די פילאָזאָפן פאַרדינען דאָס צו דערגרייכן."

„און זיי וואָלטן געזאָגט דעם אמת, סיממיאַס, אַחוץ דאָס, אַז זיי ווייסן גאַנץ גוט, וואָרעם זיי ווייסן ניט גאַנץ גוט אויף וואָסער וועג די אמת'ע פילאָזאָפן ווינשן דעם טויט, אָדער וואָסער טויט דאָס איז. לאָמיר דערפאַר," האָט ער געזאָגט, „זיך דורכשמועסן צווישן זיך, און זיך ווייטער ניט אומקוקן אויף זיי. גלויבן מיר, אַז דער טויט איז עפּעס?"

„געוויס," איז אים סיממיאַס אַריינגעפאַלן אין די רייד.

„און עס איז גאָר ניט אַנדערש ווי דאָס אָפּטיילן די נשמה פון דעם גוף, און דער צושטאַנד פון טויט־זיין, איז דער צו־שטאַנד אין וועלכן דער גוף איז אָבגעטיילט פון דער נשמה, און עקזיסטירט אַליין פאַר זיך, און די נשמה איז אָבגעטיילט פון דעם גוף און עקזיסטירט אַליין פאַר זיך? איז דער טויט

עטוואס אַנדערש איידער דאָס?"

„ניין, עס איז נאָר דאָס," האָט ער געזאָגט.

„און אַצינד, מיין פריינד, זעה אויב דו ביזט מסכים צו דעם וואָס איך; וואָרעם אַזוי אַרום וועלן מיר, דענק איך, בעסער פאַרשטיין אונזער ענין. דענקסט דו, אַז עס איז רעכט פאַר אַ פילאָזאָף זיך אָבצוגעבן שטאַרק מיט די אַזוי גערופענע תענוגים, ווי עסן און טרינקען?"

„אויף קיין פאַל ניט, סאָקראַטעס," האָט סיממיאַס געזאָגט.

„און וואָס איז מכח די תענוגים פון ליעבע?"

„זיכער ניט."

„גוט, און דענקסט דו, אַז אַזאַ מאַן וועט דענקען פיל וועגן די אַנדערע דאגות פון דעם גוף — איך מיין אַזעלכע ווי צו פאַרמאָגן שיינע מלבושים און שיך און די אַנדערע פערזענליכע באַצירונג? דענקסט דו ער וועט זיך זאָרגן וועגן זיי, אָדער ער וועט זיי פאַראַכטן, אויסער אויף אַזוי פיל אויף וויפיל עס איז נויטווענדיג זיי צו האָבן?"

„איך דענק, דער אמת'ער פילאָזאָף וועט זיי פאַראַכטן," האָט ער געענטפערט.

„בסך הכל, אַלזאָ, דענקסט דו, אַזאַ מאַן וועט זיך ניט אָבגעבן אין גאַנצן מיט דעם גוף, נאָר וועט, אויף וויפיל אים וועט זיין מעגליך, זיך אָבקערן פון דעם גוף, און וועט נאָר זיין געווענדעט צו דער נשמה?"

„יאָ."

„בכן, איז קודם כל קלאָר, אַז אין אַזעלכע זאַכן נעמט דער פילאָזאָף, מער איידער אַנדערע מענטשן, און טיילט אָב די נשמה פון איר געמיינשאַפט מיט דעם גוף?"

„עס איז קלאָר."

„נו, און די מייסטע מענטשן מיינען דאָך, סיממיאַס, אַז ווען איינער האָט ניט קיין פאַרגעניגן פון אַזעלכע זאַכן, און נעמט אין זיי ניט קיין אַנטייל, איז ער ניט ווערט וואָס ער לעבט, און אַז דער וואָס אינטערעסירט זיך ניט מיט

די תענוגים פון דעם גוף, איז גאַנץ נאָענט צו דעם טויט.״
„דאָס זאָגסטו דו זייער אמת.״
„אַצינדער, ווי שטייט עס מיט דער דערוואַרבונג פון דעם ריינעם וויסן? איז דער גוף אַ שטער אָדער ניט, ווען מען נעמט אים מיט זיך, אַלס באַגלייטער צו זוכן חכמה? איך מיין דאָס אַזוי: צי קען דאָס זעהן און דאָס הערן אונז געבן וועלכע אמת׳ן, אָדער איז אפשר אמת, ווי די פּאָעטן זאָגן אונז אַלעמאָל, אַז מיר הערן ניט און מיר זעהען ניט קיין זאַך אַקוראַטנע? און דאַך, אויב די דאָזיגע צוויי פיזיקאַלישע חושים זענען ניט אַקוראַטנע אָדער גענוי, זענען די אַנדערע דאָס אודאי ניט, וואָרעם זיי אַלע זענען ערגער פון די. דענקסטו דו ניט אַזוי?״
„זיכער דענק איך אַזוי,״ האָט ער געענטפערט.
„ווען זשע דערגרייכט די נשמה דעם אמת? וואָרעם ווען זי פּרובירט צו באַטראַכטן עטוואָס צוזאַמען מיט דעם גוף, ווערט זי אויגנשיינליך באַשווינדלט פון דעם גוף.״
„אמת.״
„אין דעם דענקען, בכן, אויב דאָס איז בכלל מעגליך, ווערט איר קלאָר עטוואָס פון דער ווירקליכקייט?״
„יאָ.״
„און זי דענקט צום בעסטן, ווען קיינע פון די זאַכן שטערן איר ניט — ניט דאָס הערן און ניט דאָס זעהן, און ניט שמערצן און ניט פאַרגעניגן — נאָר זי איז, אויף וויפיל מעגליך, מיט זיך אַליין, און לאָזט דעם גוף אַליין, און מיידט אויס, אויף וויפיל זי קען, יעדע געמיינשאַפטליכקייט און באַרירונג מיט דעם גוף, און זוכט צו דערגרייכן די ווירקליכקייט.״
„דאָס איז אמת.״
„אַלזאָ, אויך אין די זאַכן, פאַראַכטעט די נשמה פון דעם פילאָזאָף זייער פיל דעם גוף, און מיידט אים אויס, און שטרעבט צו זיין אַליין מיט זיך?״
„אַזוי זעהט׳ס אויס.״

„אַצינדער, ווי שטייט עס מיט די דאָזיגע זאַכן, סיממיאַס? האַלטן מיר, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי גערעכטיגקייט, אָדער ניט?"

„אַוודאי האַלטן מיר אַז עס איז דאָ."

„און שיינקייט, און גוטסקייט."

„בלי ספק."

„גוט, האָסט דו ווען עס איז געזעהן עטוואָס פון דעם מיט דיינע אויגן?"

„זיכער ניט," האָט ער געזאָגט.

„אָדער האָסט דו זיי ווען עס איז אָנגעטראָפן מיט וואָסער עס איז חוש פון דעם גוף? איך רייד דאָ פון אַלע אַזעלכע זאַכן, ווי גרויסקייט, געזונטקייט, שטאַרקייט, מיט איין וואָרט, דער תמצית אָדער די אמת'ע נאַטור פון יעדער זאַך. ווערט די אמת'דיגע נאַטור זייערע באַגריפן דורך דעם גוף? אָדער איז עס ניט גיכער אַזוי דער פאַל: דער פון אונז וואָס פאַרנעמט זיך צומייסט פאַרזיכטיג צו באַגרייפן דעם תמצית אַליין פון יעדער זאַך, וואָס ער פאָרשט אויס, דער וועט קומען צום נאָענטסטן דאָס צו דערקענען?"

„אַוודאי."

„און נאָר דער דאָזיגער מענטש וועט דאָס קענען טאָן צום בעסטן, וועלכער גייט צו צו יעדער זאַך, אויף וויפיל מעגליך, מיט דעם פאַרשטאַנד אַליין, ניט אַריינפירנדיג דאָס זעהן אין זיין דענקען אַריין, און ניט מיטשלעפנדיג קיין אַנדערע פון זיינע חושים מיט זיין נאכדענקען, נאָר דער וואָס געברויכט דעם ריינעם, אַבסאָלוטן פאַרשטאַנד אין זיין פּראָבע אויסצוזוכן דעם ריינעם, אַבסאָלוטן תמצית פון די זאַכן, און דער וואָס גייט אַוועק, אַזוי ווייט ווי מעגליך, פון אויגן און אויערן, און, מיט איין וואָרט, פון זיין גאַנצן גוף, ווייל ער שפּירט, אַז די דאָזיגע געזעלשאַפט שטערט דער נשמה, און פאַרהינדערט איר פון צו דערלאַנגען אמת און חכמה? וועט ניט אַזאַ מענטש, סיממיאַס, אויב ווער עס איז וועט, דערגרייכן די דערקענטעניש פון דער ווירקליכקייט?"

„עס איז וואונדערבאר ווי אמת דו רעדסט, סאקראטעס," האט סימיאס געזאגט.

„בכן," האט ער געזאגט, „דאס אלץ מוז ברענגען די אמת'ע ליעבהאבער פון חכמה צו דעם געדאנק, זיי זאלן ריידן צווישן זיך אומגעפער אזוי: עס זעהט אויס, אז עס איז דא א קורצער וועג אין דער אונטערזוכונג, וואס פירט אונז און אונזער ארגומענט צו דעם שלום, אז אזוי לאנג ווי מיר האבן דעם גוף, און די נשמה איז צוזאמען מיט דער צרה, וועלן מיר קיינמאל ניט דערגרייכן פולשטענדיג וואס מיר ווינשן, און מיר זאגן, דאס איז דער אמת. ווארעם דער גוף האלט אונז כסדר פארטאן צוליעב זיינע באדערפעּנישן פון נאהרונג; און, נאך מער, אויב קראנקהייטן קומען, שטערן זיי אונז אין דעם אניאגן פון דעם אמת. און דער גוף פילט אונז אן מיט ליידנשאפט, און תאוות, און שרעק, און אלע מינים פאנטאזיעס און שטותים, אזוי אז, ווי זיי זאגן, עס איז לחלוטין אוממעגליך פאר אונז אין גאנצן צו דענקען. דער גוף און זיינע תאוות זענען די איינציגע אור־זאך פון מלחמות און מחלוקת און שלאכטן! ווארעם אלע מלחמות קומען פון דעם פארלאנג צו פארדינען געלט, און מיר מוזן פארדינען געלט פון דעם גוף וועגן, ווייל מיר זענען קנעכט אין זיין דינסט. און צוליעב אלע די זאכן האבן מיר ניט קיין פרייע צייט פאר פילאזאפיע. אבער דאס ערגסטע פון אלעם איז, אז ווען מיר קריגן שוין אביסל פרייע צייט און מיר קערן זיך צו דער פילאזאפיע, רייסט דער גוף כסדר זיך אריין אין אונזער שטודירן און שטערט אונז מיט קולות און מהומות, אזוי, אז צוליעב אים קענען מיר ניט כאפן דעם אמת. און מיר באמערקן גאנץ גוט, אז אויב מיר ווילן ווען עס איז דערגיין וואס עס איז אבסאלוט, מוזן מיר זיין פריי פון דעם גוף, און מוזן זעהן די רעאלע ווירקליכקייטן נאר מיט דער נשמה, און דעמאלט, ווי עס צייגט זיך, ווען מיר זענען טויט, איז מעגליך מיר זאלן האבן די חכמה וואס מיר באּגערן, און וואס מיר טענה'ן, אז מיר זענען פארליעבט אין

דעם, אָבער ניט ווי לאַנג מיר לעבן. וואָרעם אויב דאָס ריינע ווייסן איז אוממעגליך ווי לאַנג דער גוף איז מיט אונז, מוז געשעהן איינס פון די צוויי, ענטוועדער מיר קענען דאָס ווייסן קיינמאָל ניט דערלאַנגען, אָדער ערשט נאָך דעם טויט; וואָרעם דעמאָלט וועט די נשמה זיין אַליין פאַר זיך, אָבגעזונדערט פון דעם גוף, אָבער ניט פריער. און אַזוי לאַנג ווי מיר לעבן, וועלן מיר, מיר שיינט, זיין צום נאָענטסטן צום ווייסן נאָר דעמאָלט, ווען מיר מיידן אויס, אויף וויפיל עס איז מעגליך, דעם אומגאַנג און די געמיינשאַפט מיט דעם גוף, אויסער וואָס איז לחלוטין נויטיג, און מיר זענען ניט אָנגעפילט מיט זיין נאַטור, נאָר מיר האַלטן זיך ריין פון אים, ביז גאָט אַליין באַפרייט אונז. און אויף דעם וועג, ווען מיר באַפרייען זיך פון די נאַרישקייטן פון דעם גוף, און מיר האַלטן זיך ריין, וועלן מיר, דענק איך, זיין צוזאַמען מיט די ריינע, און מיר וועלן פון זיך אַליין אַרויס דערקענען אַלץ וואָס איז ריין — און דאָס איז, אפשר, דער אמת. וואָרעם עס קען ניט זיין, דאָס אומריינע זאָל קומען אין באַרירונג מיט דעם ריינעם. אַזעלכע ווערטער ווי די דאָזיגע, שיינט מיר, סיממיאַס, וועלן אַלע די וואָס האָבן אויף אַן אמת אַ באַגער צו ווייסן מוזן ריידן און דענקען צווישן זיך. שיינט דאָס דיר ניט אַזוי?"

„אודאי און אודאי, סאָקראַטעס."

„דאַן," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אויב דאָס איז אמת, מיין פריינד, האָב איך אַ גרויסע האָפנונג, אַז ווען איך וועל אָנקומען אויף דעם אָרט וואוהין איך גיי אַצינד, וועל איך דאָרט, אויב ערגעצוואו, פולשטענדיג דערגרייכן דאָס, וואָס איז געווען מיין הויפּט-שטרעבונג אין מיין פאַרגאַנגענעם לעבן, אַזוי אַז די רייזע וואָס מען האָט איצט אויף מיר אַרויפגעלייגט, הויבט זיך אָן מיט גוטע האָפנונג; און דיזעלביגע האָפנונג עקזיסטירט פאַר יעדן איינעם, וואָס דענקט, אַז זיין נשמה איז געוואָרן גערייניגט און צוגעגרייט."

„זיכער," האָט סיממיאַס געזאָגט.

„און באַשטייט ניט די ריייניגונג אין דעם, וואָס מיר האָבן שוין דערמאָנט לאַנג צוריק אין אונזערע רעדן, אין דעם אָבזונדערן, אויף וויפיל עס איז מעגליך, די נשמה פון דעם גוף, און זי צוגעוואוינען זיך צו זאַמלען און זיך צוזאַמענצונעמען פון אַלע טיילן פון דעם גוף, און צו לעבן, אויף וויפיל זי קען, אַצינדער און אויך שפּעטער, אַליין פאַר זיך, באַפרייט פון דעם גוף ווי פון קייטן?“

„זיכער,“ האָט ער געזאָגט.

„נו, דאָס איז דאָך, וואָס מיר רופן טויט, ניט אמת? די אויסלייזונג און די אָבזונדערונג פון דעם גוף?“

„גאַנץ ריכטיג,“ האָט ער געזאָגט.

„און, ווי מיר האַלטן, די אמת'ע פילאָזאָפן, און נאָר זיי אַליין, זענען אַלעמאָל שטאַרק באַגערט אויסצולייזן די נשמה, און נאָר דאָס — דאָס אויסלייזן און דאָס אָבזונדערן די נשמה פון דעם גוף — איז וואָס זיי שטודירן. איז דאָס ניט?“

„דאָס איז פון אויבנאויף.“

„הכלל, ווי איך האָב געזאָגט פון אָנפאַנג, עס וואָלט געווען לעכערליך, ווען אַ מענטש וואָס האָט זיין גאַנצן לעבן זיך איינגעריכט צו לעבן אַזוי נאָענט אין אַ צושטאַנד פון טויט ווי ער האָט נאָר געקענט, זאָל זיין צורודערט ווען דער טויט קומט צו אים. וואָלט דאָס ניט געווען לעכערליך?“

„בלי ספק.“

„אויף אַן אמת, דען, סיממיאַס,“ האָט ער געזאָגט, „די אמת'ע פילאָזאָפן פּראַקטיצירן דאָס שטאַרבן, און דער טויט איז פאַר זיי ווייניגער שרעקליך איידער פאַר יעדן אַנדערן מענטש. באַטראַכט דאָס אויף דעם וועג. זיי זענען אויף יעדן אופן קעגן דעם גוף, און זיי באַגערן צו האָבן די נשמה באַזונדער, פאַר זיך אַליין. וואָלט דאָס ניט געווען זייער נאַריש, ווען זיי זאָלן זיך שרעקן און זיך אָנמאַכן צרות ווען אָט די סאַמע זאַך פּאַסירט; און אויב זיי זאָלן ניט זיין פריידיג צו גיין צו דעם אָרט, וואו זיי קענען האָפן צו דערגרייכן דאָס, וואָס זיי האָבן נאָך דעם געגאַרט זייער גאַנץ

לעבן לאַנג (און זיי האָבן געגאַרט נאָך חכמה) און זיך צו פּטר'ן פון דעם וואָס האָט זיי געשטערט? ווען מענטשליכע געליעבטע, אָדער ווייבער, אָדער קינדער זענען געשטאָרבן, זענען פיל מענער וויליג געגאַנגען אויף יענער וועלט, גע־טריבן פון דער האָפנונג דאָרט ווידער צו זעהן די נאָך ווע־מען זיי האָבן געגאַרט, און צו זיין מיט זיי; און וועט דער, וואָס איז אויף אַן אמת פאַרליעבט אין חכמה, און האָט פעסט ביי זיך דיזעלביגע האָפנונג, אַז ער קען זי אין ערגעץ אַנדערש ניט געפינען לויט זיין וואונש אויסער אויף יענער וועלט, זיך מצער זיין ווען ער שטאַרבט, און ניט זיין פריי־דיג אַהינצוגיין? מיר קענען אַזוי ניט דענקען, מיין פריינד, אויב ער איז אַן אמת'ער פילאָזאָף; וואָרעם ער וועט גלויבן מיט פולן צוטרויען, אַז די ריינע חכמה וועט ער אין ערגעץ אַנדערש ניט געפינען אַחוץ אויף יענער וועלט. און אויב דאָס איז אַזוי ווי איך האָב נאָר וואָס געזאָגט, וואָלט דען ניט געווען נאַריש פון אַזאַ איינעם זיך צו שרעקן פאַר דעם טויט?"

„זייער נאַריש, זיכער," האָט ער געזאָגט.

„און איז דאָס ניט," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אַ גע־ניגענדער באַווייז, ווען דו זעהסט אַ מענטש איז זיך מצער, ווייל ער גייט שטאַרבן, אַז ער איז ניט געווען קיין ליעב־האָבער פון חכמה, נאָר אַ ליעבהאָבער פון דעם גוף? און דערזעלביגער מענטש איז אויך אַ ליעבהאָבער פון געלט, און פון כבוד, ענטוועדער איינס פון די ביידע, אָדער גאָר ביידע."

„זיכער," האָט ער געזאָגט, „דאָס איז ווי דו זאָגסט."

„נו, סיממיאַס," האָט ער ווייטער פאָרטגעזעצט, „פּאַסט זיך ניט דאָס וואָס מען רופט קוראַזש מייסטנס צו די פילאָ־זאָפן?"

„לכל הדעות," האָט ער געזאָגט.

„און מעסיגקייט — דאָס וואָס דער עולם רופט מעסיג־קייט, וואָס באַשטייט אין דעם, ניט צו זיין אויפגערייצט פון ליידנשאַפט, און צו זיין גלייכגילטיג צו זיי און זיך אויפצו־

פירן ארטיג, פאסט זיך דען דאס ניט נאר פאר יענע וואס פאראכטן דעם גוף און פארברענגען זייער לעבן מיט דער פילאזאפיע?"

„נויטווענדיג," האט ער געזאגט.

„וואָרעם," האט סאקראטעס געזאגט, „אויב דו ווילסט נאר באטראכטן דעם קוראזש און די מעסיגקייט פון אנדערע מענטשן, וועט דאס דיר פארקומען קאמיש."

„ווי אזוי איז דאס, סאקראטעס?"

„דו ווייסט דאך, אז אלע אנדערע מענטשן רעכענען דעם טויט צווישן די גרעסטע אומגליקן?"

„אודאי אזוי."

„און גייען דען ניט מוטיגע מענטשן אנטקעגן דעם טויט — ווען זיי גייען אים אנטקעגן — אויס מורא פאר גרעסערע אומגליקן?"

„דאס איז אמת."

„אלע מענטשן, בכן, אויסער די פילאזאפן, זענען מוטיג אויס מורא און פייגהייט."

„זייער אמת."

„און ווי איז עס מיט די וואס פירן זיך אויף ארטיג? טרעפט זיי ניט דאסזעלביגע? זיי זענען איינגעהאלטן צו־ליעב א מין צולאזנקייט. זיכער, מיר זאגן, אז דאס איז אוממעגליך, פונדעסטוועגן פאסירט מיט זיי עפעס ענליכעס מיט זייער נארישער איינגעהאלטנקייט; וואָרעם זיי האבן מורא, אז זיי וועלן ווערן בארויבט פון געוויסע תענוגים וואס זיי באגערן, און זיי האלטן זיך אב פון איינציגע, ווייל זיי זענען באהערשט פון אנדערע. און צו זיין באהערשט פון תענוגים רופן מיר דאך צולאזנקייט. פונדעסטוועגן פאסירט מיט זיי, אז זיי באהערשן איינציגע תענוגים, ווייל זיי ווערן באהערשט פון אנדערע תענוגים. און דאס איז דאך גלייך צו דעם, וואס איך האב נאר וואס געזאגט, אז זיי זענען איינ־געהאלטן צוליעב א מין צולאזנקייט."

„אזוי זעהט'ס אויס."

„מיין טייערער סיממיאס, דאָס איז ניט דער ריכטיגער וועג איינצוהאַנדלען גוטע מידות דורך אויסטוישן תענוגים פאַר תענוגים, און שמערצן פאַר שמערצן, און שרעק פאַר שרעק, און דאָס גרעסערע פאַר דעם קלענערן, ווי זיי וואָלטן געווען מטבעות, נאָר אַז די איינציגע ריכטיגע מטבע, וואָס פאַר איר מוזן אַלע זאַכן ווערן אויסגעטוישט, און מיט וואָס, און דורך וואָסער מיטל, אַלע די דאָזיגע זאַכן דאַרפן ווערן געקויפט און פאַרקויפט, א״ז אין אמת׳ן חכמה; און קוראַזש און איינגעהאַלטנקייט, און גערעכטיגקייט, און, בקיצור, אמת׳ע טוגענד עקזיסטירט נאָר מיט חכמה, צי תענוגים, און שרעק, און אַנדערע זאַכן פון דעם מין, צוגעלייגט קומען צו אָדער גייען אַראָפּ. און אַ טוגענד וואָס באַשטייט אין דעם אויסטויש פון אַזעלכע זאַכן איינס פאַר ס׳אַנדערע אָן חכמה, איז ניט מער ווי אַ שאָטן-געמעל פון טוגענד, און איז אין אמת׳ן קנעכטיש, און האָט אין זיך גאָר ניט וואָס איז געזונט אָדער אמת. און דער אמת איז גראַד אַ רייניגונג פון אַלע די זאַכן, און איינגעהאַלטנקייט, און גערעכטיגקייט, און קו־ראַזש, און די חכמה גופא זענען אַ מין רייניגונג. און די דאָזיגע וואָס האָבן איינגעפירט די מיסטעריען זענען ניט געווען, ווי ע׳ס שיינט, אַזוי נאַריש, נאָר זיי האָבן אין דער ווירקליכקייט געהאַט אַ באַהאַלטענע כונה, ווען זיי האָבן שוין לאַנג צוריק געזאָגט, אַז דער וואָס גייט אויף יענער וועלט ניט איינגעווייעט און אומגעהייליגט וועט ליגן אין דער זומפּ, אָבער דער וואָס קומט אַהין איינגעווייעט און געהייליגט, וועט וואוינען מיט די געטער. און ווי עס ווערט געזאָגט אין די מיסטעריען: „אַ סך זענען די טהירסוס-טרעגער *), אָבער די מיסטיקער נאָר עטליכע,“ און די, גלויב איך, זענען ניט קיין אַנדערע אַ חוץ יענע, וואָס זענען געווען אמת׳ע פילאָזאָפן, און

$) „טהירסוס“ איז דער שטעקן פון דעם גאָט באַקכוס, דער גאָט פון שיכרות. אַ סך טראָגן דעם שטעקן, אָבער ווייניגע זענען די אמת־באַגייסטערטע.

איך האָב אין מיין לעבן, אויף וויפיל איך האָב נאָר געקענט, געטאָן אַלץ וואָס איז געווען מעגליך, און האָב געשטרעבט אויף יעדן וועג, צו ווערן איינער פון זיי. אָבער צי איך האָב געשטרעבט ריכטיג, און צי איך האָב געהאַט ערפאָלג, דאָס וועל איך וויסען אויף קלאָר, איך גלויב, ווען איך וועל דאָרט אַהין קומען, קירצליך, אויב עס איז גאָט'ס ווילן. דאָס דאָזיגע, סיממיאס און קעבעס, איז מיין פאַרטיידיגונג, פאַר וואָס איך בין זיך ניט מצער, און האָב ניט קיין עגמת נפש צו פאַרלאָזן אייך און די געביטער וואָס איך האָב דאָ; וואָרעם איך גלויב אַז דאָרטן, ניט ווייניגער ווי דאָ, וועל איך געפינען גוטע געביטער און פריינד. און, אויב איך בין מיט מיין פאַרטיידיגונג צו אייך מעהר איבערצייגנדיג איידער איך בין געווען מיט די אַטהענישע ריכטער, איז גאַנץ גוט."

נאָכדעם ווי סאָקראַטעס האָט דאָס געזאָגט, איז קעבעס אַריינגעפאַלן אין די רייד און געזאָגט: „סאָקראַטעס, די אַנדערע זאַכן, וואָס דו האָסט געזאָגט געפעלן מיר גאַנץ גוט, אָבער די רייד מכח דער נשמה ברענגען אַריין מענטשן אין גרויסע ספיקות, צי זי עקזיסטירט מער אין ערגעץ ניט, ווען זי פאַרלאָזט דעם גוף, און אַז דעמזעלביגן טאָג ווען דער מענטש שטאַרבט ווערט זי פאַרניכטעט און קומט אום, און ווען זי טיילט זיך אָפּ און גייט אַרויס פון דעם גוף פליט זי גלייך אַוועק און איז מער אין ערגעץ ניט דאָ, ווערנדיג צעשפרייט ווי הויך און רויך. ווען זי וואָלט עקזיסטירט ערגעצוואו, פאַר זיך אַליין ווי אַ גאַנצקייט, באַפרייט פון די דאָזיגע איבלען, וואָס דו האָסט נאָר וואָס אויסגערעכנט, וואָלט טאַקע געווען אַ גרויסע און אַ שיינע האָפנונג, אַז וואָס דו זאָגסט, סאָקראַטעס, איז אמת. אָבער גראָד דאָס פאָדערט ניט ווייניג ראיות און באַווייזן, אַז ווען אַ מענטש איז טויט עקזיסטירט נאָך די נשמה, און האָט נאָך עפּעס אַ קראַפט און פאַרשטענדניש."

„וואָס דו זאָגסט, קעבעס, איז אמת" האָט סאָקראַטעס געזאָגט. „וואָס זשע זאָלן מיר אַצינד טאָן? פאַרלאַנגסט דו

מיר זאָלן ווייטער אָנפירן אונזער שמועס וועגן דעם, און זעהן צי דאָס איז וואַרשיינליך צי ניט!

„יאָ,“ האָט קעבעס געזאָגט, „איך וואָלט גערן געוואָלט הערן וואָס דו דענקסט וועגן דעם.“

„גוט,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „איך גלויב ניט, צי עמיצער וואָס וואָלט אונז איצט געהערט, אַפילו ווען ער וואָלט געווען אַ קאָמעדיענשרייבער, וואָלט געזאָגט, אַז איך פּלאַפּל און רייד וועגן זאַכן, וואָס גייען מיך ניט אָן. און אויב אייך איז ניחא, דאַרף מען אונטערזוכן דעם ענין.“

„לאָמיר באַטראַכטן צי די נשמות פון די געשטאָרבענע מענטשן זענען אין דער אונטערוועלט אָדער ניט! עס איז דאָ אַן אַלטע טראַדיציע, וואָס איך דערמאָן זיך, אַז זיי גייען דאָרט אַהין פון דאַנען, און קומען ווידער צוריק, און זיי ווערן געבוירן פון די טויטע. נו, אויב דאָס איז אמת, אויב די לעבעדיגע ווערן נאָך אַמאָל געבוירן פון די טויטע, מוזן דאָך אונזערע נשמות דאָרט זיין? וואָרעם זיי וואָלטן דאָך ניט געקענט נאָך אַמאָל געבוירן ווערן, אויב זיי וואָלטן דאָרט ניט געווען; און דאָס וואָלט געווען די בעסטע ראיה, אַז זיי זענען דאָרטן, ווען מען קען קומען ניט פון ערגעץ אַנדערש נאָר פון די טויטע. אויב אָבער דאָס איז ניט אַזוי, וועט זיך פאָדערן אַן אַנדער ראיה.“

„געוויס,“ האָט קעבעס געזאָגט.

„אַצינדער,“ האָט ער געזאָגט, „אויב דו ווילסט דאָס אויסגעפינען לייכט, זאָלסט דו באַטראַכטן די פראַגע ניט נאָר בנוגע צו מענטשן אַליין, נאָר אויך בנוגע צו אַלע מינים חיות און פלאַנצן, און, בכלל, בנוגע צו אַלע זאַכן וואָס ווערן געבוירן. לאָמיר זעהן צי אַלע די דאָזיגע זאַכן, צי ווערן זיי ניט געבוירן אָדער אַנטשטייען פון גאָר ניט אַנדערש אויסער פון זייערע היפוכים, ווי למשל דאָס שיינע איז דער היפוך פון דעם מיאוס'ן, דאָס גערעכטע פון דעם אומגערעכטן, און עס זענען דאָ אומציילינע אַנדערע אַזעלכע ענליכע היפוכים. לאָמיר באַטראַכטן די פראַגע, צי

עס איז אומפאַרמיידליך, אַז יעדע זאַך וואָס האָט אַ היפוך זאָל ווערן באַשאַפן פון איר היפוך, און נאָר פון דעם היפוך. למשל, ווען אַ זאַך ווערט גרעסער, מוז עס נויטווענדיג ווערן גרעסער פון עפּעס וואָס איז פריער געווען קלענער?"

"יאָ."

"און אויב עס ווערט קלענער, מוז עס ווערן קלענער פון עפּעס וואָס איז פריער געווען גרעסער."

"דאָס איז אמת," האָט ער געזאָגט.

"און פון דעם שטאַרקערן דאָס שוואַכערע, און פון דעם לאַנגזאַמערן ווערט דאָס שנעלערע?"

"געוויס."

"און ווען עטוואָס ווערט ערגער, ווערט דען דאָס ניט פון דעם בעסערן, און דאָס מער גערעכטע פון דעם מער אומ-גערעכטן?"

"אַוודאי."

"בכן," האָט ער געזאָגט, "האָבן מיר פעסטגעשטעלט דעם פאַקט, אַז אַלע זאַכן ווערן אַזוי אַרום באַשאַפן, היפוכים פון היפוכים?"

"געוויס."

"און אַצינד, איז דאָ צווישן די אַלע צווייענדיגע היפוכים עפּעס אַזאַ זאַך, וואָס מען קען אָנרופן אַ צווייפאַכיגע באַ-שאַפונג, פון איינעם צום אַנדערן, און פון דעם ווידער צוריק צום ערשטן? צווישן דעם גרעסערן און דעם קלענערן איז דאָ דאָס וואַקסן און דאָס אָפּנעמען; און מיר רופן טאַקע איינס פאַרגרעסערן און דאָס צווייטע פאַרקלענערן."

"יאָ," האָט ער געזאָגט.

"און פונקט אַזוי איז עס אויך מיט דעם פאַנאַנדערטיילן און צונויפשטעלן, דאָס אָבקילן און דאָס אָנוואַרמען, און אַלע אַנדערע היפוכים אויף דעמזעלביגן אופן. און ווען אפילו מיר האָבן ניט אַלעמאָל די ווערטער דאָס אויסצודריקן, מוז עס אָבער אַלעמאָל אַזוי צוגיין, אַז איינס אַנטשטייט פון דעם

אַנדערן, און אַז עס איז דאָ אַ ווערן פון איינס אין דאָס אַנדערע.״

„געווים,״ האָט ער געזאָגט.

„גוט,״ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „איז דאָ עפּעס אַ זאַך, וואָס איז דער היפּוך פון לעבן, אַזוי ווי וואַך זיין איז דער היפּוך פון שלאָפן?״

„געווים,״ האָט קעבעס געזאָגט.

„וואָס?״

„דאָס שטאַרבן,״ האָט ער געזאָגט.

„בכן, ווערן די צוויי זאַכן באַשאַפן איינס פון ס׳אַנדערע? און אַזוי ווי זיי זענען צוויי, איז צווישן זיי דאָ אַ צווייפאַכיגעס ווערן?״

„אַוודאי.״

„אַצינדער,״ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „וועל איך ריידן וועגן איינעם פון די צוויי פאַלן, פון וואָס איך האָב נאָר וואָס גערעדט, און דער פאַרגאַנג פון זייער ווערן, און דו וועסט מיר זאָגן וועגן די אַנדערע. איינס פון דעם, זאָג איך, איז שלאָפן, און דאָס צווייטע איז זיין וואַך, און דאָס וואַך־זיין ווערט באַשאַפן פון דעם שלאָפן, און דאָס שלאָפן פון דעם וואַך־זיין, און דער פאַרגאַנג פון ווערן איז, אין דעם לעצטן פאַל, איינשלאָפן, און אין דעם ערשטן, אויפוואַכן. ביזט דו מסכים, אָדער ניט?״

„מסכים.״

„און אַצינד,״ האָט ער געזאָגט, „זאָג מיר דאָס זעלביגע וועגן לעבן און טויט. זאָגסט דו ניט, אַז לעבן איז דער היפּוך פון טויט?״

„יאָ, איך זאָג.״

„און אַז זיי אַנטשטייען איינס פון דאָס אַנדערע?״

„יאָ.״

„נו, וואָס איז דאָס וואָס אַנטשטייט פון דעם לעבן?״

„דער טויט,״ האָט ער געזאָגט.

„און וואָס,״ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „פון דעם טויט?״

„מען מוז צוגעבן — דאָס לעבן.“

„פון די געשטאָרבענע, בכן, קעבעס, אַנטשטייען די לעבעדיגע, סיי מענטשן און סיי זאַכן.“

„אַזוי קומט׳ס אויס,“ האָט ער געזאָגט.

„אונזערע נשמות עקזיסטירן, בכן,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אויף יענער וועלט?“

„אַזוי זעהט׳ס אויס.“

„און די צוויי באַשאַפונגען, וואָס גייען אָן אין די צוויי, קען מען איינס זעהן באַשיינפּערליך; וואָרעם עס איז זיכער, אַז דאָס שטאַרבן קען מען זעהן דייטליך. איז דאָס ניט אַזוי?“

„געוויס,“ מאַכט ער.

„נו,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „וואָס זאָלן מיר אַצינד טאָן? זאָלן מיר אָבלייקענען דאָס אַנטקעגנדיגע באַשאַפונג, און זאָל די נאַטור אין דעם פאַל הינקען אויף איין פוס? אָדער צי מוזן מיר אָננעמען, אַז עס איז דאָ עפּעס אַ באַשאַפונג, וואָס איז דער היפוך פון שטאַרבן?“

„און וואָס איז דאָס אַזוינס?“

„אויפלעבן.“

„אויב אַזוי,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אויב עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי אויפלעבן, וועט דאָס זיין די באַשאַפונג פון די לעבעדיגע אויס די טויטע?“

„געוויס.“

„הכלל, קומען מיר אויך דורך דער מעטאָדע צו דעם שלוס, אַז די לעבעדיגע אַנטשטייען פון די טויטע, פונקט ווי די טויטע פון די לעבעדיגע; און אויב דאָס איז דער פאַל, זעהט דאָס אויס צו זיין אַ גענינגנדער באַווייז, אַז די נשמות פון די טויטע עקזיסטירן ערגעצוואו, פון וואַנען זיי קומען צוריק צום לעבן.“

„איך דענק, סאָקראַטעס, אַז דאָס מוז אַזוי זיין לויט דעם, וואָס מיר האָבן פריער צוגעגעבן.“

„און זעה, קעבעס, אַז מיר זענען ניט מיט אומרעכט, מיר דוכט, געקומען צו דעם שלוס, וואָרעם ווען דאָס באַ־

שאַפן ווערן וואָלט ניט צוגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, גייענדיג אַרום און אַרום, ווי אין אַ צירקעל, נאָר דאָס ווערן וואָלט אַלעמאָל געגאַנגען פאָרווערטס אין אַ גלייכער ליניע פון איינעם אין זיין היפוך און וואָלט זיך ניט אומקערן צוריק און וואָלט זיך ניט בייגן, דעמאָלט, זעהסט דו, וואָלטן אַלע זאַכן סוף כל סוף געהאַט איין געשטאַלט און וואָלטן זיך געפונען אין דעמזעלבן צושטאַנד, און צו דעם באַשאַפן ווערן וואָלט גענומען אַ סוף.“

„וואָס מיינסט דו?“ האָט ער געזאָגט.

„עס איז גאָר ניט שווער צו באַגרייפן וואָס איך מיין,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט. „ווען, למשל, עס וואָלט נאָר עקזיסטירט דער פאַרגאַנג פון איינשלאָפן, אָבער ניט דער אַנטקעגנדיגער פאַרגאַנג, דאָס אויפוואַכן פון דעם שלאָף, וואָלט צום סוף, ווי דו ווייסט, די זאַגע פון דעם שלאָפנדיגן ענדימאַן געוועזן איינפאַכער אומזין *). עס וואָלט ניט געהאַט קיין געלטונג, וואָרעם אַלע אַנדערע וואָלטן געוועזן אין דעמזעלבן צושטאַנד וואָס ער, פעסט איינגעשלאָפן. אָדער ווען אַלע זאַכן וואָלטן געוועזן פאַרמישט, און קיינמאָל ניט צוטיילט, וואָלט דאָס ווערטעל פון אַנאַקסאַגאָראַס: „אַלע זאַכן זענען גלייך“ באַלד געוואָרן באַשטעטיגט. אויף דעמזעלביגן אופן, מיין ליעבער קעבעס, אויב אַלע זאַכן וואָס האָבן לעבן אין זיך זאָלן שטאַרבן, און, ווען זיי זענען געשטאָרבן, זאָלן די טויטע בלייבן אין דעם דאָזיגן צושטאַנד, און ניט ווידער ווערן לעבעדיג, איז עס דען ניט אומפאַרמיידליך, אַז צום סוף זאָל אַלץ זיין טויט, און קיין זאַך ניט לעבעדיג? וואָרים אויב די לעבעדיגע ווערן באַשאַפן פון עטוואָס אַנדערש אייִדער די טויטע, און די לעבעדיגע מוזן שטאַרבן, וואָסער עצה

*) ענדימאַן איז געוועזן אַ פּאַסטוך אין קאָרינט, וואָס האָט מיט זיין שיינקייט אַזוי פאַר׳כישופ׳ט די צנועה׳דיגע לבנה־געטין אַרטעמיס, אַז זי האָט אים פאַרשלעפערט אויף דעם באַרג לאַטמאָס אויף אייביג, כדי זי זאָל אים קענען קושן אומבאַמערקט.

איז דאָ, אַז אַלץ זאָל ניט ווערן פאַרשלונגען פון דעם טויט."

„איך זעה ניט קיינע, סאָקראַטעס," האָט קעבעס געזאָגט.

„וואָס דו זאָגסט שיינט צו זיין דער ריינער אמת."

„ווי עס שיינט מיר, קעבעס," האָט ער געזאָגט, „איז דאָס מער אַזוי איידער עטוואס אנדערש, און מיר זענען ניט פאַר־פירט ווען מיר זענען דאָס מודה, נאָר אַז עס איז אַן אמת'ער פאַקט, אַז מען ווערט ווידער לעבעדיג, און אַז די לעבעדיגע ווערן באַשאַפן פון די טויטע, און אַז די נשמות פון די טויטע עקזיסטירן. און די גוטע נשמות גייט עס בעסער, און די שלעכטע ערגער."

„און אַ חוץ דעם," איז קעבעס אַריינגעפאַלן אין די רייד, „אויב עס איז אמת, סאָקראַטעס, ווי דו פלעגסט אַלעמאָל זאָגן, אַז אונזער לערנען איז ניט מער ווי אַ דערמאָנען זיך, איז לויט יענער אויספירונג קומט אויס, אַז מיר האָבן נויט־ווענדיג געמוזט האָבן געלערנט אין אַ פריערדיגן צושטאַנד, וואָס מיר דערמאָנען זיך אַצינדערט. און דאָס וואָלט דאָך געווען אוממעגליך ווען אונזער נשמה וואָלט ניט געווען עקזיסטירט ערגעצוואו, איידער זי איז געקומען אין דעם מענטשליכן געשטאַלט; אַזוי אַז אויך פון דעם אַרגומענט קומט אויס, אַז די נשמה איז אומשטערבליך."

„אָבער, קעבעס," האָט סיממיאס געזאָגט, „וואָסער ראיות זענען דאָ פאַר דעם? דערמאָן מיך; וואָרעם גראָד אין דעם מאָמענט דעראינער איך זיך ניט פיל פון דעם."

„איין שיינע ראיה איז," האָט קעבעס געזאָגט, „אַז ווען מען פרעגט אוים מענטשן, און דו פאַרשטייסט ווי אַזוי צו פרעגן, ענטפערן זיי אַליין ריכטיג וועגן יעדע זאַך; און דאָך, ווען זיי וואָלטן ניט געהאַט אין זיך דאָס וויסן און אַ ריכטיגן פאַרשטאַנד, וואָלטן זיי דאָס ניט געקאָנט טאָן. און אַז דאָס איז אַזוי ווערט צום קלאָרסטן באַוויזן, ווען מען ווייזט זיי אַ געאָמעטרישן דיאַגראַם אָדער עטוואס פון דעם

מין.״*)

„און אויב דו ביסט ניט איבערצייגט אויף דעם וועג, סיממיאס,״ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „זעה צי דו וועסט ניט מסכים זיין, ווען דו וועסט דאָס באַטראַכטן אויף אַן אַנדער וועג. דו צווייפלסט נעמליך, ווי אַזוי דאָס וואָס מען רופט לערנען קען זיין עראינערונג?״

„איך צווייפל ניט,״ האָט סיממיאס געזאָגט, „נאָר איך וויל גראד לערנען דאָס וועגן וואָס מיר ריידן, נעמליך, ער־אינערונג. און פון דעם וואָס קעבעס האָט פּרובירט דאָ צו זאָגן, הויב איך שוין אָן זיך צו דערמאָנען און צו זיין איבער־צייגט. פונדעסטוועגן וואָלט איך גערן וועלן הערן, וואָס דו האָסט געוואָלט זאָגן.״

„נאָר דאָס דאָזיגע,״ האָט ער געזאָגט. „מיר זענען מסכים, איך רעכן, אַז ווען איינער דאַרף זיך עטוואָס דער־מאָנען, מוז ער דאָס שוין האָבן געוואוסט פריער?״

„געוויס,״ האָט ער געזאָגט.

„דאַן זענען מיר אויך מסכים צו דעם, אַז ווען דער־קענטניש קומט אויף דעם וועג, איז דאָס אויך אַן עראינע־רונג? איך מיין דאָס אָבער אַזוי: אויב ווען אַ מענטש האָט געהערט, אָדער געזעהן, אָדער אויף עפּעס אַן אַנדער אופן באַגריפן וואָסער עס איז זאַך, און ער דערקענט דאַן ניט נאָר די זאַך, נאָר ער קריגט נאָך דערצו אַ באַגריף פון אַן אַנדער זאַך, וועמעס דערקענטניש איז ניט דיזעלביגע, נאָר אַן אַנדערע, צי קענען מיר דעמאָלט ניט זאָגן מיט רעכט, אַז ער עראינערט זיך די זאַך פון וואָס ער האָט געהאַט אַ פאָרשטעלונג?״

„וואָס מיינסט דו?״

„אַזוי, למשל: די פאָרשטעלונג פון אַ מענטש איז דאָך

---

*) דאָ איז דער אָנפאַנג פון דער היינטיגער פּסיכאָ־אַנאַליזע, און אונטערבאַוואוסטזיין. — איבערזעצער.

א גאנץ אנדערע איידער די פון א לירע?"

„נו, אודאי."

„דו ווייסט דאך אבער, אז פארליעבטע זעהען א לירע, אדער א בגד, אדער וואס עס איז זאך וואס דער געליעבטער פלעגט געברויכן, געשיהט דאס. זיי באמערקן די לירע, און אין דעם גייסטיגן אויג באקומט זיך דאס בילד פון דעם בחור צו וועמען די לירע באלאנגט? דאס איז דאך עראינערונג, פונקט ווי ווען איינער זעהט סיממיאס'ן, דערמאנט ער זיך אפט אן קעבעס, און איך וואלט געקענט ברענגען טויזנדע אזעלכע ביישפילן."

„אודאי טויזנדע, ביי זעאוס," האט סיממיאס געזאגט.

„אצינדער," האט ער געזאגט, „אזא מין זאך איז א סארט עראינערונג? ספעציעל ווען דאס טרעפט ביי אזעלכע זאכן, וואס זענען פארגעסן געווארן אין פארלויף פון דער צייט, ווייל מען האט זיי ניט געדענקט?"

„געוויס," האט ער געענטפערט.

„ווי איז עס דען," האט סאקראטעס געזאגט, „קען א מענטש, ווען ער זעהט א געמאלעכץ פון א פערד, אדער פון א לירע, זיך דערמאנען אן א מענטשן, אדער ווען ער זעהט דאס בילד פון סיממיאס'ן זיך דערמאנען אן קעבעס?"

„זיכער."

„און ווען מען זעהט א בילד פון סיממיאס, קען מען זיך דערמאנען אויך אן סיממיאס אליין?"

„יא," האט ער געזאגט.

„אלע די פאלן צייגן, אזוי ארום, אז די עראינערונגען אנטשטייען פון ענליכע זאכן, און אויך פון אומענליכע זאכן. איז דאס ניט אמת?"

„יא."

„און ווען די עראינערונג וועגן עטוואס קומט צו איינעם פון א זאך וואס האט ענליכקייט, וועט ער דען ניט אויך נויטווענדיג באטראכטן, צי די עראינערונג גיט אים א פול-

שטענדיגע ענליכקייט צו דער זאַך וואָס ער עראינערט זיך, אָדער ניט?"

„נויטווענדיג."

„אַצינד זעה," האָט ער געזאָגט, „צי דאָס דאָזיגע איז אַזוי. מיר זאָגן, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך ווי גלייכקייט. איך מיין ניט די גלייכקייט פון איין שטיק האָלץ צו אַן אַנדער, אָדער איין שטיין צו אַן אַנדערן, אָדער עפּעס פון דעם מין, נאָר עטוואָס איבער און אַריבער דעם — די גלייכקייט גופא. זאָלן מיר זאָגן, אַז עס איז דאָ אַזאַ זאַך אָדער ניט?"

„מיר וועלן זאָגן, אַז עס איז דאָ," האָט ער געענטפערט, „גאַנץ באַשטימט."

„און ווייסן מיר טאַקע וואָס דאָס איז?"

„געוויס," האָט ער געזאָגט.

„פון וואַנען האָבן מיר גענומען די ידיעות? איז עס ניט גראַד פון די זאַכן פון וואָס מיר ריידן אַצינדער? האָבן מיר דען ניט, ווען מיר האָבן געזעהן גלייכע שטיקער האָלץ, אָדער שטיינער, אָדער אַנדערע זאַכן, געקראָגן פון זיי די ידיעה פון דער גלייכקייט גופא, וואָס איז גאָר אַן אַנדער זאַך? אָדער דענקסט דו ניט, אַז דאָס איז אַן אַנדער זאַך? באַטראַכט די זאַך אויף דעם אופן. טרעפט ניט אַמאָל, אַז גלייכע שטיינער, אָדער שטיקער האָלץ, הגם זיי בלייבן די-זעלביגע, דערשיינען אונז איינמאָל גלייך און אַן אַנדערשמאָל אומגלייך?"

„געוויס."

„ווי אָבער, איז דאָס גלייכע גופא דיר שוין אַמאָל דער-שינען אַלס אומגלייך, אָדער די גלייכקייט אַלס אומגלייכ-קייט?"

„ניין, סאָקראַטעס, קיינמאָל ניט."

„בכן," האָט ער געזאָגט, „זענען יענע גלייכע זאַכן ניט דאָסזעלביגע וואָס די גלייכקייט גופא."

„לחלוטין ניט," וואָלט איך געזאָגט, סאָקראַטעס."

„אָבער פון די דאָזיגע גלייכע זאַכן,“ האָט ער געזאָגט, „וואָס זענען גאַנץ אַנדערש פון דעם גלייכן גופא, האָסט דו פונדעסטוועגן באַגריפן און האָסט זיך דערוואָרבן די ידיעות פון דעם לעצטן?“

„זייער אמת,“ האָט ער געענטפערט.

„און סיי עס איז ענליך צו יענע, און סיי ניט?“

„געוויס.“

„און עס איז ניט דאָ קיין שום חילוק,“ האָט ער געזאָגט, „יעדעס מאָל ווען דאָס קוקן אויף איין זאַך ברענגט צו דיר די פאָרשטעלונג פון אַן אַנדער זאַך, סיי זיי זענען ענליך, סיי אומענליך, איז נויטווענדיג פאָרגעקומען אַן ער־אינערונג.“

„געוויס.“

„און ווי איז ווייטער,“ האָט ער געזאָגט, „טרעפט מיט אונז עפּעס אַזעלכעס מיט די גלייכע שטיקלעך האָלץ און די גלייכע זאַכן פון וואָס מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט: שיינען זיי אונז צו זיין אַזוי גלייך ווי די גלייכקייט גופא איז? אָדער צי פעלט זיי עפּעס צו זיין פּונקט אַזוי גלייך ווי די גלייכקייט גופא?“

„זיי פעלט גאָר אַ סך,“ האָט ער געזאָגט.

„זענען מיר, הכלל, מסכים, אַז ווען איינער זעהט אַ זאַך, און דענקט ביי זיך, „די זאַך וואָס איך זעה, וויל טאַקע זיין ווי אַ געוויסע אַנדערע זאַך, אָבער עס בלייבט הינטערשטע־ליג, און קען ניט זיין ווי יענע זאַך, נאָר עס איז שלעכטער“; אַז דער וואָס דענקט אַזוי, מוז נויטווענדיג פון פריער שוין האָבן געקענט יענע זאַך, וואָס פון איר זאָגט ער, אַז די זאַך איז טאַקע גלייך צו דעם, אָבער אַז עס בלייבט פיל הינטער־שטעליג?“

„נויטווענדיג.“

„גוט אַזוי, איז ניט דאָס פּונקט וואָס האָט געטראָפן מיט אונז מכח די גלייכע זאַכן און די גלייכקייט גופא?“

„געווים איז דאָס."

„אויב אַזוי, האָבן מיר שוין געמוזט האָבן אַ קענטעניש פון דער גלייכקייט נאָך פאַר דער צייט, איידער מיר האָבן געזעהן גלייכע זאַכן און האָבן זיך געטראַכט: אַלע די דאָזיגע זאַכן שטרעבן צו זיין ווי די גלייכקייט, אָבער זיי קענען דאָס ניט דערגרייכן."

„דאָס איז אמת."

„און מיר זענען אויך מסכים, אַז מיר האָבן די דאָזיגע קענטעניש ניט געקריגן, און אַז עס איז אוממעגליך צו קריגן די דאָזיגע קענטעניש אַנדערש ווי פון זעהן אָדער טאַפּן, אָדער אַן אַנדערן פון אונזערע חושים? ביי מיר זענען אַלע חושים גלייך."

„יאָ, סאָקראַטעס, זיי זענען אַלע גלייך, לכל הפחות, פאַר דעם וואָס מיר באַצוועקן מיט אונזער אַרגומענט."

„עס זענען, אַלזאָ, די חושים, וואָס דורך זיי מוזן מיר לערנען, אַז אַלע זאַכן וואָס מען באַגרייפט מיט די חושים, שטרעבן צו זיין ווי די גלייכקייט גופא, און זיי קענען דאָס ניט דערגרייכן. איז דאָס דאָזיגע אונזער מיינונג?"

„יאָ."

„בכן, נאָך איידער מיר האָבן אָנגעהויבן צו זעהן, אָדער צו הערן, אָדער צו געברויכן די אַנדערע חושים, האָבן מיר שוין פריער געמוזט אויף וואָסער עס איז אופן האָבן געהאַט אַ קענטעניש פון דער גלייכקייט גופא, אויב מיר זאָלן פאַר־גלייכן מיט דעם די גלייכענישן, וואָס מיר באַמערקן מיט די חושים, און זעהן, אַז אַלע אַזעלכע זאַכן גאַרן צו זיין ווי די גלייכקייט, אָבער זיי בלייבן הינטערשטעליג."

„דאָס פאָלגט נויטווענדיג פון דעם, וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, סאָקראַטעס."

„און מיר האָבן געזעהן און געהערט, און האָבן געהאַט די אַנדערע חושים אַזוי שנעל ווי מיר זענען געבוירן גע־וואָרן?"

„געווים."

„און מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר האָבן געמוזט זיך דער־
ווערבן אַ ידיעה פון דער גלייכקייט, איידער מיר האָבן גע־
האַט די חושים?"

„יאָ."

„אַזוי אַרום זעהט׳ס אויס, אַז מיר האָבן זיי געמוזט קריגן
איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן."

„אַזוי זעהט׳ס אויס."

„אַצינדער, אויב מיר האָבן געקראָגן די דאָזיגע ידיעות
איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן, און מיר זענען געבוירן
געוואָרן מיט דעם, האָבן מיר געקענט איידער מיר זענען
געבוירן געוואָרן, און אין דער מינוט פון אונזער געבורט,
ניט נאָר די גלייכקייט און דאָס גרעסערע און דאָס קלענערע,
נאָר אַלע אַזעלכע זאַכן? וואָרעם אונזער איצטיגער אַרגו־
מענט אינטערעסירט זיך מיט דעם גלייכן ניט מער ווי מיט
דער שיינקייט גופא, און די גוטסקייט גופא, און דאָס גע־
רעכטע, און דאָס הייליגע, און, בקיצור, מיט אַלע די זאַכן,
וואָס מיר דריקן אויף זיי אַרויף די חתימה פון „אַבסאָלוט",
אין אונזער דיאַלעקטישע מעטאָדע פון שאלות און תשובות;
אַזוי אַז מיר האָבן נויטווענדיג געמוזט דערהאַלטן די ידיעות
פון די אַלע זאַכן איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן."

„דאָס איז אמת."

„און אויב מיר האָבן דאָס ניט ווידער פאַרגעסן, נאָכדעם
ווי מיר האָבן דאָס דערוואָרבן, האָבן מיר אַלעמאָל געמוזט
געבוירן ווערן מיט דעם דאָזיגן וויסן, און מיר מוזן דאָס וויסן
אונזער גאַנץ לעבן. וואָרעם וויסן הייסט דאָך נאָר דאָס,
צו דערהאַלטן די ידיעות וואָס מען האָט געקראָגן, און זיי
ניט פאַרלירן; און רופן מיר דען ניט פאַרגעסן, סיממיאַס,
דאָס פאַרלירן פון ידיעות?"

„גאַנץ געוויס, סאָקראַטעס," האָט ער געזאָגט.

„אָבער איך רעכן, אויב מיר האָבן דערהאַלטן וויסן איי־
דער מיר זענען געבוירן געוואָרן, און מיר האָבן דאָס פאַר־
לוירן ביי דער געבורט, און נאָכדעם האָבן מיר, דורך דעם

געברויך פון אונזערע חושים, צוריקגעוואונען דאָס וויסן, וואָס מיר האָבן פריער פאַרמאָגט, איז דען ניט דאָס, וואָס מיר רופן לערנען אין אמת'ן אַ ווידער־אויפנעמען פון וויסן וואָס באַלאַנגט צו אונז? און האָבן מיר רעכט ווען מיר רופן דאָס ווידער־עראינערונג?"

„געוויס."

„וואָרעם עס איז באַוויזן געוואָרן אַלס מעגליך, ווען מיר באַנעמען אַ זאַך דורך אונזער זעהן אָדער אונזער געהער, אָדער עפּעס אַן אַנדער חוש, זיך צו דערמאָנען פון דער דאָזיגער זאַך אַן אַנדער זאַך, וואָס איז פאַרגעסן געוואָרן, און וואָס איז מיט דעם געווען פאַרבונדן, צי עס איז געווען גלייך צו דעם, צי אומגלייך; אַזוי, אַז, ווי איך האָב געזאָגט, איינס פון די צוויי איז דער אמת: ענטוועדער מיר ווערן אַלע געבוירן וויסנדיג די זאַכן, און מיר וויסן זיי אונזער גאַנצן לעבן, אָדער די וואָס מיר זאָגן אַז זיי לערנען דאָס ערשט נאָכדעם, טוען ניט עפּעס אַנדערש ווי נאָר זיי דערמאָנען זיך, און דאָס לערנען איז נאָר אַ דערמאָנען זיך."

„דאָס איז זייער אמת, סאָקראַטעס."

„וועלכעס דען קלייבסט דו אויס, סיממיאַס? זענען מיר געבוירן געוואָרן מיט די ידיעות, אָדער, צי דערמאָנען מיר זיך נאָכדעם די זאַכן, וואָס פון זיי האָבן מיר שוין געהאַט אַ קענטניש פריער?"

„אויף דער מינוט, סאָקראַטעס, קען איך ניט אויסקלייבן."

„ווי איז וועגן דעם? קענסט דו אויסקלייבן דאָס פאָלגנדע? און וואָס איז דיין מיינונג פון דעם? אַ מאַן וואָס ווייס עפּעס, קען אָבגעבן אַ חשבון פון דעם וואָס ער ווייס, אָדער ניט?"

„גאַנץ באַשטימט קען ער, סאָקראַטעס."

„און דענקסט דו, אַז אַלע זענען בכח אָבצוגעבן אַ חשבון פון דעם וואָס מיר האָבן נאָר וואָס גערעדט?"

„איך ווינש זיי וואָלטן געקענט," האָט סיממיאַס געזאָגט, „אָבער איך האָב שטאַרק מורא, אַז מאָרגן אין דער

צייט, וועט אין דעם לאנד מער ניט זיין קיין מענטש, וואס וועט דאס קענען טאן ווי געהעריג."

„דו דענקסט, אלזא, ניט, סיממיאס, אז אלע מענטשן ווייסן דאס?"

„בשום אופן ניט."

„זיי דערמאנען זיך, אלזא, נאכדעם דאס, וואס זיי האבן אמאל געלערנט?"

„נויטווענדיג."

„ווען אבער האבן אונזערע נשמות זיך דערווארבן דאס דאזיגע וויסן? זיכער ניט נאכדעם ווי מיר זענען געבוירן געווארן אלס מענטשן?"

„זיכער ניט."

„אלזא, פריער."

„יא."

„אזוי ארום, סיממיאס, זענען אונזערע נשמות געווען פריער, איידער זיי זענען געווען אין דעם געשטאלט פון מענטשן, אן גופים, און זיי האבן געהאט אינטעליגענץ."

„אויסער, סאקראטעס, ווען מיר דערווערבן די ידיעות ביי דער געבורט; ווארעם אונז בלייבט נאך איבריג אט די דאזיגע צייט."

„זאל זיין, מיין פריינד. אבער אין וועלכער אנדערער צייט פארלירן מיר זיי דען? ווארעם מיר ווערן זיכער ניט געבוירן מיט זיי, ווי מיר האבן נאר וואס צוגעשטימט. פאר־לירן מיר זיי אין דער מינוט וואס מיר קריגן זיי, אדער קענסט דו אנגעבן עפעס אן אנדער צייט?"

„קיין אנדערע, סאקראטעס. נאר איך האב ניט איינ־געזעהן, אז מיין באמערקונג קלעפט זיך ניט."

„על כן, סיממיאס," האט ער געזאגט, „באשטייט די זאך אזוי: אויב, ווי מיר האלטן כסדר אין איין זאגן, עס עקזיס־טירט דאס שיינע און דאס גוטע, און יעדעס אנדערע פון דעם מין; און אלץ וואס מיר פארנעמען מיט די חושים באציען מיר אויף זיי, וואס מיר געפינען אויס האט עקזיסטירט איידער

מיר זענען געווען, און מיר פאַרגלייכן אונזערע געפילן מיט זיי, אַזוי מוזן, נויטווענדיג, פּונקט ווי די דאָזיגע עקזיסטירן, אויך אונזערע נשמות זיין נאָך איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן. און אויב די אַלע עקזיסטירן ניט, איז אונזער גאַנצער אַרגומענט אומזיסט. איז דאָס טאַקע אַזוי ריכטיג, און איז עס טאַקע גלייך נויטווענדיג, אַז נאָר אויב יענע עקזיסטירן, האָבן אויך אונזערע נשמות עקזיסטירט איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן, און אויב יענע ניט, אויך די ניט?"

„סאָקראַטעס, מיר שיינט, אַז עס איז פאַראַן לחלוטין דיזעלביגע נויטווענדיגקייט און אונזער אַרגומענט קומט צו דעם אויסגעצייכנטן שלום, אַז אונזערע נשמות האָבן עקזיסטירט איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן, אויף דעמזעלבן אופן ווי דער תמצית, פון וועלכן דו רעדסט. ווארעם איך ווייס ניט קיין זאַך וואָס איז מיר אַזוי קלאָר ווי דאָס, אַז דאָס אַלץ, דאָס שיינע, דאָס גוטע, און אַלע אַנדערע פון וואָס דו האָסט גערעדט, האָבן אַן אמת'דיגע עקזיסטענץ. און מיר דאַכט זיך, אַז דער באַווייז איז גענוגנד."

„אָבער ווי איז עס מיט קעבעס?" האָט סאָקראַטעס געזאָגט. „ווארעם מיר מוזן אויך קעבעס'ן איבערצייגן."

„אַודאי, ווי איך גלויב," האָט סיממיאַס געזאָגט, „הגם ער איז דער האַרטנעקיגסטער צווישן אַלע מענטשן אין זיין ניט-גלויבן וואָס מען זאָגט. דאָך גלויב איך, אַז ער איז פעליג איבערצייגט אין דעם, אַז אונזער נשמה האָט עקזיסטירט איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן. צי אָבער זי וועט אויך זיין נאָכדעם ווי מיר זענען געשטאָרבן, שיינט אויך אַפילו מיר, איז נאָך ניט באַוויזן געוואָרן, סאָקראַטעס. עס בלייבט נאָך אַלץ די מיינונג פון דעם עולם, וואָס קעבעס האָט נאָר וואָס דערמאָנט, אַז ווען אַ מענטש שטאַרבט, ווערט זיין נשמה צושפּרייט, און דאָס איז דער סוף פון זיין עקזיסטענץ. ווארעם וואָס שטערט דער נשמה געבוירן צו ווערן, צו ווערן צוזאַמענגעשטעלט און צו עקזיסטירן ערגעץ אַנדערש איידער זי קומט אַריין אין דעם מענטשליכן גוף, און נאָכדעם ווי זי

איז אַריין אין דעם מענטשליכן גוף און האָט זיך ווידער אָב-געשייט פון אים, זי זאָל דעמאָלט אַליין נעמען אַ סוף און אונטערגיין?"

„דו האָסט רעכט, סיממיאַס," האָט קעבעס געזאָגט. „עס שיינט מיר, אַז מיר האָבן באַוויזן נאָר איין העלפט פון דעם וואָס עס האָט זיך געפאָדערט, נעמליך, אַז אונזער נשמה האָט עקזיסטירט פאַר אונזער געבורט. אָבער מיר מוזן אויך צייגן, אַז זי עקזיסטירט נאָכדעם ווי מיר שטאַרבן, פונקט ווי פאַר אונזער געבורט, אויב דער באַווייז זאָל זיין פול-שטענדיג."

„עס איז שוין געוויזן געוואָרן, סיממיאַס און קעבעס," האָט סאָקראַטעס געזאָגט. „אויב איר וועט פאַרבינדן דעם איצטיגן שלום מיט דעם אַנדערן וואָס מיר האָבן פריער דער-גרייכט, נעמליך, אַז אַלץ וואָס לעבט ווערט געבוירן פון דעם טויטן; וואָרעם אויב די נשמה האָט עקזיסטירט בעפאָר דער געבורט, און ווען זי קומט צום לעבן, און ווערט געבוירן, קען זי ניט געבוירן ווערן פון עפּוואָס אַנדערש ווי פון דעם טויטן, און פון דעם וואָס איז געשטאָרבן, מוז זי דען ניט אויך עק-זיסטירן נאָך דעם טויט, אַז זי מוז דאָך נאָך אַמאָל געבוירן ווערן? דער באַווייז וואָס איר פאָדערט איז שוין געגעבן געוואָרן. פונדעסטוועגן שיינט מיר, אַז דו און סיממיאַס וואָלטן גערן אָנפירן דעם ויכוח נאָך ווייטער. איר האָט די קינדערשע שרעק, אַז ווען די נשמה גייט אַרויס פון דעם גוף, וועט זי דער ווינט טאַקע אַוועקבלאָזן און זי צושפּרייטן, איבערהויפּט ווען איינער שטאַרבט ווען דאָס וועטער איז ניט שטיל און עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינד."

און קעבעס האָט געלאַכט און געזאָגט: „נעם זשע טאַקע אָן, אַז מיר האָבן די שרעק, סאָקראַטעס, און פּרוביר אונז איבערצורעדן. אָבער, נאָך בעסער, ניט אַז מיר אַליין שרעקן זיך, נאָר טאָמער איז דאָ צווישן אונז אַ קינד וואָס שרעקט זיך וועגן דעם. לאָמיר פּרובירן אים איבערצורעדן ניט קיין מורא צו האָבן פאַר דעם טויט ווי פאַר עפּעס אַ שד."

„אַה,“ מאַכט סאָקראַטעס, „איר מוזט אים לאָזן יעדן טאָג אָבשפּרעכן, ביז די שרעק וועט אים פאַרגיין.“

„וואו זשע, סאָקראַטעס, זאָלן מיר נעמען אַ גוטן אָב־שפּרעכער פאַר אַזעלכע זאַכן, ווען דו גייסט אַוועק פון אונז?“ האָט ער געזאָגט.

„גרויס איז העללאַס,“ האָט ער געזאָגט, „קעבעס, וואו עס געפינען זיך אַ סך אויסגעצייכנטע מענטשן, און גרויס זענען אויך די געשלעכטער פון די באַרבאַרן. דו דאַרפסט זיי אַלע דורכנישטערן, זוכנדיג אַזאַ אָבשפּרעכער, ניט שפּאָ־רענדיג קיין געלד און קיין מי. וואָרעם עס איז ניט דאָ קיין אַנדער זאַך אויף וואָס איר זאָלט קענען בעסער פאַרווענדן אייער געלד. און איר מוזט אים אויך זוכן צווישן אייך אַליין. וואָרעם איר וועט ניט לייכט געפינען איינעם, וואָס קען דאָס טאָן בעסער פון אייך.“

„דאָס וועט געשעהן,“ האָט קעבעס געזאָגט, „אָבער לאָ־מיר זיך דערווייל צוריק אומקערן צו דעם פּונקט וואו מיר האָבן זיך אָבגעשטעלט, אויב דיר איז ניחא.“

„מיר איז זייער ניחא, אודאי, ווי דען?“

„גוט,“ האָט ער געזאָגט.

„הכלל,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „מוזן מיר דען זיך ניט פרעגן אומגעפער אַזאַ שאלה: וואָסערע מין זאַך איז דאָס וואָס איר טרעפט, אַז זי ווערט צושפּרייט, און פאַר וואָסער מין זאַך מוזן מיר זיך שרעקן, אַז דאָס וועט מיט איר פּאַסירן; און, ווידער, וואָסער מין זאַך איז ניט עלול צו דעם? און נאָכ־דעם מוזן מיר דען ניט אונטערזוכן צו וועלכע פון די צוויי באַלאַנגט די נשמה, און לויט דעם זיך אָנצונעמען מיט קוראַזש אָדער מיט שרעק פאַר אונזערע נשמות?“

„דאָס איז גאַנץ ריכטיג,“ האָט ער געענטפערט.

„אַצינדער, איז ניט דאָס וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט, אָדער צונויפגעזעצט עלול, אויף דעם נאַטירליכן וועג, צו ווערן אויפגעלייזט אויף דעמזעלבן אופן ווי עס איז געוואָרן צוזאַמענגעשטעלט? און אויב עטוואָס איז ניט צוזאַמענ־

געזעצט, איז ניט דאָס דאָזיגע אַליין, אויב וואָסער זאַך איז, אומפּייאיג צו ווערן אויפגעלייזט?"

„מיר שיינט," האָט קעבעס געזאָגט, „אַז דאָס איז אמת."

„און עס לייגט זיך אויף דעם שכל, אַז די זאַכן וואָס זענען אַלעמאָל גלייך, און ענדערן זיך קיינמאָל ניט, זענען די ניט-צוזאַמענגעזעצטע זאַכן, און די זאַכן וואָס זענען איינ־מאָל אַזוי און איינמאָל אַנדערש און זענען קיינמאָל ניט די-זעלביגע, זענען די צוזאַמענגעזעצטע זאַכן?"

„יאָ, אַזוי שיינט מיר."

„לאָמיר איצט צוריקגיין צו דעם, פון וואָס מיר האָבן פריער גערעדט. איז דער תמצית אַליין, וואָס אין אונזערע שאלות און תשובות רופן מיר דאָס אמת'ע זיין, אַלעמאָל דאָס זעלביגע, אָדער איז דאָס אַמאָל אַזוי און אַן אַנדערש מאָל אַנדערש? דער עצם גלייכקייט, דער עצם שיינקייט, דער עצם פון אַלעם וואָס איז דאָס אמת'ע זיין, דערלאָזן זיי, ווען עס איז, וועלכע עס איז פאַרענדערונג? אָדער צי בלייבט ניט יעדער עצם, ווייל עס איז איינפאַכיג און עקזיסטירט פאַר זיך אַליין, אַלעמאָל דאָסזעלביגע, און דערלאָזט קיינמאָל ניט, אין ערגעץ ניט און אויף קיין אופן ניט, וואָסער עס איז פאַרענדערונג?"

„עס מוז," האָט קעבעס געזאָגט, „אַלעמאָל בלייבן דאָס זעלביגע, סאָקראַטעס."

„און ווי איז עס מיט די פילע שיינע זאַכן, ווי, למשל, מענטשן, אָדער פערד, אָדער מלבושים, אָדער וועלכע עס איז ענליכע זאַך, וואָס טראָגן דעמזעלבן נאָמען ווי דער עצם, און מען רופט זיי שיין, גלייך, אָדער נאָך אַזעלכע זאַכן? זענען זיי אַלעמאָל דיזעלביגע? אָדער צי זענען זיי פּונקט דער היפוך פון יענע תמצית'ן, און וואָס זענען ניט גלייך מיט זיך אַליין און אויך ניט איינס מיט דאָס אַנדערע, און, אַזוי צו זאָגן, קיינמאָל ניט, און בשום אופן ניט, דיזעלביגע."

„דאָס לעצטע," האָט קעבעס געזאָגט. „זיי זענען קיינמאָל ניט דיזעלביגע."

„און דיזעלביגע זאַכן קענסט דו אָנרירן, און זעהן, און באַנעמען מיט די אַנדערע חושים; אָבער די זאַכן וואָס בלייבן אַלעמאָל דיזעלביגע, קען מען אויף קיין אַנדער אופן ניט דערגרייכן, אויסער דורך דעם ריינעם דענקען, און זיי האָבן ניט קיין געשטאַלט, און מען קען זיי ניט זעהן."

„זיכער," האָט ער געזאָגט. „דאָס איז אמת."

„זאָלן מיר אַצינדער," האָט ער געזאָגט, „אָננעמען צוויי סאָרטן עקזיסטענצן, איינע וואָס איז זיכטבאַר און די אַנדערע אומזיכטבאַר."

„לאָמיר דאָס אָננעמען," מאַכט קעבעס.

„און דאָס אומזיכטבאַרע איז אַלעמאָל דאָסזעלביגע, און דאָס זיכטבאַרע קיינמאָל ניט דאָסזעלביגע?"

„לאָמיר אויך דאָס אָננעמען," זאָגט ער.

„כסדר אַזוי," זאָגט סאָקראַטעס, „באַשטייען מיר דען ניט פון צוויי טיילן, גוף און נשמה?"

„יאָ," האָט ער געענטפערט.

„נו, צו וועלכן סאָרט זאָלן מיר זאָגן, איז דער גוף מער ענליך און מער פאַרוואַנדט?"

„צו דעם זיכטבאַרן," האָט ער געזאָגט, „דאָס איז קלאָר צו יעדן איינעם."

„און די נשמה? איז זי זיכטבאַר אָדער אומזיכטבאַר?"

„אומזיכטבאַר, לכל הפּחות צו די מענטשן, סאָקראַטעס."

„אָבער מיר רופן זאַכן זיכטבאַר און אומזיכטבאַר נאָר בנוגע צו דער מענטשליכער נאַטור, אָדער מיינסטו דו אויך אַן אַנדער נאַטור?"

„נאָר די מענטשליכע נאַטור."

„וואָס זשע זאָגן מיר וועגן דער נשמה? קען מען זי זעהן, אָדער ניט?"

„מען קען זי ניט זעהן."

„זי איז אַלזאָ אומזיכטבאַר."

„יאָ."

„בכן, איז די נשמה מער גלייך צו דעם אומזיכטבאַרן

איידער דער גוף איז, און דער גוף איז מער גלייך צו דעם זיכטבאַרן."

„גאַנץ נויטווענדיג, סאָקראַטעס."

„נו, מיר האָבן אויך שוין פריער געזאָגט, ניט אמת? אַז ווען די נשמה באַנוצט זיך מיט דעם גוף עטוואָס צו באַטראַכטן, סיי דורך דעם געזעה, אָדער דעם געהער, אָדער וואָסער עס איז אַנדער חוש (וואָרעם באַטראַכטן מיט דעם גוף מיינט באַטראַכטן מיט די חושים), ווערט זי דאַן פאַרשלעפּט פון דעם גוף צו זאַכן, וואָס בלייבן קיינמאָל ניט דיזעלביגע, און זי וואַנדערט אַרום און איז צעמישט, און באַרוישט ווי אַ שיכור'ער, ווייל זי רירט זיך אָן אָן אַזעלכע זאַכן?"

„זיכער."

„אָבער ווען זי מאַכט באַטראַכטונגען דורך זיך אַליין, גייט זי אַריין אין דעם ריינעם, דעם באַשטענדיגן, דעם אומשטערב-ליכן און דעם אומפאַרענדערליכן. און ווייל זי איז פאַרוואַנדט מיט זיי, האַלט זי זיך שטענדיג מיט זיי, ווען זי איז פאַר זיך אַליין, און זי ווערט ניט געשטערט, און האָט מנוחה פון אירע וואַנדערונגען, און בלייבט אַלעמאָל דיזעלביגע און אומפאַר-ענדערליך מיט דער אומפאַרענדערליכקייט, ווייל זי איז מיט דעם אין באַרירונג. און דער דאָזיגער צושטאַנד פון דער נשמה ווערט אָנגערופן דערקענטניש."

„סאָקראַטעס," האָט ער געזאָגט, „וואָס דו זאָגסט איז פולשטענדיג ריכטיג און אמת."

„און אַצינדער נאָך אַמאָל, לויט דעם וואָס מיר האָבן פריער געזאָגט, און דאָס וואָס איז נאָר וואָס געזאָגט געוואָרן, צו וועלכן מין, דענקסט דו, האָט די נשמה מער גלייכעניש און פאַרוואַנדשאַפט?"

„איך דענק, סאָקראַטעס," האָט ער געזאָגט, „אַז יעדער איינער, אפילו דער גרעסטער שוטה, וועט מסכים זיין, נאָך דעם אַרגומענט, אַז די נשמה איז ניט אין ערך מער גלייך צו דעם, וואָס איז אַלעמאָל דאָסזעלביגע, איידער צו דעם וואָס איז ניט."

„און דער גוף?"

„איז מער גלייך צו דעם אַנדערן."

„באַטראַכט נאָך דעם ענין אויף אַן אַנדער וועג. ווען די נשמה און דער גוף זענען צוזאַמען, באַפעלט די נאַטור איינעם צו דינען און זיך צו לאָזן באַהערשן, און דעם צווייטן צו הערשן און רעגירן. היינט אַז דאָס איז אַזוי, וועלכעס דוכט דיר איז ענליך צו דעם געטליכן, און וועלכעס צו דעם שטערבליכן? אָדער דענקסט דו אפשר ניט, אַז דאָס געטליכע איז פון דער נאַטור צוגעפּאַסט צו הערשן און צו פירן, און דאָס שטערבליכע צו פאָלגן און צו דינען?"

„יא, אַזוי דענק איך."

„צו וועלכן, דען, איז די נשמה ענליך?"

„גאַנץ קלאָר, סאָקראַטעס, די נשמה איז גלייך צו דעם געטליכן, און דער גוף איז גלייך צו דעם שטערבליכן."

„אויב אַזוי, קעבעס, זעה, אויב דער שלום פון דעם אַלעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן, איז ניט, אַז די נשמה איז מייסט ענליך צו דעם געטליכן, דעם אומשטערבליכן, דעם פאַרנונפטיגן, דעם איינאַרטיגן, דעם אומצוטיילבאַרן, און דעם באַשטענדיג אומפאַרענדערליכן, און דער גוף, פאַרקערט, איז מייסט ענליך צו דעם מענטשליכן, דעם שטערבליכן, דעם פיל-געשטאַלטיגן, דעם אומפאַרנונפטיגן, דעם צוטיילבאַרן און דעם באַשטענדיג פאַרענדערליכן. קענען מיר זאָגן עטוואָס, מיין ליבער קעבעס, צו ווייזן אַז דאָס איז ניט אַזוי?"

„ניין, מיר קענען ניט."

„היינט, אויב דאָס איז אַזוי, איז עס ניט נאַטירליך פאַר דעם גוף צו ווערן שנעל אויפגעלעזט, און פאַר דער נשמה, פאַרקערט, צו זיין לחלוטין אומאויפלעזבאַר, אָדער כמעט אַזוי?"

„אוודאי."

„און דו באַמערקסט דאָך," האָט ער געזאָגט, „אַז ווען דער מענטש שטאַרבט, איז דער זיכטבאַרער טייל פון אים, דער גוף, וואָס ליגט דאָ פאַר די אויגן, און וואָס מיר רופן

אַ בר מינן, און וואָס איז נאַטירליך אונטערוואָרפן דעם גורל צו ווערן אויפגעלעזט און צעפאַלן, טרעפט אים דאָס ניט באַלד, מיט אַמאָל, נאָר ער בלייבט נאָך פאַר אַ שפּאַרע צייט, און ווען איינער שטאַרבט אין אַ צייט ווען דער גוף איז אין אַ גוטן צושטאַנד, בלייבט עס פאַר אַ לאַנגע צייט, און ווען דער גוף ווערט איינגעשרונקען און באַלזאַמירט, ווי מען טוט אין עגיפּטען, בלייבט עס גאַנץ פאַר כמעט אַן אומבאַשרענקטער צייט. און אַפילו ווען דער גוף ווערט פאַרפוילט, זענען נאָך אַלץ דאָ טיילן, ווי ביינער און מוסקולן און דעסגלייכן, וואָס זענען, אַזוי צו זאָגן, אומשטערבליך. איז דאָס ניט אַזוי ?"

„יאָ."

„און די נשמה, דאָס אומזיכטבאַרע, וואָס קלייבט זיך אַוועקצוגיין אויף אַן אַנדער אָרט, וואָס איז איידל און ריין און אומזיכטבאַר, נעמליך, אין דער אמת'ער גייסטער־וועלט, צו דעם גוטן און ווייזן גאָט, וואוהין, אויב ס'איז גאָט'ס ווילן, מיין נשמה מוז באַלד גיין — ווערט די דאָזיגע נשמה, וואָס האָט די אַלע מעלות און אַזאַ נאַטור, צעזייעט און צושפּרייט, און פאַרניכטעט אַזוי שנעל ווי זי קומט אַרויס פון דעם גוף, ווי די מייסטע מענטשן זאָגן ? עס איז זייער ווייט פון דעם, טייערע קעבעס און סימיאַס ! דער אמת איז גיכער אַזוי : אויב זי גייט אַוועק ריין, און שלעפּט ניט מיט קיין זאַך פון דעם גוף, ווייל ביים לעבן האָט זי זיך פרייוויליג ניט פיל גע'חבר'ט מיט אים, נאָר זי האָט אים אויסגעמידן, און האָט זיך געזאַמלט מיט זיך אַליין, ווייל דאָס איז געווען איר אייביגער באַגער — אָבער דאָס מיינט דאָך ניט עפּעס אַנדערש ווי נאָר, אַז זי האָט זיך דאָרט באַשעפטיגט מיט פילאָזאָפיע, און האָט אין אמת'ן פּראַקטיצירט צו זיין אין אַ צושטאַנד פון טויט ; אָדער צי הייסט דאָס ניט פּראַקטיצירן דעם טויט ?"

„לכל הדעות."

„דען ווען זי איז אין אַזאַ צושטאַנד, גייט זי אַוועק צו דעם וואָס איז ווי זי אַליין, צו דעם אומזיכטבאַרן, געטליכן,

אומשטערבליכן און פאַרנינפטיגן, און ווען זי קומט דאָרט אַהין איז זי גליקליך, באַפרייט פון טעות און אומווויסנהייט, און שרעק און ווילדע ליעבע, און אַלע אַנדערע מענטשליכע איבלען, און זי לעבט, ווי עס זאָגן די צדיקים, אין אמת, פאַר אַלע צייטן מיט די געטער. זאָלן מיר זאָגן אַזוי, קעבעס, אָדער אַנדערש?"

„אַזוי, ביי צעאוס," האָט קעבעס געזאָגט.

„ווען אָבער, מיין איך, ווען זי גייט אַוועק פון דעם גוף באַפלעקט און אומריין, צוליעב דעם וואָס זי איז כסדר געווען פאַרטאָן מיט אים, און אים ליעב געהאַט, און איז געווען באַצויבערט פון אים, און זיינע באַגערן און תענוגים, אַזוי אַז זי האָט געגלויבט, אַז קיין אַנדער זאַך איז ניט אמת אַ חוץ דעם וואָס איז ענליך צו דעם גוף, וואָס מען קען אָנטאַפּן, און זעהן, און עסן און טרינקען, און געברויכן, און די תענוגים פון ליעבע, און ווייל זי איז געווען געוואוינט צו האַסן און צו פירכטן און אויסצומיידן דאָס וואָס איז טונקל און אומזיכטבאַר צו די אויגן, אָבער איז פאַרשטענדליך און באַגרייפליך צו דער פאַרנונפט — דענקסט דו, אַז אַ נשמה וואָס איז אין אַזאַ צושטאַנד וועט קענען אַוועקגיין ריין און מיט זיך אַליין?"

„באין אופן ניט," האָט ער געזאָגט.

„אָבער זי וועט זיין דורכגענומען, שטעל איך זיך פאָר, מיט גשמיות, וואָס איז געוואָרן איר נאַטור צוליעב איר אומגאַנג און פאַרקער מיט דעם גוף, און צוליעב דאָס שטענדיגע צוזאַמענזיין און די גרויסע זאָרג פאַר אים?"

„געוויס."

„און, מיין פריינד, מיר מוזן גלויבן, אַז דאָס קערפּערליכע איז אומבאַהאָלפן און שווער און ערדיש, און זיכטבאַר. און אַז אַ נשמה וואָס טראָגט דאָס ווערט געמאַכט שווער, און ווערט אַרונטערגעשלעפּט אין דער זיכטבאַרער וועלט, אויס מורא פאַר דעם אומזיכטבאַרן און פאַר יענער וועלט. און, ווי מען זאָגט, זיי בלאָנקן זיך אַרום צווישן די מצבות און

קברים, וואו מען האָט געזעהן שאָטנדיגע פאָרמעס פון נשמות, פיגורן פון יענע נשמות וואָס האָבן זיך ניט אָבגעשיידט אין ריינקייט, נאָר טראָגן מיט זיך עטוואָס פון דעם זיכטבאָרן, און צוליעב דעם קען מען זיי זעהן."

„עס זעהט אַזוי אויס, סאָקראַטעס."

„עס זעהט אַזוי אויס, קעבעס. און עס זעהט אויס, אַז דאָס זענען ניט די נשמות פון די גוטע, נאָר פון די שלעכטע, וואָס זענען געצוואונגען זיך אַרומצובלאָנקען אין די דאָזיגע מקומות אַלס שטראָף פאַר זייער פריערדיגן שלעכטן אַרט לעבן. און זיי בלאָנקען אַרום ביז זיי ווערן ווידער צוגעבונדן צו אַ גוף, צוליעב זייער באַגער נאָך דעם קערפּערליכן. און, נאַטיר־ליך, ווערן זיי צוגעבונדן צו אַזעלכע נאַטורן, וואָס שטימען איין מיט די פּראַקטיקעס פון זייער פריערדיגן לעבן."

„וואָסערע נאַטורן מיינסט דו, סאָקראַטעס?"

„איך מיין, למשל, אַז די וואָס האָבן זיך איבערגעגעבן צו פרעסעריי, הולטאַיסטוואָ און שיכרות, און האָבן זיך פון גאָר ניט צוריקגעהאַלטן, קענען מגולגל ווערן אין גופים פון אייזלען אָדער אַנדערע חיות פון דעם מין. דענקסט דו ניט אַזוי?"

„געוויס איז דאָס מעגליך."

„און די וואָס האָבן בעסער געוואָלט אומגערעכטיגקייט, טיראַניי און רויב, ווערן מגולגל אין די גופים פון וועלף, שפּאַרבערס אָדער געיערס. וואוהין דען, קענען מיר זיך פאָרשטעלן, וועלן זיי גיין?"

„אָן שום ספק," האָט קעבעס געזאָגט, „ווערן זיי מגולגל אין אַזעלכע ברואים."

„און עס איז אודאי אויך אַזוי מיט אַלע איבעריגע נשמות, אַז יעדע גייט לויט אירע אייגענע געוואוינהייטן?"

„יאָ," האָט קעבעס געזאָגט, „ווי דען?"

„בכן," האָט ער געזאָגט, „די גליקליכסטע צווישן די דאָזיגע, און זיי זענען די וואָס וועלן אויך קומען אויף דעם בעסטן אָרט, זענען די וואָס האָבן זיך פון נאַטור און אויס גע־

וואוינהייט, אָן שום פילאָזאָפיע אָדער שכל, אָבגעגעבן צו די געזעלשאַפטליכע און בירגערליכע מידות, וואָס מען רופט געמעסיגקייט און גערעכטיגקייט?"

„ווי אַזוי זענען זיי די גליקליכסטע?"

„ווייל עס איז דאָך נאַטירליך, אַז זיי ווערן ווידער מגולגל אין געזעלשאַפטליכע און איידעלע מינים, ווי בינען, אָדער וועספּן, אָדער מוראַשקעס, אָדער גאָר צוריק אין דעם מענטשליכן מין, און פון זיי קענען אַרויסקומען גאַנץ באַלעבאַטישע מענטשן."

„יאָ."

„און קיינער ניט, וואָס איז ניט געווען קיין פילאָזאָף, און וואָס איז ניט גאַנץ ריין ביים אַוועקגיין, האָט ניט די זכיה צוצוקומען צו דעם געטער געשלעכט, נאָר די ליעבהאָבער פון חכמה. צוליעב דער אורזאַך, טייערער סיממיאַס און קעבעס, האַלטן די אמת'ע ליעבהאָבער פון חכמה זיך אָב פון אַלע לייבליכע באַגערן, און זענען זיי מנצח, און גיבן זיך ניט איבער צו זיי. ניט צוליעב דעם ווייל זיי שרעקן זיך פאַר אָרימקייט אָדער דעם פאַרלוסט פון אייגנטום, ווי די מייסטע געלדגייציגע מענטשן טוען, אויך ניט ווייל זיי ציטערן פאַר אומכבוד אָדער חרפּה וואָס קומט פון שלעכטע מעשים, ווי עס טוען די וואָס האָבן ליעב כבוד און מאַכט, ווען זיי האַלטן זיך אָב פון דעם."

„דאָס וואָלט זיך פאַר זיי ניט געפּאַסט, סאָקראַטעס," האָט קעבעס געזאָגט.

„אודאי און אודאי ניט," האָט ער געזאָגט. „דערום, די וואָס זאָרגן זיך פאַר זייערע אייגענע נשמות, און לעבן ניט צו באַדינען דעם גוף, קערן זיך אָב פון אַלע די דאָזיגע מענטשן, און גייען ניט אין זייער'ע וועגן, וואָס זיי ווייסן אַליין ניט וואוהין זיי גייען. זיי אָבער גלויבן, אַז מען דאַרף ניט טאָן וואָס איז אַנטקעגן דער פילאָזאָפיע מיט איר דער'לייזונג און רייניגונג, און זיי ווענדן זיך און פאָלגן איר וואוהין נאָר זי פירט זיי."

## „ווי אַזוי טוען זיי דאָס, סאָקראַטעס?“

„איך וועל דיר זאָגן,“ האָט ער געענטפערט. „די ליעב־האָבערס פון חכמה,“ האָט ער געזאָגט, „באַמערקן, אַז ווען די פילאָזאָפיע נעמט צום ערשטן מאָל אַריין אין איר רשות זייער נשמה, איז זי שטאַרק צוגעבונדן און צוגעשמידט צו דעם גוף, און געצוואונגען צו באַטראַכטן דיווירקליכקייט דורך אים ווי דורך גראַטעס, אָבער ניט פאַר זיך אַליין, און זי וואַלגערט זיך אין פולשטענדיגער אומוויסנהייט. און די פילאָזאָפיע זעהט איין, אַז די שרעקליכקייט פון דער תפיסה באַשטייט אין דעם, וואָס זי ווערט פאַראורזאַכט פון די תאוות פון דעם גוף, אַזוי אַז דער געפאַנגענער אַליין העלפט מייסטנס צו אין זיין אייגענער געפאַנגנשאַפט. די ליעבהאָ־בערס פון חכמה, איך זאָג, באַמערקן, אַז ווען די פילאָזאָפיע נעמט אויף דעם אופן די נשמה אין איר רשות ווען זי איז אין דעם צושטאַנד, רעט זי צו איר אויף אַן איידעלן אופן, און באַמיט זיך זי צו באַפרייען, און ווייזט איר אָן, אַז דאָס באַנעמען דורך די אויגן, און די אויערן, און די אַנדערע חושים זענען פול מיט באַטרוג, און זי רעט איר צו זיך צוריקצוציען פון זיי, אַ חוץ אויף וויפיל דער געברויך איז לחלוטין נויטיג, און מונטערט זי אויף, זיך צו זאַמלען און צונויפצונעמען אין זיך אַליין, און ניט צו גלויבן קיין זאַך אויסער זיך אַליין, און איר אייגענע אנשויאונג פון די זאַכן אַליין; און ניט צו האַלטן פאַר אמת דאָס וואָס עס זעהט דורך אַנדערע מיטל, ווייל דאָס פאַרענדערט זיך מיט די פאַרענדערטע זאַכן; וואָרעם די דאָזיגע זאַכן זענען זיכטבאַר, און ווערן באַנומען מיט די חושים, ווערענד די זאַך וואָס די נשמה אַליין זעהט איז ניט זיכטבאַר און ווערט באַנומען מיט דעם גייסט. די נשמה פון דעם אמת'ן פילאָזאָף גלויבט, אַז זי דאַרף זיך ניט אַנטקעגנשטעלן די דאָזיגע באַפרייאונג, און זי האַלט זיך דערפאַר אָב פון תענוגים, און תאוות, און טרויער, און שרעק, אויף וויפיל זי קען נאָר; וואָרעם זי באַרעכנט ווען איינער האָט העפטיגע תענוגים אָדער שרעק, אָדער טרויער, אָדער

תאוות, ליידט ער פון דעם ניט בלויז דאָס, וואָס איינער קען רעכענען, ווי למשל, קראַנקהייט, אָדער דער פאַרלוסט פון דעם געלד, וואָס ער האָט אויסגעגעבן אויף זיינע תאוות, נאָר ער ליידט די גרעסטע און די שווערסטע רעה, וואָס ער נעמט גאָר ניט אַריין אין זיין חשבון."

„וואָסער רעה איז דאָס, סאָקראַטעס?" האָט קעבעס געזאָגט.

„די רעה איז, וואָס די נשמה פון יעדן מענטש, ווען זי איז שטאַרק דערפרייט אָדער באַטריבט פון וואָס עס איז, איז זי אויך מחויב צו גלויבן, אַז די זאַך וואָס האָט דאָס איר פאַרשאַפט איז דאָס עכטסטע און דאָס אמת'סטע. הגם דאָס איז ניט אַזוי. די דאָזיגע זאַכן זענען דאָך מייסטנס די זיכטבאַרע זאַכן, זענען זיי ניט?"

„געוויס."

„און אין דעם דאָזיגן צושטאַנד ווערט דען ניט די נשמה צו מייסטן געבונדן פון דעם גוף?"

„ווי אַזוי?"

„„ווייל יעדעס פאַרגעניגן אָדער שמערץ, נאַגלט זי צו צו דעם גוף ווי מיט אַ טשוואָק, און פאַרניטעוועט זי, און מאַכט זי גוף'יג, אַזוי אַז זי נעמט גלויבן, אַז נאָר די דאָזיגע זאַכן זענען אמת, וואָס דער גוף האַלט פאַר אמת. וואָרעם צוליב דעם וואָס זי האָט דיזעלביגע מיינונג, און דיזעלביגע פאַרגעניגענס וואָס דער גוף, מוז זי אויך, דענק איך, אָננעמען דיזעלביגע מידות און דעמזעלביגן אופן פון לעבן, און זי קען קיינמאָל ניט אַוועקגיין ריין אויף יענער וועלט, נאָר אַז זי מוז אַלעמאָל אַוועקגיין טמא מיט דעם גוף. און אַזוי ווערט זי שנעל ווידער פאַרזונקען אין אַן אַנדער גוף און וואָרצלט זיך אַריין, ווי אַ זאָמען. און דערפאַר האָט זי ניט קיין חלק אין דעם אומגאַנג מיט דעם געטליכן, דעם ריינעם און דעם איינגעשטאַלטיגן."

„וואָס דו זאָגסט, סאָקראַטעס, איז זייער אמת," האָט קעבעס געזאָגט.

„דאָס, קעבעס, איז דער גרונד פאַרוואָס די אמת'ע ליעב־האָבער פון חכמה זענען געמעסיגט און מוטיג; און ניט אויס דעם גרונד, וואָס דער עולם זאָגט. אָדער מיינסטו דו אַנ־דערש?“

„געווים ניט.“

„ניין, וואָרעם די נשמה פון דעם פילאָזאָפישן מענטשן וועט ניט רעכענען ווי די אַנדערע טוען, און וועט דאָס ניט האַלטן פאַר רעכט זיך פריער צו לאָזן באַפרייען פון דער פילאָזאָפיע, און נאָכדעם, ווען זי איז באַפרייט געוואָרן, זאָל זי זיך אַליין ווידער איבערגעבן צו דער קנעכטשאַפט פון פאַרגעניגן און שמערצן, און מאַכן צו נישט די פריעריגע אַרבייט, ווי אַ פענעלאָפּע געוועב*). ניין, זיין נשמה גלויבט, אַז זי מוז זיך פאַרשאַפן מנוחה פון דעם אַלעם, זי מוז פאָלגן דעם פאַרשטאַנד, און אַלעמאָל זיך האַלטן פעסט אָן דעם, און שויען נאָר דאָס וואָס איז אמת און געטליך, און וואָס איז ניט קיין קריין פראַגע פון מיינונגען, און זיך נערן נאָר פון דעם. און אַזוי גלויבט זי מוז זי לעבן, ווי לאַנג זי לעבט, און דאַן נאָך דעם טויט איבערצוגיין צו דעם וואָס איז איר פאַרוואַנדט און צו די וואָס זענען באַשאַפן ווי זי, און צו ווערן דערלייזט פון אַלע מענטשליכע איבלען. אַ נשמה וואָס איז אַזוי געגערט געוואָרן, וועט זיך ניט לייכט שרעקן, סיממיאַס און קעבעס, אַז זי וועט ווערן צוריסן ווען זי גייט אַרויס פון דעם גוף, און וועט פאַרשוואונדן ווערן צו גאַרניט ניט, אַוועקגעבלאָזן פון די ווינטן, און וועט אין ערגעץ מער ניט זיין.“

---

*) פענעלאָפּע האָט געהאַט פיל פאַרערער אין דער צייט ווען איר מאַן אוליזעס האָט אַרומגעוואַנדערט נאָך דעם פאַל פון טראָי. זי האָט זיי אַלעמען געהאַלטן אין צוים מיט דעם אויסרייד, אַז זי מוז פריער פאַרטיג מאַכן אַ געוועב פון תכריכים, וואָס זי האָט געוועבט פאַר איר שווער לאַערטעס. די צייט פון וועבן האָט זי פאַרלענגערט מיט דעם, וואָס זי האָט יעדע נאַכט אויסגעדריבלט וואָס זי האָט בייטאָג אָנגע־וועבט, ווי עס ווערט דערציילט ביי האָמער.

ווען סאָקראַטעס האָט דאָס געזאָגט, איז געוואָרן שטיל פאַר אַ לאַנגע צייט, און סאָקראַטעס אַליין, ווי מען האָט געקענט זעהן, איז אין גאַנצן געווען פאַרטיפט אין דעם, וואָס איז געזאָגט געוואָרן, און אויך די מייסטע פון אונז. נאָר סיממיאַס און קעבעס האָבן אַביסל גערעט צווישן זיך; און ווי סאָקראַטעס האָט דאָס געזעהן, האָט ער געפרעגט: „דענקט איר, אַז אין דעם וואָס איך האָב געזאָגט פעלט נאָך עפּעס? עס איז נאָך דאָ פיל אויסצוזעצן און איינצואווענדן, ווען איינער וויל די זאַך באַנעמען גאַנץ גענוי. אויב איר רעט פון עטוואָס אַנדערש, האָב איך גאָר ניט וואָס צו זאָגן; אויב אָבער איר האָט ספקות וועגן דעם ענין, זאָלט איר זיך נאָר ניט צוריקהאַלטן אַליין צו ריידן און צו דיסקוטירן, ווען איר דענקט, אַז עפּעס בעסערעס קען געזאָגט ווערן איבער דעם ענין, און מיך מיטצונעמען אין דער דיסקוסיע אויב איר דענקט, אַז איר קענט אַנגיין בעסער צוזאַמען מיט מיר."

און סיממיאַס האָט געזאָגט: „איך וויל דיר זאָגן דעם אמת, סאָקראַטעס. פאַר אַ לאַנגע צייט איז יעדער פון אונז שוין געווען אין ספק, און מיר האָבן איינער דעם אַנדערן געשטופּט און אויפגעמונטערט צו פרעגן אַ פראַגע, ווייל מיר ווילן הערן דיין ענטפער, אָבער מיר האָבן זיך צוריקגעהאַלטן דיר ניט צו פאַלן צו לאַסט, אויס מורא, אַז דאָס קען דיר זיין צואווידער אין דיין איצטיגן אומגליק."

און ווען ער האָט דאָס געהערט, האָט ער מילד געלאַכט און געזאָגט: „אוי ווי, סיממיאַס! עס וועט מיר זיין גאָר שווער איבערצוצייגן אַנדערע מענטשן, אַז איך האַלט ניט מיין איצטיגע לאַגע פאַר אַן אומגליק, ווען איך קען ניט אַמאָל אייך איבערצייגן, און איר האָט נאָך אַלץ מורא, אַז איך בין אַצינדער ערגער געשטימט ווי אין מיין פריערדיגן לעבן. און איר שיינט צו דענקען, אַז איך שטיי נידריגער אין רוח נבואה איידער די שוואַנען, וואָס זינגען אויך אין אַנדערע צייטן, אָבער ווען זיי פילן, אַז זיי האַלטן ביים שטאַרבן, זינגען זיי צו מייסטן און צום בעסטן אין זייער שמחה, אַז זיי האַלטן

ביים גיין צו דעם גאָט וועמעס דינער זיי זענען. די מענטשן אָבער, צוליעב זייער אייגענער שרעק פאַר דעם טויט, פאַר־ליימדן די שוואַנען און זאָגן, אַז זיי זינגען פון טרויער, באַ־קלאָגנדיק זייער אייגענעם טויט. זיי באַטראַכטן גאָרניט, אַז קיין פויגל זינגט ניט, ווען ער הונגערט, אָדער פרירט, אָדער באַווייגט עפּעס אַן אַנדער צער; אַפילו ניט דער נאַכ־טיגאַל, אָדער דער שוואַלב, אָדער דער ווידעהאָפּ, וואָס אויף זיי זאָגט מען, אַז זיי זינגען טרויער־לידער. איך גלויב ניט, אַז זיי זינגען פון טרויעריגקייט, און אויך ניט די שוואַנען; נאָר אַזוי ווי זיי זענען אַפּאָללאָ'ס פייגל, גלויב איך, אַז זיי האָבן אין זיך אַ רוח נבואה, און ווייל זיי ווייסן אין פאָראויס די ברכות פון יענער וועלט, זינגען זיי, און זענען זיך משמח יענעם טאָג מער איידער ווען עס איז. און איך דענק, אַז איך אַליין בין אַ מיט־דינער פון די שוואַנען, און בין געהייליגט צו דעמזעלביגן גאָט, און איך האָב דערהאַלטן פון מיין געביטער די מתנה פון נבואה, ניט אַ האָר ערגער פון זייערס, און איך גיי אַרויס פון לעבן מיט ניט מער צער ווי זיי. בכן, וואָס איז שייך דעם, קענט איר זאָגן און פרעגן וואָסער פראַגע איר ווילט, ווי לאַנג די עלף מענער פון די אַטהענער דערלויבן דאָס.״

„גוט,״ האָט סיממיאַס געזאָגט, „איך וועל דיר זאָגן מיין ספק, און נאָכדעם וועט ער דיר זאָגן מיט וואָס ער איז ניט מסכים צו דעם וואָס דו האָסט געזאָגט. איך דענק, סאָקראַ־טעס, אפשר ווי דו אַליין דענקסט, אַז עס איז ענטוועדער אוממעגליך, אָדער זייער שווער צו דערגיין אויף קלאָר עטוואָס פון די זאַכן ביי דעם איצטיגן לעבן. און דאָך איז דער דאָזיגער מענטש אַ שוואַכלינג, וואָס פּרובירט ניט אויס, אויף יעדן אופן, אַלץ וואָס מען זאָגט וועגן דעם, און ניט אָבצולאָזן ביז ער איז ניט מיד און מאַטט פון שטודירן די פראַגע אויף אַלע זייטן. ווארעם ער מוז דאָך טאָן איינס פון די צוויי: ענטוועדער ער מוז לערנען, אָדער אַנטדעקן דעם אמת, וועגן די דאָזיגע ענינים, אָדער, אויב דאָס איז אוממעגליך, מוז ער

נעמען די בעסטע מענטשליכע מיינונג, וואָס איז צום שווערסטן אָבצולייקענען, און זיך אַרויפכאַפּן אויף דעם ווי אויף אַ פּליטע, און אַדורכשווימען דאָס לעבן צווישן אַלע סכנות, סיידן ער קען פאָרן אויף עפּעס אַ פעסטערע שיף, ווי אַ געטליכע אַנטפּלעקונג, אויף וועלכער ער קען מאַכן זיין רייזע זיכערער און מיט ווייניגער סכנה. און אַזוי שעם איך זיך ניט איצט צו פרעגן פראַגעס ווי דו אַליין הייסט מיך טאָן, כדי איך זאָל שפּעטער ניט קענען זיך אַליין באַשולדיגן, אַז איך האָב אַצינדער ניט געזאָגט וואָס איך דענק. וואָרעם, סאָקראַטעס, ווען איך באַטראַכט וואָס איז געזאָגט געוואָרן, סיי אַליין, אָדער צוזאַמען מיט אים, קומט ביי מיר אויס, אַז עס איז ניט גאַנץ גרינטליך."

און סאָקראַטעס האָט געענטפערט: „אפשר, מיין פריינד, ביזט דו גערעכט; אָבער זאָג מיר אין וואָסער פּרט איז דאָס ניט גרינטליך."

„אין דעם דאָזיגן," האָט ער געזאָגט, „אַז איינער קען געברויכן דעמזעלבן אַרגומענט וועגן אַ לירע און די סטרונעס. איינער קען זאָגן, אַז די האַרמאָניע איז אומזיכטבאַר און אומקערפּערליך, און זייער שיין, און געטליך אין אַ גוט אָנגעצויגענע לירע. אָבער די לירע אַליין און אירע סטרונעס זענען גופים, גשמיות'דיג, און צוזאַמענגעזעצט, און ערדיש, און פאַרוואַנדט מיט דעם שטערבליכן. נו, ווען איינער צוברעכט די לירע אָדער צושניידט און צורייסט די סטרונעס, קען ער מיט דעמזעלבן אַרגומענט, ווי דו, דורכפירן, אַז די האַרמאָניע מוז נויטווענדיג נאָך זיין, און איז ניט אונטערגעגאַנגען. וואָרעם עס וואָלט דאָך ניט געווען מעגליך, אַז די לירע און די סטרונעס, וואָס זענען ענליך צו דעם שטערבליכן, זאָלן נאָך עקזיסטירן נאָכדעם ווי די סטרונעס זענען צוריסן, און די האַרמאָניע, וואָס האָט אַ שייכות און איז פאַרוואַנדט מיט דעם געטליכן, און דעם אומשטערבליכן, זאָל אונטערגיין נאָך איידער דאָס שטערבליכע. ער וואָלט זאָגן, אַז די האַרמאָניע מוז נאָך עקזיסטירן ערגעצוואו, און אַז

דאָס האָלץ און די סטרונעס וועלן פריער מוזן פאַרפוילט ווערן, איידער עס וועט וואָס פאַסירן מיט יענעם. און איך שטעל זיך פאָר, סאָקראַטעס, אַז דיר אַליין האָט אויך געמוזט איינפאַלן דער געדאַנק, אַז מיר שטעלן זיך פאָר די נשמה צו זיין עפּעס אַזאַ זאַך; אַז אונזער גוף איז אָנגעצויגן און ווערט צוזאַמענגעהאַלטן פון וואַרימקייט, קעלט, פייכטקייט און טרוקנקייט און דאָס גלייכן, און די נשמה איז אַ געמיש אין אַ האַרמאָניע פון דיזעלבע עלעמענטן, ווען זיי זענען גוט און לויט דער ריכטיגער פּראָפּאָרציע צוזאַמענגעמישט. אויב די נשמה איז אַ האַרמאָניע, איז עס קלאָר, אַז ווען דער גוף איז צופיל נאָכגעלאָזן, אָדער צו שטייף אָנגעצויגן פון קראַנקהייט אָדער אַנדערע איבלען, מוז די נשמה נויטווענדיג אומקומען, ווי געטליך זי זאָל ניט זיין, פּונקט ווי אַלע אַנדערע האַרמאָניעס פון טענער אין אַלע אַנדערע ווערק פון דעם קינסטלער, ווערענד די איבערבלייבעכץ פון יעדן גוף וועלן זיך נאָך האַלטן אַ לאַנגע צייט, ביז זיי ווערן פאַרברענט אָדער צופוילט. זעה זשע, וואָס זאָלן מיר זאָגן געגן אַזאַ אַרגומענט, ווען איינער באַהויפּטעט, אַז די נשמה אַלס אַ געמיש פון די עלעמענטן פון דעם גוף, וועט צוערשט אונטערגיין אין דעם וואָס מיר רופן טויט?"

דאָ האָט סאָקראַטעס שאַרף געקוקט אויף אונז, ווי ער פלעגט אָפט טאָן, און געזאָגט מיט אַ שמייכל: „סיממיאַס האָט ריכטיג געזאָגט. און ווען איינער פון אייך ווייס אַ בעסערן וועג פון מיר, פאַרוואָס ענטפערט ער ניט? וואָרעם ער האָט, ווי עס שיינט, געפּאַקט ניט קיין שלעכטן פּונקט. דאָך דענק איך, איידער מיר ענטפערן אים, מוזן מיר הערן וואָס אונזער פריינד קעבעס האָט אויסצוזעצן געגן אונזער אַרגומענט, כדי מיר זאָלן געווינען צייט צו באַטראַכטן וואָס צו זאָגן, און נאָכדעם, ווען מיר האָבן זיי אויסגעהערט, קענען מיר ענטווערער זיי נאָכגעבן, ווען זיי שיינען צו נעמען די ריכטיגע נאָטע, אָדער, אויב ניט, קענען מיר ווייטער אַרגומענטירן און פאַרטיידיגן אונזער שטאַנדפּונקט. אַלזאָ, רייד,

קעבעס, און זאָג אונז, וואָס האָט דיך באַאומרואיִגט, אַז דו קענסט ניט גלויבן ?"

„איך וועל דיר זאָגן," האָט קעבעס געזאָגט. „מיר שיינט, אַז דער אַרגומענט שטייט אויף דעמזעלביקן אָרט ווי פריער און איז אָפן צו דיזעלביגע איינווענדונגען וואָס איך האָב געמאַכט. וואָרעם איך לייקן ניט, אַז עס איז באַוויזן געוואָרן זעהר געשייט, און, אויב איך מעג זאָגן, איבערציינגנד, אַז די נשמה האָט עקזיסטירט, איידער זי איז אַריינגעקומען אין דער פאָרמע, אָבער אַז זי וועט אויך עקזיסטירן נאָך אונזער טויט, שיינט מיר ניט אַזוי. איך בין ניט מסכים צו דער איינווענדונג פון סיממיאַס, אַז די נשמה איז ניט שטאַרקער, און דויערהאַפטיגער פון דעם גוף, וואָרעם איך דענק, אַז די נשמה שטייט פיל העכער אין אַלע די זאַכן. „פאַרוואָס זשע," וועט דער אַרגומענט זאָגן, „ביזט דו נאָך אַלץ אומגלויביג, ווען דו זעהסט דאָך, אַז נאָך אַ מענטשנ'ס טויט עקזיסטירן נאָך אַלץ די שוואַכערע חלקים ? דענקסט דו ניט, אַז די שטאַרקערע חלקים וועלן זיך אודאי דערהאַלטן פאַר דער צייט ?" אַצינד באַטראַכט צי עס שטעקט עפּעס אַ שכל אין מיין ענטפער. איך דענק, איך וועל זיך צום בעסטן קענען אויסדריקן, ווי סיממיאַס, מיט אַ בילד. עס קומט ביי מיר אויס, אַז דאָס איז פונקט ווי ווען איינער זאָל זאָגן וועגן אַן אַלטן וועבער וואָס איז געשטאָרבן, אַז דער מענטש איז ניט אומגעקומען, נאָר ער איז געזונד און פריש ערגעצוואו, און ער זאָל אונז אָנגעבן אַלס באַוויז פאַר דעם, אַז דער מאַנטל, וואָס דער מאַן האָט געוועבט און פלעגט טראָגן איז נאָך גאַנץ, און ניט צושטערט. און ווען איינער וועט אים ניט גלויבן, זאָל ער אים פרעגן: וואָס איז מער דויערהאַפט, אַ מענטש צי אַ מאַנטל, וואָס ווערט געברויכט און געטראָגן, און ווען דער ענטפער קומט, אַז אַ מענטש דויערט לענגער, וועט ער דענקען, ער האָט געגעבן די בעסטע ראיה, אַז דער מענטש איז געזונד און פריש, ווייל דאָס וואָס דויערט וויי־ניגער איז ניט אונטערגעגאַנגען.

„אָבער דאָס, סיממיאַס, האַלט איך ניט פאַר רעכט, און איך בעט דיך ספּעציעל צו באַמערקען וואָס איך זאָג. יעדער איינער קען איינזעהן, אַז דער מענטש וואָס זאָגט אַזעלכעס רעט פּשוט'ע שטותים. וואָרעם דער דאָזיגער וועבער האָט שוין געוועבט און אָבגעטראָגן גאָר אַ סך מאַנטלען, און ער האָט זיי אַלע איבערגעלעבט, און ער איז אומגעקומען, איך רעכן, פריער איידער דער לעצטער. און דער מענטש איז דאָך צוליב דעם ניט שוואַכער, און פאַרגאַנגליכער איידער דאָס מלבוש. איך דענק, אַז דאָסזעלביגע בילד קען מען אָנווענדן אויף דער נשמה און דעם גוף, און עס וועט זיין גאַנץ פּאַסיג צו זאָגן וועגן זיי אויף דעמזעלביגן אופן, אַז די נשמה דויערט אַ לאַנגע צייט, און דער גוף דויערט ווייניגער און איז שוואַכער. אָבער מען קען גיין נאָך ווייטער און זאָגן, אַז יעדע נשמה טראָגט אָב עטליכע גופים, איבערהויפּט ווען זי לעבט לאַנג. וואָרעם אויב דער גוף האַלט זיך אין איין בייטן און ווערט כסדר פאַרניכטעט, ווערענד דער מענטש לעבט נאָך, אָבער די נשמה וועבט כסדר אויפ'ס ניי דאָס אָבגענוצטע, מוז דאָך די נשמה, ווען זי גייט אונטער, נויטווענדיג אויף זיך האָבן דאָס לעצטע מלבוש, און נאָר דאָס וועט זי איבערלעבן, און ערשט ווען די נשמה איז אונטערגעגאַנגען, וועט דעמאָלט דער גוף מיט אַמאָל באַווייזן די שוואַכקייט פון זיין נאַטור און וועט שנעל פאַרשווינדן דורך צופוילטקייט. און אַזוי אַרום זענען מיר, לויט דעם אַרגומענט, נאָך ניט באַרעכטיגט צו פילן זיכער, אַז אונזערע נשמות עקזיסטירן נאָך ערגעצוואו נאָכדעם ווי מיר זענען טויט. וואָרעם ווען יעמאַנד זאָל אפילו איינשטימען מיט דעם וואָס געברויכט דיין אַרגומענט, נאָך מער ווי דו באַהויפּטעסט, סאָקראַטעס, און זאָל צוגעבן, אַז ניט נאָר האָבן אונזערע נשמות עקזיסטירט איידער מיר זענען געבוירן געוואָרן, נאָר אויך, אַז קיין זאַך קען ניט פאַרהינדערן מאַנכע נשמות זאָלן ווייטער עקזיסטירן, און זאָלן געבוירן ווערן און שטאַרבן אָבער און ווידער נאָך אונזער טויט, ווייל די

נשמה איז פון דער נאַטור אַזוי שטאַרק, אַז זי קען אויס־האַלטן פילע געבורטן — ווען אַפילו מען זאָל דאָס צוגעבן, קען איינער פונדעסטוועגן ניט וועלן מודה זיין, אַז די נשמה קומט ניט אָב פון די כחות אין די פילע געבורטן, און אַז זי וועט ניט סוף כל סוף אומקומען אין גאַנצן אין איינעם פון אירע טויטן. נאָר ער קען זאָגן, אַז קיינער ווייסט ניט אין פאָראויס דעם דאָזיגן טויט, און דאָס דאָזיגע אויפליזונג פון דעם גוף, וואָס ברענגט פאַרניכטונג צו דער נשמה, וואָרעם קיינער פון אונז קען דאָך דאָס ניט פילן. און אויב דאָס איז דער פאַל, איז יעדער וואָס האָט צוטרויען אין דעם טויט, האָט אַ נאַרישן צוטרויען, סיידן ער קען באַווייזן, אַז די נשמה איז לחלוטין אומשטערבליך און אומפאַרגענגליך. אַז ניט, איז דער מענטש וואָס האַלט ביים שטאַרבן, דאַרף ער זיך אַלעמאָל שרעקן, אַז זיין נשמה וועט אין גאַנצן אומקומען אין די קומענדיגע אויפלייזונג פון דעם גוף."

מיר אַלע, ווי מיר האָבן שפּעטער איינער דעם אַנדערן דערציילט, האָבן זיך געפונען אין אַ זייער אומאַנגענעמער שטימונג, ווען מיר האָבן געהערט וואָס די צוויי האָבן גע־זאָגט; וואָרעם מיר זענען געווען שטאַרק איבערצייגט פון דעם פריערדיגן אַרגומענט, און אַצינד האָבן זיי געשיינט אונז צוריק אַריינצוּוואַרפן אין ספקות און אומגלויבן, ניט נאָר מכח דעם פריער געזאָגטן, נאָר אויך מכח דעם וואָס וועט שפּעטער געזאָגט ווערן. מיר האָבן זיך גענומען שרעקן, אַז מיר זענען ריכטער וואָס זענען גאָר ניט ווערט, אָדער אַז מען קען אין דעם ענין ניט דערגרייכן קיין שום געוויסהייט.

עכעקראַטעס. ביי די געטער, פעדאָן, איך פאַרדענק דאָס אייך גאָר ניט. וואָרעם איך אַליין, ווען איך האָב דיך געהערט דערציילן, האָב איך זיך אַליין געפרעגט: „וואָסער אַרגומענט קענען מיר שוין היינט גלויבן?" וואָרעם דער אַרגומענט וואָס סאָקראַטעס האָט געגעבן, הגם ער איז געווען פולשטענדיג איבערצייגענד, איז ער אַצינד געוואָרן אומגלויבליך. וואָרעם די שיטה, אַז די נשמה איז אַ מין

האַרמאָניע, האָט מיך אַלעמאָל פעסטגעהאַלטן און עס האַלט מיך נאָך אַצינד, און ווען דו האָסט וועגן דעם גערעט, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז איך אַליין האָב פריער אין דעם געגלויבט. אַצינד דאַרף איך ווידער אויף דאָס ניי עפּעס אַן אַנדער באַווייז, וואָס זאָל מיך איבערצייגן, אַז ווען דער מענטש שטאַרבט, שטאַרבט ניט די נשמה מיט אים. זאָג זשע מיר, ביי צעאוס, ווי אַזוי האָט סאָקראַטעס ווייטער אָנגעפירט זיין דיסקוסיע, און צי האָט ער אויך, ווי דו זאָגסט, די איבריגע האָבן געטאָן, אַרויסגעוויזן אַן אומרואיגקייט, אָדער צי האָט ער זיין אַרגומענט פאַרטיידיגט רוהיג. און צי האָט ער דאָס פאַרטיידיגט מיט ערפאָלג, אָדער שוואַך? דערצייל אונז אַלצדינג אַזוי גענוי ווי דו קענסט.

פעדאָן. זייער אָפט, עכעקראַטעס, האָב איך באַוואונדערט סאָקראַטעס'ן, אָבער קיינמאָל האָב איך אים ניט מער באַוואונדערט ווי דעמאָלט. אַז ער האָט געוואוסט וואָס צו ענטפערן איז אפשר ניט קיין וואונדער; אָדער איך האָב ביי אים צוערשט מייסטנס באַוואונדערט, ווי פריינדליך און איידל און מיט וואָסער דרך ארץ ער האָט אויפגענומען די רייד פון די יונגע לייט; צווייטנס, ווי שאַרף ער האָט דערפילט דעם וואונד, וואָס די ווערטער האָבן געמאַכט אויף אונז, און צום סוף, מיט וואָסער געשיקטקייט ער האָט אונז געהיילט און האָט אונז, אַזוי צו זאָגן, צוריקגערופן, ווי אַנטלאָפענע און באַזיגטע, און האָט אונז געהייסן זיך אַרומזעהן און אים נאָכפאָלגן, און צוזאַמען מיט אים ווייטער אויספאָרשן דעם ענין.

עכעקראַטעס. ווי אַזוי האָט ער דאָס געטאָן?

פעדאָן. איך וועל דיר דערציילן. איך בין געזעסן ביי זיין רעכטע האַנד אויף אַ טאַבורעטקע, נעבן זיין בעט, און זיין זיץ איז געווען אַ סך העכער פון מיינעם. ער האָט מיר געגלעט איבער דעם קאָפּ, האָט צוזאַמענגענומען מיינע האָר פון דעם נאַקן אין זיינע הענד אַריין — ער האָט געהאַט אַ נאַטור אָפט צו שפּילן מיט מיינע האָר, און ער האָט גע־

זאָגט: „מאָרגן, פעדאָן, וועסט דו אפשר אָבשניידן די שיינע לאָקן.“

„אַזוי זעהט'ס אויס, סאָקראַטעס,“ האָב איך געזאָגט.

„ניט אָבער, ווען דו וועסט מיך פאָלגן.“

„וואָס זשע זאָל איך טאָן?“ האָב איך געפרעגט.

„היינט נאָך וועסט דו זיי אָבשניידן, און איך וועל אָב־שניידן מיינע, אויב אונזער אַרגומענט שטאַרבט, און מיר וועלן אים ניט קענען ווידער ברענגען צום לעבן. ווען איך וואָלט געווען דו, און דער אַרגומענט וואָלט פון מיר אַנט־לאָפן, וואָלט איך געטאָן אַ נדר, ווי די אַרגיער, ניט צו לאָזן וואַקסן מיינע האָר ביז איך וואָלט באַנייט דעם קאַמף, און וואָלט באַזיגט דעם אַרגומענט פון סיממיאַס און קעבעס.“

„אָבער,“ האָב איך געזאָגט, „מיט צוויי קען אפילו הע־ראַקלעס, זאָגט מען, זיך ניט געבן קיין עצה.“

„טאָ רוף מיך,“ האָט ער געזאָגט, „אַלס דיין יאָלאַוס דיר צו הילף, ווי לאַנג עס איז נאָך טאָג.“

„אָט רוף איך דיך צו הילף,“ האָב איך געזאָגט, „אָבער ניט ווי הערַאַקלעס רופט יאָלאַוס'ן, נאָר ווי יאָלאַוס רופט הערַאַקלעס'ן.“

„דאָס איז אַלץ איינס,“ האָט ער געזאָגט. „אָבער קודם כל, לאָמיר זעהן זיך אויסצוהיטן פון אַ סכנה.“

„וואָסער סכנה?“ האָב איך געפרעגט.

„די סכנה ניט צו ווערן קיין מיזאָלאָגיסטן,“ האָט ער געזאָגט, „ווי אַנדערע ווערן מיזאַנטראָפּן; וואָרעם קיין ער־גערע זאַך קען ניט פּאַסירן צו אַ מענטשן ווי צו ווערן אַ שונא פון אַרגומענטירן. מיזאָלאָגיע און מיזאַנטראָפּיע שטאַ־מען ביידע פון דערזעלבער סבה. מיזאַנטראָפּיע נעמט זיך פון דעם וואָס מען גלויבט צופיל איינעם וואָס מען קען ניט גוט. איינער דענקט, אַז דער און דער מענטש איז פול־שטענדיג אמת'דיג, און געזונד, און פאַרטרויענסווערט, און נאָכדעם געפינט ער אויס, אַז ער איז נידעריג און פאַלש. נאָכדעם ווי עמיצער האָט דיזעלבע דערפאַרונג מיט אַן אַנ־

דערן, און ווען דאָס טרעפט איינעם אָפט, ספּעציעל ווען דאָס טרעפט אים מיט אַזעלכע, וואָס ער האָט געהאַלטן פאַר זיינע טייערסטע און נאָענטסטע פריינד, איז דער סוף, אַז ער האַלט זיך אין איין אַרומקריגן, און ער האַסט יעדן איינעם, און ער נעמט גלויבן, אַז ביי קיינעם איז ניט דאָ עטוואָס געזונדעס. האָסט דו ניט באַמערקט, אַז אַזוי געשעהט עס?"

„אַוודאי," זאָג איך.

„נו," איז ער אָנגעגאַנגען, „איז דאָס ניט שענדליך, און איז דאָס ניט פשוט, אַז אַ מענטש נעמט זיך אונטער אומצוגיין מיט מענטשן, ווען ער פאַרשטייט ניט די מענטשליכע נאַטור? וואָרעם ווען ער וואָלט מיט זיי אומגעגאַנגען מיט פאַרשטענדניש, וואָלט ער געוואוסט, ווי עס איז אין אמת'ן דער פאַל, אַז ביידע, די גאָר גוטע און די גאָר שלעכטע, זענען דאָ ווייניג, און די מיטלמעסיגע צווישן די גרויסע און די קליינע זענען דאָ צום מייסטן."

„וואָס מיינסטו דו?"

„איך מיין, דאָס איז פונקט ווי מיט די גאָר גרויסע און די גאָר קליינע. גלויבסטו דו, אַז עס איז דאָ עטוואָס זעלטענער ווי צו געפינען אַ גאָר גרויסן אָדער גאָר קליינעם מענטש, אָדער אַ הונט, אָדער עפּעס אַן אַנדער באַשעפעניש; אָדער, נאָך אַמאָל, איינעם וואָס איז גאָר שנעל, אָדער גאָר פּאַמעליך, גאָר מיאוס, אָדער גאָר שיין, גאָר שוואַרץ, אָדער גאָר ווייס? האָסטו ניט באַמערקט, אַז די אַלע עקסטרעמען זענען זעלטן און ווייניג, און די דאַזיגע וואָס זענען צווישן די עקסטרעמען, זענען אַן אַ שיעור?"

„בלי ספק," זאָג איך.

„און דענקסטו דו ניט," האָט ער געזאָגט, „אַז ווען עס וואָלט אָנגעגאַנגען אַ וועטע אין געמיינהייט, וואָלטן אויך אין דעם געווען גאָר ווייניגע, וואָס וואָלטן זיך אַרויסגעצייגט אַלס די בעסטע?"

„גאַנץ מעגליך," האָב איך געענטפערט.

„יאָ, גאַנץ מעגליך," מאַכט ער, „אָבער ניט אין דעם

זענען אַרגומענטן גלייך צו מענטשן; איך האָב פּשוט דאָ נאָכגעפאָלגט, וואוהין דו האָסט מיך געפירט. די ענליכקייט ליגט אין דעם: ווען אַ מענטש, וואָס פאַרשטייט ניט ווי אַזוי צו אַרגומענטירן, גלויבט אין די ריכטיגקייט פון אַ געוויסן אַרגומענט, און אַביסל שפּעטער קומט ביי אים אויס, אַז עס איז פאַלש, צי דאָס איז טאַקע אַזוי, צי ניט, און דאָס טרעפט אים אָבער און ווידער — יענע מענטשן, ווי דו ווייסט, און דאָס טרעפט מייסטנס מיט די וואָס גיבן זיך אָפּ מיט דיסקוסיע, הויבן אָן צו גלויבן, אַז זיי זענען די קליגסטע פון אַלע מענטשן, און אַז זיי אַליין האָבן אַנטדעקט, אַז עס איז ניט דאָ קיין זאַך, וואָס האָט אין זיך עטוואָס געזונטעס אָדער ריכטיגעס, צי דאָס איז אַן אַרגומענט צי עפּעס אַנדערש, נאָר אַז אַלע זאַכן גייען אַרויף און אַראָפּ, ווי די שטראָמען פון עוריפּאָס, און קיין זאַך בלייבט ניט שטענדיג פאַר אַ לענגערע צייט."

„זיכער," האָב איך געזאָגט, „דו רעדסט זייער ריכטיג."

„דאַן, פעדאָן," האָט ער געזאָגט, „אויב עס איז פאַראַן אַן אַרגומענט, וואָס איז אמת, און זיכער, און וואָס מען קען איינזעהן, וואָלט עס געווען זייער טרויעריג, ווען אַ מענטש, ווייל ער האָט זיך אָנגעשטויסן אָן אַן אַרגומענט, וואָס אַמאָל זעהט עס אים אויס צו זיין אמת, און אַן אַנדערש מאָל פאַלש, זאָל ער ניט אַרויפוואַרפן די שולד אויף זיך, און זיין אייגענע אומדערפאַרנקייט, נאָר ער זאָל ענדיגן מיט דעם, צוליעב וואָס ער איז געקרענקט, וואָס ער וואַרפט גערן די שולד אויף די אַרגומענטן, און זאָל זיי האַסן און אויסלאַכן דאָס גאַנצע איבעריגע לעבן זיינס, און זאָל אַזוי אַרום זיך אַליין באַרויבן פון דעם אמת, און פון דעם דערקענען די ווירקליכקייט."

„יאָ, ביי צעאוס," האָב איך געזאָגט, „דאָס וואָלט געווען זייער טרויעריג."

„לאָמיר זשע, קודם כל," האָט ער געזאָגט, „זיך היטן פון דעם, און לאָמיר ניט דערלאָזן די אַנזיכט אין אונזער

נשמה, אַז עס איז בכלל ניט דאָ קיין געזונדקייט אין אַרגו־מענטן. לאָמיר אַ סך גיכער אָננעמען, אַז מיר אַליין זענען נאָך דערווייל ניט גאַנץ געזונד, און אַז מיר דאַרפֿן שטרעבן מיט חשק, ווי מענער, דאָס צו ווערן, דו, און די איבריגע, צוליעב אייער צוקינפֿטיגן לעבן, און איך, צוליעב דעם טויט. וואָרעם איך האָב מורא, אַז גראָד אַצינד פֿאַרהאַלט איך מיך ניט פֿילאָזאָפֿיש אין דער פֿראַגע, נאָר איך בין איינגע׳עקשנ׳ט, ווי די גאָר פּראָסטע מענטשן. וואָרעם ווען זיי אַרגומענטירן וועגן עפּעס, גייט זיי גאָר ניט אָן דער אמת פֿון דער זאַך, וואָס זיי דיסקוטירן, זיי רייסן זיך נאָר צו מאַכן זייערע איי־גענע אנזיכטן זאָלן אויסזעהן אמת ביי זייערע צוהערער. מיר שיינט, איך אונטערשייד זיך פֿון זיי אין דעם מאָמענט נאָר מיט דעם, וואָס איך וועל זיך ניט רייסן צו מאַכן דאָס וואָס איך זאָג, זאָל אויסזעהן אמת ביי מיינע צוהערער, אויסער אַלס אַ נעבנזאַך, זאָנדערן צו מאַכן זיך אַליין גלויבן אין דעם. וואָרעם איך רעכן, מיין ליעבער פֿריינד, און זעה ווי אייגנ־נוציג איך בין: אויב וואָס איך זאָג איז אמת, איז עס דאָך אויסגעצייכנט צו זיין איבערצייגט אין דעם; און אויב עס זאָל פֿאַר מיר גאָר ניט זיין נאָך דעם טויט, וועל איך דאָך, לכל הפּחות, ניט פֿאַלן צו לאַסט מיינע פֿריינד מיט מיין יאָמערן אין די לעצטע מינוטן. און די דאָזיגע אומוויסנהייט מיינע וועט דאָך ניט לאַנג דויערן, וואָרעם דאָס וואָלט געווען שלעכט. אָבער דאָס וועט זיך שנעל ענדיגן. און אַזוי,“ האָט ער געזאָגט, „סימיאַס און קעבעס, „גיי איך צו צו דעם אַרגומענט אַזוי צוגעגרייט. אָבער איר, אויב איר ווילט מיך פֿאָלגן, זאָלט איר זיך ווייניג וואָס קימערן וועגן סאָקראַ־טעס׳ן, זאָנדערן פֿיל מער וועגן דעם אמת. און אויב איר דענקט, אַז וואָס איך זאָג איז אמת, זייט מסכים מיט מיר, און אויב ניט, שטעלט זיך אַנטקעגן מיט אַלע כחות, כדי איך זאָל אין מיין אייפֿער ניט באַטריגן מיך אַליין און אייך, און אַוועקגיין ווי אַ ביהן, איבערלאָזנדיג דעם שטאָך אין אייך.“

„נאָר לאָמיר צוגיין צו דער זאַך,“ האָט ער געזאָגט.

„קודם כל, דערמאָנט מיך אָן דעם וואָס איר האָט געזאָגט, אויב איר געפינט, אַז איך האָב עפּוואָס פאַרגעסן. סיממיאַס, דענקט איך, האָט ספקות, און ער האָט מורא, אַז די נשמה, הגם זי איז געטליכער און שענער איידער דער גוף, קען אומקומען פריער, ווייל זי געהערט צו דעם מין פון האַרמאָניעס. און קעבעס, גלויב איך, גיט צו, אַז די נשמה איז דויערהאַפטיגער פון דעם גוף, אָבער ער זאָגט, אַז קיינער קען ניט וויסן צי די נשמה, נאָכדעם ווי זי האָט אָבגעטראָגן עטליכע גופים, קומט זי ניט צום סוף אַליין אום, ווען זי פאַרלאָזט דעם גוף, און אַז דאָס איז דער אמת׳ער טויט — דער אונטערגאַנג פון דער נשמה, ווייל דער גוף האַלט דאָך סיי ווי אין איין צושטערט ווערן. זענען דאָס די פּונקטן, סיממיאַס און קעבעס, וואָס מיר האָבן צו באַטראַכטן?"

זיי האָבן ביידע מסכים געווען, אַז דאָס זענען די פּונקטן.

„און אַצינד," האָט ער געזאָגט, „צי ווילט איר ניט אָננעמען קיינע פון אַלע מיינע פריעריגע אַרגומענטן, אָדער נאָר עטליכע פון זיי, און די אַנדערע ניט?"

„נאָר עטליכע," האָבן זיי געענטפערט, „און אַנדערע ניט."

„וואָס דענקט איר," האָט ער געפרעגט, „מכח דעם אַרגומענט אין וועלכן מיר האָבן באַהויפּטעט, אַז לערנען איז ערינערונג, און זינט דאָס איז אַזוי, האָט אונזער נשמה געמוזט זיין ערגעצוואו, איידער זי איז געוואָרן איינגעשפּאַרט אין אונזער גוף?"

„איך," זאָגט קעבעס, „בין געווען וואונדערליך איבערצייגט פון דעם, אין יענער צייט, און איך גלויב דאָס נאָך אַצינד מער איידער עפּוואָס אַנדערש."

„און אויך איך פיל," האָט סיממיאַס געזאָגט, „פּונקט ווי ער, און איך וואָלט זיך שטאַרק געוואונדערט, ווען איך זאָל ווען עס איז אַנדערש דענקען וועגן דעם ענין."

און סאָקראַטעס האָט געזאָגט: „אָבער דו וועסט מוזן,

מיין טהעבאנער פריינד, אנדערש דענקען, אויב דו וועסט בלייבן ביי דער מיינונג, אז א הארמאניע איז א צוזאמענ־געזעצטע זאך, און אז די נשמה איז א הארמאניע, וואס איז געמאכט פון עלעמענטן, וואס זענען אנגעצויגן ווי סטרונעס אין דעם גוף. ווארעם דו וועסט דאך ניט וועלן זאגן, אז א צוזאמענגעזעצטע הארמאניע קען עקזיסטירן פריער איי־דער די זאכן פון וועלכע זי האט געמוזט ווערן צוזאמענגע־זעצט. אדער וועסט דו דאס זאגן?"

„זיכער ניט, סאקראטעס."

„דאן, קענסט דו דאך זעהן," האט ער געזאגט, „אז דאס איז גראד וואס דו זאגסט, ווען דו באהויפטעסט, אז די נשמה עקזיסטירט, איידער זי קומט אריין אין דעם געשטאלט אין דעם גוף פון א מענטש, און אז זי איז צוזאמענגעזעצט פון זאכן, וואס האבן נאך ניט עקזיסטירט? ווארעם הארמאניע איז ניט דאס, וואס דיין פארגלייך נעמט אן, אז זי איז. די לירע און די סטרונעס און די טענער עקזיסטירן פריער אומ־געשטימט, און די הארמאניע אנטשטייט צולעצט, און גייט צוערשט ווידער אונטער. היינט ווי אזוי קענסט דו הארמא־נירן די טעאריע מיט דער אנדערער?"

„איך קען טאקע ניט," זאגט סיממיאס.

„און דאך," מאכט סאקראטעס, „אויב עס זאל ערגעץ זיין הארמאניע, מוז דאך, פאר אלעם, זיין א הארמאניע צווישן דעם און דער טעאריע פון הארמאניע?"

יא, עס מוז," האט סיממיאס געזאגט.

„אבער," האט ער געזאגט, „עס איז ניט דא קיין האר־מאניע צווישן די צוויי טעאריעס. נו, וועלכע פון די צוויי קלויבסט דו אויס: אז לערנען איז אן עראינערונג, אדער אז די נשמה איז א הארמאניע?"

„לחלוטין די ערשטע, סאקראטעס," האט ער געענט־פערט. „ווארעם די צווייטע איז צו מיר געקומען אן שום בא־ווייז, זי האט מיר פשוט אויסגעזעהן ווארשיינליך, און אנ־ציענד, וואס דאס איז אויך די אורזאך פארוואס פיל מענטשן

האַלטן זיך אָן דעם. איך ווייס, אַז די אַרגומענטן, וואָס זענען מייסטנס באַגרינדעט אויף וואַרשיינליכקייט, זענען פּאַרפּי־רעריש, און ווען מיר היטן זיך ניט אָב פון זיי, נאַרן זיי אונז שטאַרק אָב, אין געאָמעטריע און אין אַלע אַנדערע זאַכן. אָבער די לערע פון עראינערונג אין לערנען, איז באַגרינדעט געוואָרן מיט געזונדע אַרגומענטן. וואָרעם מיר האָבן איינ־געשטימט, אַז אונזער נשמה, איידער זי איז אַריינגעקומען אין אונזער גוף, האָט עקזיסטירט, פּונקט ווי עס עקזיסטירט דער תמצית, וואָס ווערט אָנגערופן דער אַבסאָלוט. און איך בין איבערצייגט, אַז איך האָב אָנגענומען דעם תמצית מיט גענוגנדן און גוטן גרונד. דערפאַר קען איך ניט אָננעמען פון מיר אַליין, אָדער פון עמיצן אַנדערש, די באַהויפּטונג, אַז די נשמה איז אַ האַרמאָניע."

„ווי איז, ווען מיר זאָלן באַטראַכטן די זאַך אויף דעם אופן, סיממיאַס," האָט ער געזאָגט. „דענקסט דו אַז האַר־מאָניע, אָדער וועלכע עס איז אַנדערע צוזאַמענזעצונג, קען זיך געפינען אין אַן אַנדערן צושטאַנד איידער דאָס אוים וועלכן עס איז צוזאַמענגעזעצט?"

„זיכער ניט."

„און עס קען ניט טאָן, אָדער ליידן עטוואָס אַנדערש, ווי זיי טוען אָדער ליידן?"

ער האָט מסכים געווען.

„בכן, קען אַ האַרמאָניע ניט פירן די עלעמענטן, פון וועלכע עס איז צוזאַמענגעזעצט, נאָר זיי נאָכפאָלגן?"

ער האָט איינגעשטימט.

„אַ האַרמאָניע, בכן, איז גאַנץ אומפייאיג זיך צו באַ־וועגן, אָדער צו קלינגען, אָדער צו טאָן עפּעס אַנדערש, וואָס איז אַנטקעגן אירע טיילן?"

„גאַנץ אומפייאיג," האָט ער געזאָגט.

„און ווי, איז ניט יעדע האַרמאָניע לויט איר נאַטור נאָך, נאָר אַ האַרמאָניע לויט דעם ווי זי איז האַרמאָניזירט?"

„דאָס פאַרשטיי איך ניט," האָט סיממיאַס געזאָגט.

„וועט זי דען ניט זיין," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „מער פולשטענדיגע הארמאָניע, און א גרעסערע הארמאָניע, ווען זי זאָל זיין מער פולשטענדיג הארמאָניזירט, און ביז א העכערער מדרגה, אויב דאָס קען איבערהויפט געשעהן, און א ווייניגער פולשטענדיגע הארמאָניע און א קלענערע הארמאָניע, אויב ווייניגער הארמאָניזירט און ביז א קלענערער מדרגה?"

„געוויס."

„איז דאָס דאָזיגע אמת וועגן דער נשמה? איז איין נשמה אפילו אין דעם מינדסטן פרט מער פולשטענדיג און אין א העכערן גראַד א נשמה איידער אן אנדערע, אָדער ווייניגער פולשטענדיג און אין א קלענערן גראַד?"

„ניט אין מינדעסטן," האָט ער געזאָגט.

„זייער גוט," האָט ער געזאָגט. „אָבער וועגן איין נשמה זאָגט מען, אז זי האָט פארנונפט, און מידות טובות, און איז גוט, און וועגן אן אנדער נשמה זאָגט מען, אז זי האָט נאַרישקייט, און ניט-ווירדיגקייט, און איז שלעכט; און דאָס איז דער אמת."

„יאָ, דאָס איז דער אמת."

„אצינד, ווי אזוי וועלן די, וואָס האלטן אז די נשמה איז א הארמאָניע, דערקלערן, וואָס עס זענען די זאַכן — די מידות טובות און די ניט-ווירדיגקייט — אין דער נשמה? וועלן זיי זאָגן, אז דאָס איז א צווייטער סאָרט הארמאָניע, און א דיסהארמאָניע, און אז די גוטע נשמה וואָס איז אליין א הארמאָניע, האָט אין זיך אן אנדער הארמאָניע, און די שלעכטע נשמה איז דיסהארמאָניש, און האָט ניט קיין אנדער הארמאָניע אין זיך?"

„איך קען ניט זאָגן," האָט סימיאַס געענטפערט, „אָבער עס איז פון אויבנאויף, אז די וואָס מאכן אזא באהויפטונג, וועלן זאָגן עטוואָס פון דעם סאָרט."

„אָבער מיר האָבן דאָך איינגעשטימט," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „אז איין נשמה איז ניט מער און ניט ווייני-

גער נשמה פון אַן אַנדערע; און דאָס איז דאָך דאָסזעלביגע ווי, אַז איינע איז ניט מער. און ניט אין קיין העכערע מדרגה, און ניט ווייניגער, און ניט אין קיין קלענערע מדרגה אַ האַרמאָניע איידער אַן אַנדערע; ניט אמת?"

„געוויס."

„און דאָס וואָס איז ניט מער און ניט ווייניגער אַ האַרמאָניע, איז ניט מער און ניט ווייניגער האַרמאָניזירט? איז דאָס אמת?"

„געוויס."

„און האָט דאָס, וואָס איז ניט מער און ניט ווייניגער האַרמאָניזירט, אַ גרעסערן אָדער אַ קלענערן חלק האַרמאָניע, אָדער אַ גלייכן חלק?"

„אַ גלייכן חלק."

„קומט דאָך אויס, אַז אַ נשמה, וואָס איז ניט מער און ניט ווייניגער' נשמה פון אַן אַנדערע, איז ניט מער און ניט ווייניגער האַרמאָניזירט?"

„דאָס איז אַזוי."

„און קען דערפאַר ניט האָבן אַ גרעסערן חלק דיסהאַרמאָניע אָדער האַרמאָניע?"

„ניין."

„און דערפאַר, נאָך אַמאָל, קען איין נשמה ניט האָבן קיין גרעסערן חלק שלעכטיגקייט אָדער טוגענד איידער אַן אַנדערע, אויב שלעכטיגקייט איז דיסהאַרמאָניע און טוגענד איז האַרמאָניע?"

„זי קען ניט."

„אָדער פיל מער, צו זיין גאַנץ גענוי, סימיאַס, קיין נשמה וועט ניט האָבן אין זיך קיין שום שלעכטיגקייט, אויב די נשמה איז אַ האַרמאָניע; וואָרעם אויב אַ האַרמאָניע איז אַ פולשטענדיגע האַרמאָניע, קען זי ניט האָבן קיין שום חלק אין דער דיסהאַרמאָניע."

„געוויס ניט."

„דאַן קען די נשמה, וואָס זי איז דאָך אין גאַנצן נשמה,

ניט האָבן קיין שום חלק אין שלעכטיגקייט.“

„ווי אַזוי קען זי, אויב עס איז אמת וואָס מיר האָבן געזאָגט ?“

„לויט דעם אַרגומענט, בכן, אויב אַלע נשמות זענען לויט זייער נאַטור גלייך נשמות, וועלן אַלע נשמות פון אַלע לעבעדיגע באַשעפעניש זיין גלייך גוט ?“

„אַזוי זעהט׳ס אויס, סאָקראַטעס,“ האָט ער געזאָגט.

„און דענקסט דו,“ האָט ער געזאָגט, „אַז דאָס איז אמת, און אַז אונזער ישוב הדעת וואָלט געקומען צו דעם שלוס, אויב די טעאָריע, אַז די נשמה איז אַ האַרמאָניע וואָלט זיין ריכטיג ?“

„אודאי און אודאי ניט,“ האָט ער געענטפערט.

„נו,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „פון אַלע חלקים וואָס שטעלן צוזאַמען דעם מענטש, דענקסט דו, איז דאָ אַן אַנדער חלק וואָס הערשט איבער די נשמה, בפרט ווען דאָס איז אַ פאַרנינפטיגע ?“

„ניין, איך דענק ניט.“

„און גיט זי זיך אונטער צו די צושטאַנדן פון דעם גוף, אָדער שטעלט זי זיך זיי אַנטקעגן ? איך מיין, ווען, למשל, דער גוף איז היים און דורשטיג, שטעלט זיך דען ניט די נשמה אַנטקעגן און ציט אים אַוועק פון טרינקען, און פון עסן, ווען ער איז הונגעריג, און אַזוי אין טויזנט אַנדערע זאַכן זעהען מיר דען ניט ווי די נשמה שטעלט זיך אַנטקעגן דעם גוף ?“

„געוויס.“

„און האָבן מיר ניט איינגעשטימט אין אונזער פריערדיגן געשפּרעך, אַז די נשמה וואָלט קיינמאָל ניט געקענט, אויב זי וואָלט געווען אַ האַרמאָניע, אַרויסגעבן אַ קלאַנג, וואָס זאָל זיין אין סתירה מיט דער געשפּאַנטקייט אָדער נאָכגעלאָזנקייט, אָדער די וויבראַציעס און אַנדערע קאָנדיציעס פון די עלעמענטן וואָס שטעלן זיי צוזאַמען, נאָר אַז זי וואָלט זיי נאָר געקענט נאָכפאָלגן, אָבער קיינמאָל ניט פירן ?“

„יא,“ האט ער געענטפערט, „אין דעם האבן מיר איינ־געשטימט, ווי דען?“

„גוט, נו, זעהען מיר אבער ניט, אז די נשמה טוט פונקט פארקערט; אז זי פירט די עלעמענטן פון וואס זי איז כלומר׳שט צוזאמענגעשטעלט, און איז זיי דערווידער אין כמעט אלצדינג אונזער גאנצן לעבן לאנג, און באהערשט זיי אויף יעדן אופן, טיילמאל מיט שטרענגע און שמערצליכע שטראפן (ווי מיט גימנאסטיק און מעדיצין), טיילמאל מיט מילדערע מיטל, טיילמאל מיט סטראשונקעס און טיילמאל מיט מוסר, אין קורצן, ריידנדיג צו די פארלאנגען, און די ליידנשאפטן, און די שרעקן, ווי זי וואלט געווען אנדערש פון זיי, און זיי פון איר, ווי האמער האט געזונגען אין דער אדיססעע, וואו ער זאגט וועגן אדיססעאוס:

> ער שלאגט זיך אויף דער ברוסט, און מוסר׳ט זיין הארץ אזוי:
> „פארטראג דאס, מיין הארץ, פיל ערגערעס האסט דו שוין פארטראגן.“

„דענקסט דו, ווען ער האט געשריבן די ווערטער, האט ער געדענקט, אז די נשמה איז א הארמאניע, וואס וועט ווערן געפירט פון די צושטאנדן פון דעם גוף, און ניט אזא, וואס איז גיכער צוגעפאסט זיי צו פירן און צו באהערשן, און איז אליין פיל געטליכער איידער א הארמאניע?“

„ביי צעאוס, סאקראטעס, איך דענק דאס לעצטע.“

„דאן, מיין בעסטער פריינד, וועט עס אונז קיינמאל ניט אנשטיין צו זאגן, אז די נשמה איז א הארמאניע. ווארעם מיר וועלן דעמאלט, עס זעהט אויס, ניט קענען מסכים זיין מיט האמער, דעם געטליכן פאעט, און אויך ניט מיט אונז אליין.“

„דאס איז אמת,“ האט ער געזאגט.

„זייער גוט,“ האט סאקראטעס געזאגט. „הארמאניא, די טהעבאנישע געטין, איז, ווי עס זעהט אויס, געווען ניש׳קשה׳דיג פריינטליך צו אונז; אבער ווי אזוי, קעבעס,

און מיט וואָסער אַרגומענטן, קענען מיר נושא חן זיין אין די אויגן פון קאַדמאָס?"*)

„איך דענק," האָט קעבעס געזאָגט, „דו וועסט שוין געפינען אַן עצה. דעם אַרגומענט געגן האַרמאָניע וויניגסטנס האָסט דו דורכגעפירט וואונדערבאַר, און בעסער ווי איך האָב דערוואַרטעט. ווארעם ווען סיממיאס האָט געזאָגט, וואָסערע ספקות ער האָט, האָב איך זיך געוואונדערט, צי וועט עס איז זיך קענען ספּראַווען מיט זיין אַרגומענט. עס איז מיר דערפאַר אויסגעקומען מערקווירדיג, אַז עס האָט ניט געקענט אויסהאַלטן די ערשטע אַטאַקע פון דיין אַרגומענט. און איך וועל זיך גאַר ניט וואונדערן, ווען דעם אַרגומענט פון קאַדמאָס וועט טרעפן דערזעלבער גורל."

„מיין פריינד," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „באַרים זיך נאָר ניט, כדי עפּעס אַ בייז אויג זאָל ניט אויסוואַרצלען פון אונז וואָס דאַרף נאָך ווערן געזאָגט. אָבער דאָס ליגט אין דער האַנט פון גאָט. לאָמיר, אויף דעם האָמערישן אופן, „באַגעגענען דעם שונא", און אויספּרובירן דעם ווערט פון דעם וואָס דו זאָגסט. דער סך הכל פון דעם וואָס דו זוכסט, איז דאָס דאָזיגע: דו פאָדערסט אַ באַווייז, אַז אונזער נשמה קען ניט צושטערט ווערן און איז אומשטערבליך, און צי דער פילאָזאָף וואָס האָט צוטרויען ווען ער שטייט פּנים אל פּנים מיט דעם טויט, און וואָס דענקט, אַז נאָך דעם טויט וועט אים זיין בעסער אויף יענער וועלט, איידער ווי ווען ער וואָלט געפירט אַן אַנדער לעבן, צי וועט זיין פאַרטרויען ניט זיין אומזיניג און נאַריש. און הגם מיר ווייסן, אַז די נשמה איז שטאַרק און צו גאָט גלייך, און האָט עקזיסטירט איידער מיר

---

*) „האַרמאָניא" איז געווען די פרוי פון קאַדמאָס, דער קעניג פון טהעבען. סיממיאס איז געווען אַ טהעבאַנער, און ער האָט געמאַכט די איינוועגדונג פון האַרמאָניע. מאַכט דאָ סאָקראַטעס אַ לייכטן שפּאָס מיט דעם וואָרט־שפּיל פון „האַרמאָניע" און „האַרמאָניא", די קעניגין פון טהעבען. צוליעב דעם רופט ער שוין זיין חבר, קעבעס, מיט דעם נאָמען „קאַדמאָס".

זענען געבוירן געוואָרן אַלס מענטשן, אַלץ דאָס, זאָגסטו דו, באַווייזט ניט דוקא די אומשטערבליכקייט, נאָר דאָס אַליין, אַז די נשמה דויערט אַ לאַנגע צייט, און האָט עקזיסטירט ערגעצוואו ווער ווייס ווי לאַנג פאַר אונזער געבורט, און האָט געוואוסט און האָט געטאָן פאַרשידענע זאַכן; זי איז אָבער פון דעם אַלעם פונדעסטוועגן ניט אומשטערבליך, און אַז איר סאַמע אַריינטרעטן אין אַ מענטשליכן גוף איז שוין געווען די התחלה פון איר אויפלייזונג, אַ מין חולאת, און זי לעבט אין מי דורך דעם לעבן, און צום סוף קומט זי אום אין דעם וואָס מיר רופן טויט. און עס איז ניטאָ קיין שום חילוק, זאָגסטו דו, צי אַ נשמה גייט אַריין אין אַ גוף איינמאָל, צי מערערע מאָל, אויף וויפיל עס איז נוגע די שרעק וואָס יעדער פון אונז פילט; וואָרעם יעדער איינער, אויסער ווען ער איז אַ שוטה, מוז זיך שרעקן, אויב ער ווייסט ניט, און קען ניט באַווייזן, אַז די נשמה איז אומשטערבליך. דאָס, קעבעס, דענק איך, איז אומגעפער וואָס דו מיינסט. און איך חזר דאָס איבער מיט אַ כיוון, כדי אונז זאָל גאָר ניט אַנטגיין, און דו זאָלסט קענען צולייגן אָדער אַראָפּנעמען וואָס דו ווילסט."

און קעבעס האָט געזאָגט: „פאַר אַצינד וויל איך גאָר ניט אַוועקנעמען אָדער צולייגן. דאָס איז טאַקע וואָס איך זאָג."

סאָקראַטעס האָט זיך אויף אַ ווייל אָבגעשטעלט און איז געווען פאַרטיפט אין געדאַנקען. דאַן האָט ער געזאָגט: „דאָס איז ניט קיין קלייניגקייט וואָס דו זוכסט; וואָרעם די אורזאַך פון ווערן און פון אונטערגיין מוז ווערן פולשטענדיג אויסגעפאָרשט. אויב דו ווינשט, וועל איך דיר זאָגן מיין אייגענע דערפאַרונג וועגן דעם; אויב עטוואָס פון דעם וואָס איך זאָג שיינט דיר צו זיין פון וועלכן עס איז נוצן, קענסטו דו עס געברויכן צו פאַרענטפערן דיינע קשיות."

„געוויס," האָט קעבעס געזאָגט, „איך ווינש צו הערן דיין דערפאַרונג."

„הער זשע, און איך וועל דיר זאָגן. ווען איך בין געווען

יונג, קעבעס, האָב איך געהאַט אַן אויסטערלישן חשק צו לערנען די חכמות, וואָס זיי רופן נאַטור־פאָרשונג. איך האָב עס געהאַלטן פאַר אַ הערליכע זאַך צו וויסן די אורזאַכן פון אַלץ, פאַרוואָס יעדע זאַך אַנטשטייט, פאַרוואָס עס פאַר־גייט, און פאַרוואָס עס באַשטייט; און איך האָב זיך אַלעמאָל געוואָרפן הין און צוריק, און איך האָב מיך מישב געווען צוערשט וועגן די דאָזיגע פראַגן: צי זענען דאָס היץ און קעלט וואָס ברענגען אַרויס, דורך אַ מין פערמענטאַציע, די באַשאַפונג פון חיות, ווי מאַנכע מענטשן זאָגן? צי איז עס דאָס בלוט, אָדער די לופט, אָדער דאָס פייער דורך וואָס מיר דענקען? אָדער צי איז עס ניט קיינע פון די זאַכן; און צי די געהירן גיבן אונז די סענסאַציעס פון הערן און זעהן און שמעקן; און צי דער זכרון און פאָרשטעלונג אַנט־שטייען פון זיי, און צי וויסן קומט פון זכרון און פאָרשטע־לונג ווען זיי זיינען אין אַ צושטאַנד פון רוה? און ווידער האָב איך פרובירט אויסצוגעפינען ווי אַזוי די זאַכן פאַרגייען, און איך האָב אויסגעפאָרשט די פאַרענדערונגען פונ׳ם הימל און די ערד, ביז איך האָב צום סוף באַשלאָסן ביי זיך, אַז איך בין פון דער נאַטור לחלוטין ניט צוגעפּאַסט פאַר אַזעלכע פאָרשונגען. און איך וועל דיר געבען אַ גוטן באַווייז פאַר דעם. איך בין געוואָרן אַזוי פולשטענדיג פאַרבלענדט פון דעם שטודירן, אַז איך האָב פאַרלוירן דאָס וויסן, וואָס איך און אַנדערע האָבן געדענקט איך האָב פריער געהאַט. איך האָב פאַרגעסן, וואָס איך האָב פריער געגלויבט, אַז איך האָב געוואוסט וועגן אַ סך זאַכן, אפילו וועגן דער אורזאַך פון דעם מענטשליכן וואַקסן. וואָרעם דאָס האָב איך פריער געגלויבט, ווייס דאָך יעדער, אַז דער מענטש וואַקסט פון עסן און טרינקען. וואָרעם ווען פון דעם שפּייז וואָס ער עסט קומט צו פלייש צו זיין פלייש, און ביינער צו זיינע ביינער, און אויף דעמזעלבן אופן אַלע אַנדערע פאַרוואַנדטע זאַכן, קו־מען צו צו יעדן פון זיינע טיילן, דאַן ווערט די קליינע מאַסע גרעסער, און דער קליינער מענטש גרויס. אַזוי פלעג איך

דענקען. זעהסט דאס דיר ניט אויס פארשטענדליך?"

„יא," האט קעבעס געזאגט.

„נו, הער זיך אקארשט איין אויך צו דעם. איך האב געדענקט, אז איך בין געווען גענוג איבערצייגט, ווען איך האב געזעהן א הויכן מענטש שטיין נעבן א קורצן, אז ער איז, לאמיר זאגן, מיט א קאפ העכער פון דעם אנדערן, און אז איין פערד פון אן אנדער פערד, און, צו דערמאנען זאכן, וואס זענען נאך דייטליכער פון די דאזיגע, איך האב גע־דענקט, אז צען זענען מער פון אכט, ווייל מען האט צוגעלייגט צוויי צו די אכט, און איך פלעג דענקען, אז א צוויי־פיסיגע ליניע און לענגער פון אן איינפוסיגע ליניע, ווייל דאס שטייגט איבער מיט א העלפט די לענג."

„און אצינד," האט קעבעס געזאגט, „וואס דענקסט דו וועגן זיי?"

„ביי צעאוס," האט ער געזאגט, „איך בין ווייט פון צו דענקען, אז איך וויים די אורזאך פון איינע פון די זאכן; איך, וואס איך דערוועג זיך אפילו ניט צו זאגן, אז ווען איינס ווערט צוגעלייגט צו איינס, צי דאס איינע צו וועלכן מען האט צוגעלייגט איז געווארן צוויי, אדער דאס איינע וואס מען האט צוגעלייגט, און דאס איינע וואס צו דעם האט מען צוגעלייגט זענען געווארן צוויי מיט דעם וואס מען האט צו־געלייגט איינס צו דאס אנדערע. איך וואונדער זיך ווי אזוי, ווען יעדע פון די צוויי איז געווען פאר זיך, אבגעזונדערט פון דעם אנדערן, איז יעדעס איינע געווען איינס, און זיי זע־נען ניט געווען צוויי, און ווען מען האט זיי געבראכט נעענטער איינס צו ס'אנדערע, איז דאס צוקומען נענטער געווען די אורזאך, זיי זאלן ווערן צוויי. און איך קען נאך ניט גלויבן, אז ווען איינס ווערט צוטיילט, זאל די צוטיילונג זיין די אורזאך דאס איינע זאל ווערן צוויי; ווארעם דאס איז פונקט די פארקערטע אורזאך וואס האט ארויסגעבראכט צוויי אין דעם פריערדיגן פאל; ווארעם דארט איז אנטשטאנען די צוויי, ווייל איינס איז געבראכט געווארן נענטער און צוגע־

ליִיגט געוואָרן צו אַן אַנדער איינס, און דאָ ווייל איינס איז צוגענומען געוואָרן און אָבגעטיילט פון אַן אַנדער. און לויט דער מעטאָדע גלויב איך זיך ניט מער צו וויסן ווי אַזוי דער איינס אַנטשטייט, אָדער, מיט איין וואָרט, ווי אַזוי וואָס עס איז אַנטשטייט, אָדער פאַרגייט, אָדער באַשטייט. איך דערלאָז דערפאַר ניט די גילטיגקייט פון דער מעטאָדע, נאָר איך האָב מיר פאַרמישט אַן אַנדער מעטאָדע, אויף גאָט׳ס באַראָט."

„דאַן האָב איך אַמאָל געהערט איינעם פאַרלייענען פון אַ בוך. דאָס איז געווען אַנאַקסאַגאראס׳ בוך, וואו ער האָט געזאָגט, אַז עס איז די פאַרנונפט וואָס אָרדנט אַלץ איין, און איז די סיבה פון אַלע זאַכן. איך האָב מיך שטאַרק דערפרייט מיט דעם געדאַנק. עס האָט מיר עפּעס געשיינט, אַז עס איז רעכט, די פאַרנונפט זאָל זיין די סיבה פון אַלע זאַכן, און איך האָב געדענקט, אויב דאָס איז אַזוי, איז די פאַרנונפט, וואָס אָרדנט אַלץ איין, אַראַנזשירט זי אַלצדינג, און שטעלט אַוועק יעדע זאַך ווי עס איז צום בעסטן פאַר דער זאַך. ווען איינער וויל אויסגעפינען די סיבה פון וואָס עס איז, ווי אַזוי עס אַנטשטייט אָדער פאַרגייט אָדער באַשטייט, מוז ער אויסגעפינען וואָסער צושטאַנד איז צום בעסטן פון אַנטשטיין אָדער באַשטיין, אָדער אַן אַנדער טעטיגקייט איז דאָס בעסטע פאַר דער זאַך. און דערפאַר, וואָס איז שייך די דאָזיגע זאַך און אויך אַנדערע זאַכן, דאַרף אַ מענטש ניט עקזאַמינירן קיין אַנדער זאַך אויסער דאָס וואָס עס איז דאָס בעסטע און דאָס אויסגעצייכנטסטע, וועט ער שוין ממילא אויך דערגיין דאָס שלעכטערע, וואָרעם די דערקענטניש איז דיזעלביגע פאַר ביידע. און ווען איך האָב באַטראַכט די זאַכן, בין איך געווען דערפרייט צו דענקען, אַז איך האָב אין אַנאַקסאַגאראס׳ן געפונען אַ לערער פון די סיבות פון זאַכן אין גאַנצן לויט מיין גוסט, און אַז ער וועט מיר זאָגן צי די ערד איז פלאַך צי רונד, און ווען ער וועט מיר דאָס האָבן געזאָגט, וועט ער גיין ווייטער און מיר דערקלערן

די סיבה און די נויטווענדיגקייט פון דעם, און ער וועט מיר זאָגן די אייגנשאַפטן פון דעם בעסטן, און פאַרוואָס עס איז בעסער פאַר דער ערד צו זיין ווי זי איז; און אויב ער וואָלט מיר זאָגן, אַז די ערד איז אין דעם צענטער, וועט ער מיר אויך דערקלערן פאַרוואָס עס איז בעסער פאַר איר צו זיין אין דעם צענטער; און איך האָב ביי זיך אָבגעמאַכט, אויב ער וואָלט מיר געמאַכט קלאָר די זאַכן, וואָלט איך ניט מער באַגערט וואָסער עס איז אַנדער סיבה. און איך בין געווען אַנטשלאָסן, אויף דעמזעלבן אופן אויסצוגעפינען וועגן דער זון און די לבנה און די איבריגע שטערן, זייער פאַרהעלטנים־מעסיגע געשווינדיגקייט, זייער אומדרייעניש, און זייערע אַנ־דערע פאַרענדערונגען, און פאַרוואָס די פאַסיווע און אַקטיווע צושטאַנדן פון יעדע פון זיי איז צום בעסטן. וואָרעם איך האָב זיך קיינמאָל ניט פאַרגעשטעלט, אַז נאָכדעם ווי ער האָט איינמאָל געזאָגט, אַז זיי זענען איינגעאָרדנט פון דער פאַרנונפט, וועט ער אַריינפירן וואָסער עס איז אַנדער סיבה פאַר די זאַכן אויסער דאָס, אַז עס איז צום בעסטן פאַר זיי צו זיין ווי זיי זענען. און אַזוי האָב איך געגלויבט, ווען ער האָט אָנגעגעבן די סיבה פון יעדע זאַך, און פון אַלע זאַכן צוזאַמען, וועט ער גיין ווייטער און דערקלערן, וואָס איז דאָס בעסטע פאַר יעדער זאַך, און וואָס איז גוט פאַר אַלע צוזאַמען. די האָפנונג האָב איך געהאַלטן זייער טייער, און איך האָב זיך צוגעכאַפּט צו די ביכער מיט גרויס אייפער, און איך האָב זיי געלייענט אַזוי שנעל ווי איך האָב געקענט, כדי אויסצוגע־פינען אַזוי שנעל ווי מעגליך מכח דעם בעסטן און דעם ערגסטן.

די דאָזיגע הערליכע האָפנונג, מיין פריינד, איז פון מיר שנעל פאַרשוואונדן. ווי איך בין אָנגעגאַנגען מיט מיין לייענען, האָב איך געזעהן, אַז דער מאַן האָט ניט געמאַכט קיין שום געברויך פון דער פאַרנונפט, און ער האָט ניט אָנגעגעבן קיין אורזאַך, וואָס באַציט זיך אויף די איינאָרדנונג פון די זאַכן, נאָר ער ברענגט אַלס אורזאַכן לופט, און עטהער,

און וואַסער, און פילע אַנדערע מאָדנע זאַכן. און דאָס האָט מיר אויסגעזעהן צו זיין פּונקט אַזוי ווי ווען איינער זאָל זאָגן, סאָקראַטעס טוט מיט פאַרנונפט אַלץ וואָס ער טוט, און נאָכדעם, ווען ער נעמט זיך אָנגעבן די אורזאַכן פון אַ באַשטימטער זאַך, וואָס איך טו, זאָל ער אָנהויבן מיט דעם, אַז איך זיץ דאָ, ווייל מיין גוף איז צוזאַמענגעשטעלט פון ביינער און אָדערן, און די ביינער זענען האַרט און האָבן געלענקען, וואָס טיילט זיי אָב, און די אַנדערע קענען ווערן אָנגעצויגן און נאָכגעלאָזן, און, צוזאַמען מיט דעם פלייש און די הויט, וואָס האַלט זיי אַלעמען צוזאַמען, זענען זיי אַרומגעלייגט אַרום די ביינער; און אַזוי ווי די ביינער הענגען לויז, מאַכן די אָדערן, ווען איך לאָז זיי נאָך, אָדער ציִ זיי איין, פאַר מיר מעגליך אַצינד איינצובייגן מיינע גלידער, און דאָס איז די סיבה פאַרוואָס איך זיץ דאָ מיט איינגעבויגענע קניען. אָדער ווען ער זאָל, אויף דעמזעלבן אופן, אָנגעבן די טענער און די לופט, און דאָס געהער, און טויזנטערליי אַנדערע זאַכן פון דעם מין, אַלס סיבה פאַר אונזער געשפּרעך דאָ, און זאָל פאַרפעלן צו דערמאָנען די ריכטיגע סיבה, נעמליך, אַז די אַטהענער האָבן באַשלאָסן, אַז עס איז צום בעסטן זיי זאָלן מיך פאַרדאַמען, און דערפאַר האָב איך באַשלאָסן, אַז עס איז בעסער פאַר מיר דאָ צו זיצן, און אַז עס איז רעכט פאַר מיר צו בלייבן און אויסשטיין די שטראָף, וואָס זיי האָבן אַרויפגעלייגט. וואָרעם, ביים הונד, איך שטעל זיך פאָר, אַז די ביינער און די אָדערן מיינע וואָלטן שוין לאַנג געווען אין מעגארא, אָדער בעאָטיא, אַהינגעפירט פון אַ אידעע וואָס איז דאָס בעסטע, ווען איך וואָלט ניט געדענקט, אַז עס איז בעסער און איידעלער צו פאַרטראָגן יעדע שטראָף, וואָס די שטאָט זאָל ניט אַרויפלייגן, איידער אַוועקצוגיין און צו אַנטלויפן. אָבער עס איז דער העכסטער אַבסורד אָנצורופן דעם מין זאַכן סיבות. ווען איינער זאָל זאָגן, אַז איך וואָלט ניט געקענט אויספירן וואָס איך האַלט פאַר פּאַסיג, ווען איך וואָלט ניט געהאַט די ביינער און אָדערן און אַנדערע

זאַכן, וואָס איך האָב, וואָלט ער געזאָגט דעם אמת. אָבער צו זאָגן, אַז איך טו וואָס איך טו צוליעב דעם, און אַז איך טו דאָס מיט פאַרנונפט, אָבער ניט פון פרייער אויסוואַל פון דעם וואָס איז דאָס בעסטע, דאָס וואָלט געווען אַ זייער און זייער לייכטזיניגע באַהויפטונג. דאָס מיינט צו זיין אומפייאיג צו אונטערשיידן, אַז אין דער ווירקליכקייט איז אַ סיבה איין זאַך, און די זאַך וואָס אָן איר וואָלט די סיבה קיינמאָל ניט געקענט זיין קיין סיבה, אַ גאַנץ אַנדער זאַך. און אַזוי, שיינט עס מיר, אַז די מייסטע מענטשן, ווען זיי רופן אָט דאָס לעצטע מיט דעם נאָמען אורזאַך, טאַפּן, אַזוי צו זאָגן, אין דער פינסטער, און גיבן דאָס אַ נאָמען וואָס באַלאַנגט ניט צו דעם. און אַזוי מאַכט איינער די ערד זאָל זיך האַלטן אונטער דעם הימל, וואָס ער מאַכט אָן אַ וויכער אַרום איר *), און אַן אַנדער שטעלט איר אונטער די לופט אַלס שטיצע, ווי מען שטעלט אונטער אַ בענקל אונטער אַ ברייטער קאָריטע**). אָבער זיי זוכן ניט די קראַפט, וואָס פאַראורזאַכט די זאַכן זאָלן ווערן אַוועקגעשטעלט ווי עס איז צום בעסטן פאַר זיי צו ווערן אַוועקגעשטעלט. זיי דענקען אויך ניט, אַז אין דעם ליגט עפּעס אַ העכערע קראַפט, נאָר זיי דענקען, אַז זיי קענען אויסגעפינען אַ נייעם אַטלאַס, וואָס איז מער מעכטיג און מער אומשטערבליך, און וואָס האַלט אַלץ בעסער צוזאַמען איידער דאָס, און זיי טראַכטן גאָר ניט וועגן דעם גוטן, וואָס מוז אַרומנעמען און צוזאַמענהאַלטן אַלע זאַכן. איך אָבער וואָלט זייער גערן געווען דער תלמיד פון יעדן איינעם, וואָס וואָלט מיך געלערנט ווי עס שטייט מיט דער סיבה. אַזוי אָבער ווי דאָס האָב איך ניט באַקומען, און מיר איז געווען אוממעגליך דאָס אַליין צו אַנטדעקן, אָדער דאָס צו לערנען פון וועמען עס איז, ווילסט דו, קעבעס," האָט ער געזאָגט, „איך זאָל דיר געבן אַ באַשריי-

---

*) אַזוי האָבן געלערנט עמפּעדאָקלעס, לעוקיפּפּאָס און דעמאָקריט.

**) דאָס איז געווען די לערע פון אנאַקסימענס און אַנאַקסאַגאָראַס.

בונג פון דעם וועג ווי אַזוי איך האָב אַנגעפירט מיין צווייטע רייזע אויסצופאָרשן די סיבה?"

„איך ווינש דאָס מיט מיין גאַנצן האַרץ," האָט ער גע־ענטפערט.

„נאָכדעם," האָט ער געזאָגט, „ווען איך האָב אויפגע־געבן די אויספאָרשונג פון די זאַכן, האָב איך באַשלאָסן, אַז איך מוז זיין פאָרזיכטיג עס זאָל מיט מיר ניט פּאַסירן, וואָס עס טרעפט מיט מענטשן וועלכע קוקן אויף דער זון און באַ־טראַכטן זי אין דער צייט פון אַ ליקוי חמה. וואָרעם אַ טייל מאַכן זיך קאַליע די אויגן, אויסער ווען זיי קוקן אויף אַן אָבשפיגלונג אין וואַסער, אָדער עטוואָס אַן ענליך מיטל. איך האָב געטראַכט פון דער סכנה, און איך האָב זיך געשראָקן, אַז מיין נשמה וועט פאַרבלענדט ווערן, אויב איך וועל קוקן אויף די זאַכן מיט די אויגן, און וועל פּרובירן זיי צו פאַר־נעמען מיט וועלכע פון מיינע חושים. האָב איך געדענקט, אַז איך מוז אָנקומען צו די באַגריפן, און אין זיי אָנשויען דעם אמת פון דער ווירקליכקייט. מיין פאַרגלייך איז אָפט ניט גאַנץ ענליך צו דעם וואָס איך וויל זאָגן, וואָרעם איך וועל בשום אופן ניט צוגעבן, אַז דער וואָס שטודירט די ווירקליכקייט דורך די באַגריפן קוקט אויף די אָבשפיגלונג מער איידער דער וואָס שטודירט די זאַכן אַליין. אָבער אַזוי איז ווי איך האָב אָנגעהויבן. יעדעס מאָל נעם איך אָן אַ וואָסער עס איז פּרינציפּ, וואָס איך האַלט פאַר דעם שטאַרקסטן, און אַלץ וואָס עס זעהט מיר אויס צו זיין אין הסכם מיט דעם, צי דאָס האָט אַ שייכות צו דער סיבה, אָדער צו וואָס עס איז אַנדערש, האַלט איך פאַר דעם אמת, און אַלץ וואָס שטייט ניט אין הסכם מיט דעם, פאַר ניט אמת. אָבער איך וויל דיר זאָגן דייטליכער וואָס איך מיין; וואָרעם איך גלויב אַז דו פאַרשטייסט דאָס ניט."

„ניין, ביי צעאוס, ניט גאַנץ גוט," האָט קעבעס געזאָגט.

„גוט," האָט ער געזאָגט, „דאָס איז וואָס איך מיין. עס איז גאָר ניט ניי, נאָר גאַנץ דאָסזעלביגע וואָס איך האָב

קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זאָגן, אין אונזער פריערדיגן געשפרעך, און אַנדערשוואו. איך וועל פּרובירן דיר צו ערקלערן די איינגעשאַפט פון דער סיבה וואָס איך האָב שטודירט, און איך וועל זיך צוריק אומקערן צו יענע גאַנץ באַקאַנטע ערטער אונזערע, און איך הויב אָן מיט דעם, אַז איך נעם לכתחילה אָן, אַז עס זענען דאָ אַזעלכע זאַכן ווי אַבסאָלוטע שיינקייט, און גוטסקייט, און גרויסקייט, און ענליכע זאַכן. אויב דו ביזט דאָס מודה, און ביזט מסכים, אַז די דאָזיגע זאַכן עקזיסטירן, גלויב איך צו קענען דיר דערקלערן וואָס איז סיבה, און צו באַווייזן אַז די נשמה איז אומשטערבליך."

„דו מעגסט שוין אָננעמען," האָט קעבעס געזאָגט, „אַז איך בין דאָס מודה, און גיי ווייטער."

„דאַן," האָט ער געזאָגט, „זעה, צי דו קענסט אויך איינשטימען מיט מיר אין דעם נעקסטן שריט. איך דענק, אַז אויב עטוואָס איז שיין, אַ חוץ די אַבסאָלוטע שיינקייט, איז עס שיין ניט צוליעב קיין אַנדער זאַך, אויסער צוליעב דעם, ווייל עס באַטייליגט זיך אין דער אַבסאָלוטער שיינקייט; און דאָס איז חל אויף אַלע זאַכן. ביזט דו מסכים צו דער אַנזיכט פון סיבה?"

„איך בין מסכים," האָט ער געזאָגט.

„און איך פאַרשטיי גאָר ניט," איז ער אָנגעגאַנגען, „און איך קען ניט משיג זיין די אַנדערע שכל'דיגע סיבות. ווען איינער זאָגט מיר, אַז עטוואָס איז שיין צוליעב די בליענדיגער פאַרב, אָדער די פאָרמע, אָדער עטוואָס אַנדערש פון דעם מין, לאָז איך דאָס אַלץ גיין, וואָרעם די אַלע זאַכן צוטומלען מיך נאָר, און איך האַלט זיך פּשוט און פּראָסט, און אפשר נאַריש, ביי דעם איינעם, אַז קיין אַנדערע זאַך מאַכט דאָס ניט שיין, אַ חוץ די אַנוועזנהייט און די געמיינשאַפטליכקייט (רוף עס ווי דו ווילסט) פון אַבסאָלוטער שיינקייט, ווי נאָר און פון וואַנען זי זאָל ניט קומען. און וועגן דעם מאַך איך דערווייל נאָך ניט קיין שום באַהויפּטונג. אָבער איך

באַשטײ דערויף, אַז שײנע זאַכן װערן שײן פֿון דער שײנ־קײט. װאָרעם איך דענק, אַז דאָס איז דער זיכערסטער ענטװאָרט, װאָס איך קען געבן צו מיר אַלײן אָדער צו אַנ־דערע, און װען איך װעל זיך אָן דעם האַלטן פֿעסט, גלויב איך, אַז עס איז זיכער פֿאַר מיר און פֿאַר יעדן אַנדערן צו געבן דעם ענטפֿער, אַז שײנע זאַכן װערן שײן דורך שײנ־קײט. ביזט דו מסכים?"

„איך בין מסכים."

„און גרויסע זאַכן זענען גרויס, און גרעסערע זאַכן זע־נען גרעסער דורך גרויסקײט, און קלענערע זאַכן קלענער דורך קלײנקײט?"

„יאָ."

„און דו װעסט ניט אָננעמען, װען מען זאָל דיר זאָגן, אַז אײן מענטש איז גרעסער אָדער קלענער פֿון דעם צװײטן מיט אַ קאָפּ, נאָר דו װעסט באַשטײן, אויף דעם, אַז װאָס דו זאָגסט איז, אַז יעדע גרעסערע זאַך איז גרעסער פֿון דער אַנדערער דורך קײן שום אַנדערע זאַך אויסער גרויסקײט, און אַז עס איז גרעסער צוליעב די גרויסקײט, און דאָס, װאָס איז קלענער איז ניט קלענער דורך קײן אַנדער זאַך אויסער קלײנקײט, און איז קלענער דורך קלײנקײט. װאָרעם דו װעסט, דענק איך, מורא האָבן מען זאָל דיך ניט אָפּ־שטעלן מיט אַן ענטפֿער, װען דו זאָגסט, אַז אַ מענטש איז גרעסער אָדער קלענער מיט אַ קאָפּ, צװערשט, אַז דער גרוי־סער איז גרעסער, און דער קלײנער איז קלענער מיט דער זעלביגער זאַך, און צװײטנס, אַז דער גרעסערער מענטש איז גרעסער מיט אַ קאָפּ, װאָס איז אַלײן קלײן, און אַז עס איז משונה'דיג, אַז אײנער איז גרויס דורך עטװאָס װאָס איז קלײן. װאָלסט דו ניט האָבן קײן מורא פֿאַר דעם?"

און קעבעס האָט געלאַכט און געזאָגט: „יאָ, איך װאָלט."

„דאַן," האָט ער פֿאָרטגעזעצט, „װעסט דו מורא האָבן צו זאָגן, אַז צען איז מער פֿון אַכט מיט צװײ, און אַז דאָס איז די אורזאַך פֿאַרװאָס עס איז מער. דו װעסט זאָגן, עס איז

מער אין צאָל, און צוליעב דער צאָל; און אַ צוויי־פוסיגע מאָס איז גרעסער פון אַן איינפוסיגע מאָס, ניט מיט אַ העלפט נאָר מיט גרויסקייט, וועסט דו ניט? ווארעם דו וועסט האָבן דיזעלביגע מורא.״

„געווים,״ האָט ער געזאָגט.

„גוט, דען, אויב איינס ווערט צוגעלייגט צו איינס, אָדער איינס ווערט צוטיילט, וועסט דו אויסמיידן צו זאָגן, אַז דער חיבור אָדער דער חילוק איז די סיבה פון צוויי? דו וועסט אויסשרייען אויפ׳ן קול, אַז דו ווייסט ניט קיין אַנדערן וועג ווי אַזוי וואָסער עס איז זאַך קען ווערן, אויסער דורך דעם, וואָס עס נעמט אַן אַנטייל אין דעם אייגענטימליכן תמצית פון יעדער זאַך אין וואָס עס האָט אַ חלק, און דערפאַר קענסט דו ניט אָננעמען קיין אַנדער סיבה פאַר דעם אַנטשטיין פון די צוויי אויסער דעם אַנטייל נעמען אין דער צווייקייט, און זאַכן וואָס דאַרפן זיין צוויי, מוזן האָבן אַ חלק אין דער צוויי־קייט, און אַלץ וואָס דאַרף ווערן איינס מוז האָבן אַ חלק אין דער איינקייט, און דו וועסט זיך ניט אומקוקן אויף דעם חיסור׳ן און חילוק׳ן, און אַנדערע אַזעלכע שפּיצלעך, איבער־לאָזנדיג פאַר קלוגערע קעפּ פון דיר דאָס צו דערקלערן. דו וועסט ניט געטרויען דיין אומדערפאַרנקייט, און דו וועסט זיך שרעקן, ווי מען זאָגט, פאַר דיין אייגענעם שאָטן, און דו וועסט זיך האַלטן פעסט אַן אונזער זיכערן פּרינציפּ, און וועסט ענטפערן ווי איך האָב געזאָגט, און אויב איינער וועט באַפאַלן דעם פּרינציפּ, וועסט דו זיך אויף אים ניט אומ־קוקן, און דו וועסט פריער ניט ענטפער׳ן, ביז דו וועסט ניט האָבן באַטראַכט די שלוסן צו זעהן אויב זיי שטימען איינס מיט דאָס אַנדערע אָדער ניט. און אויב דו וועסט דאַרפן אָבגעבן אַ דערקלערונג פון דעם פּרינציפּ, וועסט דו דאָס געבן אויף דעמזעלביגן אופן, אָננעמענדיג אַן אַנדערן פּרינציפּ, וואָס וועט דיר שיינען צו זיין דער בעסטער פון די העכערע פּרינציפּן, און אַזוי ווייטער, ביז דו וועסט דערגרייכן אַזאַ וואָס איז גענוגענד. דו וועסט ניט צעמישן די זאַכן, ווי די

סאָפיסטן טוען, וואָס אַט ריידן זיי פון דעם גרונד, און אַט פון דעם שלום, אויב דו ווינשט צו אַנטדעקן וואָס עס איז פון דער רעאַליטעט. וואָרעם יענע דענקען אפשר גאָר ניט, און זאָרגן זיך ניט אום מינדסטען וועגן די דאָזיגע זאַכן. זיי זענען אַזוי געשייט, אַז זיי האָבן ביד זיך אַליין צו געפעלן, אפילו ווען זיי מאַכן אָן אַ צעמישעניש. אויב אָבער דו ביזט אַ פילאָזאָף, דענק איך, אַז דו וועסט טאָן ווי איך זאָג."

„דאָס איז אמת," האָבן סיממיאַס און קעבעס געזאָגט, ביידע מיט אַמאָל.

עכעקראַטעס. ביי צעאוס, פעדאָן, זיי זענען געווען גע־רעכט. עס שיינט מיר, אַז ער האָט די זאַכן געמאַכט וואונדער־ליך קלאָר פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט נאָר אַ ביסל שכל.

פעדאָן. געוויס, עכעקראַטעס, און אַלע וואָס זענען דאָרט געווען האָבן אויך אַזוי געדענקט.

עכעקראַטעס. און אַזוי אויך מיר, וואָס זענען דאָרט ניט געווען, און וואָס הערן דאָס אַצינדער. אָבער וואָס איז ווייטער געזאָגט געוואָרן?

פעדאָן. ווי איך געדענק דאָס, נאָכדעם ווי מען האָט דאָס אַלץ צוגעגעבן, און זיי האָבן מסכים געווען, אַז יעדע פון די אַבסטראַקטע קוואַליטעטן עקזיסטירט, און אַז אַנדערע זאַכן, וואָס נעמען אַנטייל אין די דאָזיגע, באַקומען זייער נאָמען פון זיי, האָט סאָקראַטעס דאַן געפרעגט: „אַצינדער, ווען דו נעמסט דאָס אָן, מוזט דו דען ניט, ווען דו זאָגסט, אַז סיממיאַס איז גרעסער פון סאָקראַטעס און קלענער פון פעדאָן, זאָגן, אַז אין סיממיאַס זענען דאָ ביידע, גרויסקייט און קליינ־קייט?"

„יאָ."

„אָבער," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „דו ביזט מסכים אַז די באַהויפּטונג, אַז סיממיאַס איז גרעסער פון סאָקראַטעס'ן, איז ניט אמת וואָרט פאַר וואָרט, ווי עס איז אויסגעדריקט. וואָרעם סיממיאַס איז ניט גרעסער פון סאָקראַטעס'ן צוליעב דעם ווייל ער איז סיממיאַס, נאָר צוליעב דער גרויסקייט וואָס

ער האָט צופעליג; ער איז אויך ניט גרעסער פון סאָקראַטעס׳ן צוליעב דעם ווייל סאָקראַטעס איז סאָקראַטעס, נאָר צוליעב דעם ווייל סאָקראַטעס האָט קליינקייט לגבי זיין גרויסקייט.״

„אמת.״

„און, נאָך אַמאָל, ער איז ניט קלענער פון פעדאָן, ווייל פעדאָן איז פעדאָן, נאָר ווייל פעדאָן האָט גרויסקייט לגבי סיממיאס קליינקייט.״

„דאָס איז אמת.״

„דאַן ווערט סיממיאס אָנגערופן קליין און גרויס, ווען ער איז צווישן די צוויי, מיט דעם וואָס ער שטייגט אַריבער די קליינקייט פון איינעם מיט זיין גרויסקייט, און ער דערלויבט די גרויסקייט פון דעם אַנדערן אַריבערצושטייגן זיין קליינ־קייט.״ און ער האָט געלאַכט און געזאָגט: „איך זעה אויס צו ריידן ווי פון אַ פּראָטאָקאָל, אָבער עס איז אין אמת׳ן אַזוי ווי איך זאָג.״

סיממיאס האָט מסכים געווען.

„איך רייד אַזוי ווייל איך וויל דו זאָלסט מיט מיר מסכים זיין. איך דענק עס איז פון אויבן אויף, ניט נאָר אַז דאָס גרויסע קען קיינמאָל ניט זיין צוגלייך גרויס און אויך קליין, נאָר אַז דאָס גרויסע אין אונז וועט קיינמאָל ניט אויפנעמען דאָס קליינע, אָדער צו דערלויבן צו ווערן אַריבערגעשטיגן. איינס פון דיביידע מוז פּאַסירן: ענטוועדער עס אַנטלויפט און ציט זיך צוריק, ווען דער היפוך, קליינקייט, דערנעענטערט זיך דערצו, אָדער עס גייט אין גאַנצן אונטער, בעת די קליינ־קייט קומט אָן. אָבער עס וועט קיינמאָל ניט בלייבן, אָדער צולאָזן די קליינקייט, און אַזוי אַרום ווערן עפּעס אַנדערש ווי עס איז. און אַזוי, האָב איך אָנגענומען און צוגעלאָזן די קליינקייט, און איך בין נאָך אַלץ דערזעלביגער קליינער פּער־זאָן, וואָס איך בין געווען; אָבער די גרויסקייט, וואָס איז אין מיר, זייענדיג גרויסקייט, האָט ניט דערלאָזן צו ווערן קליין. אויף דעמזעלביגן אופן וועט דאָס קליינקייט אין אונז קיינמאָל ניט ווערן אָדער זיין גרויס, און קיין שום אַנדערער

היפוך, ווי לאַנג עס איז וואָס עס איז, וועט קיינמאָל ניט זיין אָדער ווערן זיין אייגענער היפוך, זאָנדערן, אָדער עס טרעט אָפּ, אָדער עס גייט אונטער אין דער פאַרענדערונג.״

„דאָס,״ האָט קעבעס געזאָגט, „זעהט מיר אויס צו זיין זעלבסט פאַרשטענדליך.״

דאַן האָט איינער פון די אנוועזענדע, איך קען זיך ניט מער דערמאָנען ווער דאָס איז געווען, געזאָגט: „ביי די געטער, איז ניט די דאָזיגע לערע פונקט דאָס פאַרקערטע פון דעם צו וועלכן מיר האָבן צוגעשטימט אין אונזער פריערדיגער דיסקוסיע, נעמליך, אַז פון דעם גרעסערן ווערט דאָס קלענערע, און דאָס קלענערע פון דעם גרעסערן, און אַז היפוכים ווערן באַשאַפן פון זייערע היפוכים? און אַצינד שיינט מיר, אַז מיר זאָגן, דאָס קען קיינמאָל ניט פּאַסירן.״

סאָקראַטעס האָט איינגעבויגן דעם קאָפּ אויף אַ זייט און האָט זיך צוגעהערט: „דו האָסט גערעדט ווי אַ מאַן,״ האָט ער געזאָגט, „אָבער דו באַמערקסט ניט דעם חילוק צווישן דעם איצטיגן און דעם פריער געזאָגטן. פריער האָבן מיר געזאָגט, אַז אין דעם פאַל פון קאָנקרעטע זאַכן ווערן היפוכים באַשאַפן פון היפוכים, איצט אָבער זאָגן מיר, אַז דער אַבּ־סטראַקטער באַגריף פון אַ היפוך קען קיינמאָל ניט ווערן זיין אייגענער היפוך, סיי אין אונז אָדער אין דער וועלט אַרום אונז. פריער האָבן מיר גערעדט וועגן זאַכן, וואָס האָבן אין זיך היפוכים, און וואָס ווערן גערופן נאָך זיי, אָבער אַצינדער, וועגן די סאַמע היפוכים, וואָס דורך זייער איינוואוינונג קריגן די זאַכן זייערע נעמען. און מיר זאָגן, אַז די לעצטע קענען קיינמאָל ניט דערלאָזן אַן איבערגאַנג פון איינע אין די אַנדערע.״

צו דעריזעלביגער צייט האָט ער געקוקט אויף קעבעס׳ן און געזאָגט: „האָט אויך דיך, קעבעס, אונזער פריינד׳ס איינווענדונג געמאַכט מטושטש?״

„ניין,״ האָט קעבעס געזאָגט, „ניט דאָס מאָל; הגם איך בין מודה, אַז איינווענדונגען מאַכן מיך אָפט מטושטש.״

„הכלל,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „מיר זענען אַלע איינשטימיג אין דעם, אַז אַ היפוך קען קיינמאָל ניט ווערן זיין אייגענער היפוך.“

„לכל הדעות,“ האָט קעבעס געזאָגט.

„אצינד,“ האָט ער געזאָגט, „זעה אויב דו וועסט אויך מיט מיר איינשטימען אין דעם: איז דאָ אַ זאַך וואָס דו רופסט היץ, און אַ זאַך וואָס דו רופסט קעלט?“

„יאָ.“

„זענען זיי דאָסזעלביגע וואָס שניי און פייער?“

„ניין, לחלוטין ניט.“

„נאָר היץ איז אַ גאַנץ אַנדער זאַך איידער פייער, און קעלט איז אַנדערש ווי שניי.“

„יאָ.“

„אָבער דאָס, דענק איך, גלויבסט דו דאָך, אַז דער שניי (צו באַנוצן אַ פראַזע וואָס מיר האָבן פריער געברויכט), אויב עס דערלאָזט צו זיך היץ, וועט עס מער ניט זיין, וואָס עס איז געווען, נעמליך שניי און אויך וואַרם, נאָר עס וועט ענטוועדער אָבטרעטן, ווען די היץ רוקט זיך אָן, אָדער עס וועט אויפהערן צו עקזיסטירן.“

„געוויס.“

„און אַזוי אויך דאָס פייער, ווען קעלט קומט אָן, וועט עס ענטוועדער אָבטרעטן, אָדער עס וועט אונטערגיין. עס וועט קיינמאָל ניט אויספירן צוצולאָזן די קעלט און בלייבן פייער, ווי עס איז געווען פריער, און אויך קעלט.“

„דאָס איז אמת,“ האָט ער געזאָגט.

„עס איז אַ פאַקט,“ האָט ער געזאָגט, „אין מאַנכע אַזעלכע פאַלן, אַז ניט נאָר האָט די אַבסטראַקטע אידעע אַליין דאָס רעכט זיך צו רופן מיט דעמזעלבן נאָמען פאַר אַלע צייטן, נאָר אויך עפּעס אַנדערש, וואָס הגם עס איז ניט די אידעע, אָבער וואָס עס טראָגט אַלעמאָל דאָס געשטאַלט פון דער אידעע, ווי לאַנג עס עקזיסטירט. אָבער אפשר וועט ווערן קלערער וואָס איך מיין פון עטליכע ביישפּילן. דער אום

נומער מוז דאָך אַלעמאָל טראָגן דעם נאָמען אום. איז דאָס ניט אַזוי?"

„געוויס."

„אָבער איז דאָס די איינציגע זאַך וואָס ווערט אַזוי גע־רופן (און דאָס איז וואָס איך פרעג), אָדער צי איז נאָך דאָ עטוואָס אַנדערש, וואָס איז ניט דער אום אַליין, וואָס האָט פונדעסטוועגן דאָס רעכט צו דעם נאָמען, אַלס צולאָג צו דעם אייגענעם נאָמען, ווייל עס איז אַזוי באַשאַפן, אַז עס איז קיינמאָל ניט אָפּגעטיילט פון דעם אום? איך מיין, למשל, דעם נומער דריי, און עס זענען דאָ אַ סך אַנדערע אַזעלכע ביישפּילן. נעם דעם פאַל דריי. דענקסט דו ניט, אַז מען קען דאָס אַלעמאָל רופן ביי דעם אייגענעם נאָמען, און מען קען דאָס אויך רופן אום, וואָס איז ניט דאָסזעלביגע וואָס דריי? און דאָך איז דער נומער דריי, און דער נומער פינף, און איבערהויפּט אַ העלפט פון אַלע צאָלן, זענען אַזוי באַשאַפן, אַז יעדער פון זיי איז אַן אום, כאָטש זיי זענען ניט דאָסזעלביגע וואָס די אידעע פון אום איז. אויף דעמזעלביגן אופן, זענען צוויי און פיר, און די גאַנצע אַנדערע רייע פון צאָלן, גראַדן, יעדער איינער פון זיי, הגם זיי זענען ניט אידענטיש מיט גראַדקייט. ביזט דו מסכים מיט דעם אָדער ניט?"

„אַוודאי," האָט ער געזאָגט.

„באַמערק, אָקאָרשט, וואָס איך וויל מיט דעם קלאָר מאַכן. מיין פּונקט איז, אַז ניט נאָר שליסן די אַבסטראַקטע היפּוכים אויס איינס דאָס אַנדערע, נאָר אויך אַלע זאַכן, וועלכע, הגם זי זענען אין אמת'ן ניט קיין היפּוכים איינס פון דאָס אַנדערע, אַנטהאַלטן דאָך אין זיך היפּוכים, אויך די דאָזיגע זאַכן שליסן אויס די אידעע, וואָס איז דער היפּוך פון דער אידעע וואָס שטעקט אין זיי, און ווען זי קומט אָן, איז ענטוועדער זיי ווערן פאַרניכטעט, אָדער זיי טרעטן אָפּ. מיר מוזן דאָך זיכער מסכים זיין, אַז דער נומער דריי וועט זיך גיכער לאָזן פאַרניכטן, און אַלץ אַנדערע גיכער אַריבער־טראָגן איידער זיך אונטערצוגעבן צו ווערן אַ גראַד, און צו

בלייבן דריי אין דערזעלביגער צייט. מוזן מיר ניט?"
„געוויס," האָט קעבעס געזאָגט.
„און דער נומער צוויי איז ניט דער היפוך פון דעם נו־מער דריי."
„ניין."
„אלזאָ, ניט נאָר די אַנטקעגנגעזעצטע אידעען לאָזן ניט צו איינס דאָס אַנדערע, ווען זיי קומען צו נאָענט, נאָר אויך געוויסע אַנדערע זאַכן דערלאָזן ניט דעם צוטריט פון היפוכים."
„זייער אמת," האָט ער געזאָגט.
„זאָלן מיר, בכן," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „באַשטימען, אויב מיר קענען, וואָס די דאָזיגע זענען?"
„געוויס."
„וועלן דאָס ניט זיין די דאָזיגע, קעבעס, וועלכע צווינגען אַלעמאָל די זאַך וואָס זיי נעמען אין זייער באַזיץ, ניט נאָר זיך פעסט צו האַלטן אַן איר אייגענער אידעע, נאָר אויך קיינמאָל ניט צוצולאָזן איר היפוך?"
„וואָס מיינסט דו?"
„דאָס וואָס מיר האָבן נאָר וואָס געזאָגט. דו ווייסט דאָך, אַז די דאָזיגע זאַכן אין וועלכע דער נומער דריי איז אַ נוי־טיגער עלעמענט, מוזן ניט נאָר זיין דריי, נאָר אויך אַ אום."
„געוויס."
„אַזאַ זאַך קען קיינמאָל ניט דערלאָזן די אידעע, וואָס איז דער היפוך פון דעם באַגריף וואָס האָט געבראַכט דעם דאָזיגן רעזולטאַט?"
„ניין, עס קען ניט."
„און דער רעזולטאַט איז אַרויסגעקומען פון דעם באַגריף אום?"
„און דער היפוך פון דעם איז די אידעע פון גראַד?"
„יאָ."
„בכן, די גראַד אידעע וועט קיינמאָל ניט צוגעלאָזן ווערן פון דעם נומער דריי?"
„ניין."

„די דריי, בכן, האָט קיין שום חלק ניט אין דעם גראד?“
„ניין, קיין שום חלק.“
„דער נומער דריי, בכן, איז אַן אום.“
„יאָ.“

„אצינד, וויל איך באַשטימען, וואָסערע זאַכן זענען דאָס וואָס ניט זייענדיג דער היפוך פון אַ זאַך, ווילן עס דאָך ניט אָננעמען, ווי דער נומער דריי וואָס איז ניט דער היפוך פון דער גראַד אידעע, וויל פונדעסטוועגן דאָס ניט צולאָזן, נאָר ברענגט אַלעמאָל מיט זיך דעם היפוך פון דעם, און אַזוי ווי דער נומער צוויי ברענגט מיט זיך דעם היפוך פון אום, און דאָס פייער דעם היפוך פון קעלט, און אַזוי ווייטער, אַן אַ שיעור ביישפּילן. אצינד זעה צי דו נעמסט אָן די דאָזיגע באַהויפּטונג: ניט נאָר ווען היפוכים ניט צולאָזן זייערע היפוכים, נאָר אַז יעדע זאַך, וואָס ברענגט אַ היפוך צו דעם וואָס עס דערנענטערט זיך, וועט קיינמאָל פון זיך אַליין ניט צולאָזן די היפוכ'דיגקייט פון דעם וואָס עס ברענגט. און לאָמיך דיך דאָ דערמאָנען; וואָרעם עס שאַט ניט איבערצו־חזר'ן. דער נומער פינף וועט ניט צולאָזן די אידעע פון גראַד, אַזוי וועט אויך דער נומער צען, דאָס טאָפּלטע פון פינף, ניט צולאָזן די אידעע פון אום. דער צען, אַליין אַ היפוך, וועט פונדעסטוועגן ניט צולאָזן די אידעע פון אום. אַזוי וועט אויך דאָס אַנדערטהאַלבע און יעדע אַנדערע ציפער מיט אַ האַלבס און אַ דריטל, פאַרשטויסן די אידעע פון דעם גאַנצן. פאָלגסט דו מיר נאָך און ביזט מסכים?“

„יאָ, איך בין לחלוטין מסכים,“ האָט ער געזאָגט, „און איך בין מיט דיר.“

„דאַן,“ האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „זיי אַזוי גוט און הויב אָן נאָך אַמאָל פון אָנהויב. און ענטפער ניט מיינע שאלות מיט דיזעלביגע ווערטער, נאָר טו ווי איך טו. איך גיב אַן ענטפער וואָס גייט ווייטער פון דעם זיכערן ענטפער פון וואָס איך האָב פריער גערעט, אצינדער אַז איך זעה אַן אַנדער זיכערן ענטפער, וואָס קען געצויגען ווערן פון דעם נאָר וואָס

געזאָגט. אויב דו פרעגסט מיך, וואָס איז פאַרהאַנדן אין אַ זאַך וואָס איז וואָרם, וועל איך דיר ניט געבן דעם זיכערן אָבער נאַרישן ענטפער און זאָגן, אַז דאָס איז היץ, נאָר איך קען דיר איצט געבן אַ פיינערן ענטפער, אַז עס איז פייער. און אויב דו פרעגסט, וואָס איז פאַרהאַנדן אין דעם גוף און מאַכט ער זאָל זיין קראַנק, וועל איך ניט זאָגן קראַנקהייט, נאָר פיבער; און ווען דו פרעגסט מיך, וואָס איז פאַרהאַנדן אין דעם נומער וואָס מאַכט אים ער זאָל זיין אַן אום, וועל איך ניט זאָגן אומגעס, נאָר דער נומער איינס און אַזוי ווייטער. פאַרשטייסט דו גענוג וואָס איך מיין?"

„גאַנץ געניג," האָט ער געענטפערט.

„אַצינד ענטפער," האָט ער געזאָגט.

„וואָס איז פאַרהאַנדן אין אַ גוף וואָס מאַכט אים לעבן?"

„די נשמה," האָט ער געזאָגט.

„איז דאָס אַלעמאָל דער פאַל?"

„יאָ," האָט ער געזאָגט, „אַודאי."

„אַלזאָ, אַלץ וואָס די נשמה נעמט אַריין אין איר רשות, צו דעם ברענגט זי אַלעמאָל לעבן?"

„געוויס," האָט ער געזאָגט.

„איז דאָ עפּעס, וואָס איז דער היפּוך פון לעבן?"

„יאָ," האָט ער געזאָגט.

„וואָס?"

„דער טויט."

„לכן, וועט די נשמה, ווי מיר האָבן פריער מסכים געווען, קיינמאָל ניט צולאָזן דעם היפוך פון דעם וואָס זי ברענגט מיט זיך."

„לחלוטין ניט," האָט קעבעס געזאָגט.

„אַצינדער, ווי רופן מיר דאָס, וואָס לאָזט ניט צו די אידעע פון גראַד?"

„אומגראַד," האָט ער געזאָגט.

„און די דאָזיגע וואָס לאָזן ניט צו גערעכטיגקייט, און מוזיק?"

„אומרעכט,“ האָט ער געזאָגט, „און אוממוזיקאַליש.“

„און ווי רופן מיר דאָס, וואָס לאָזט ניט צו טויט?“

„אומטויטקייט אָדער אומשטערבליכקייט,“ האָט ער געזאָגט.

„און די נשמה לאָזט ניט צו דעם טויט?“

„ניין.“

„די נשמה בכן, איז אומשטערבליך.“

„יאָ.“

„זייער גוט,“ האָט ער געזאָגט. „זאָלן מיר איצט זאָגן, אַז דאָס איז דערוויזן?“

„יאָ, און גאַנץ פולשטענדיג, סאָקראַטעס.“

„זייער גוט, דען, קעבעס,“ האָט ער געזאָגט, „אויב דער אום איז נויטוועדיג אומפאַרגענגליך, וועט ניט אויך דער נומער דריי זיין אומפאַרגענגליך?“

„אוודאי.“

„און אויב דאָס, וואָס האָט ניט קיין היץ וואָלט אויך געווען אומפאַרגענגליך, וואָלט ניט שניי אַוועק גאַנץ, און ניט צושמאָלצן, יעדעס מאָל ווען היץ וואָלט געקומען אין באַריִרונג מיט שניי? ווארעם עס קען דאָך ניט צוגיין און עס קען אויך ניט בלייבן און צולאָזן די היץ?“

„דאָס איז זייער אמת,“ האָט ער געענטפערט.

„אויף דעמזעלבן אופן, דענק איך, אויב דאָס וואָס האָט ניט קיין קעלט וואָלט געווען אומפאַרגענגליך, וואָלט דאָס פייער, ווען עטוואס וואָס איז קאַלט רוקט זיך צו דערצו, קיינמאָל ניט געווען אויסגעגאַנגען אָדער פאַרלאָשן געוואָרן, נאָר וואָלט זיך אָבגערוקט אומבאַשעדיגט.“

„נויטוועדיג,“ האָט ער געזאָגט.

„און מוז מען ניט זאָגן דאָסזעלביגע וועגן דעם אומשטערבליכן? אויב דאָס אומשטערבליכע איז אויך אומפאַרגענגליך, קען די נשמה ניט אומקומען, ווען דער טויט קומט איר אָנטקעגן. ווארעם, ווי מיר האָבן פריער באַוויזן, וועט זי ניט צולאָזן דעם טויט, און וועט ניט זיין טויט, פונקט ווי

דער נומער דריי, ווי מיר האָבן געזאָגט, וועט ניט זיין קיין גראד, און דער אום וועט ניט זיין קיין גראד, און ווי פייער און די היץ אין דעם פייער וועט ניט זיין קאַלט. אָבער, קען איינער קומען און זאָגן, פאַרוואָס איז ניט מעגליך, אַז דער אומגראד קען טאַקע ניט ווערן קיין גראד, ווען דער גראד קומט אָן, ווי מיר האָבן מסכים געווען, אָבער ער זאָל אומקומען, און דער גראד זאָל פאַרנעמען זיין אָרט? ווער עס מאַכט די דאָזיגע איינווענדונג, דעם קענען מיר ניט פאַרשליסן דאָס מויל מיט דעם, אַז עס גייט ניט אונטער, וואָרעם דער אומגראד איז ניט אומפאַרגענגליך. ווען מען וואָלט דאָס מודה געווען, וואָלטן מיר אים לייכט געקענט דאָס מויל פאַרשליסן מיט דעם, וואָס מיר וואָלטן זאָגן, אַז ווען דער גראד רוקט זיך אָן, גייט דער אומגראד און דער נומער דריי אַוועק; און דעמזעלביגן ענטפער וואָלטן מיר געגעבן וועגן פייער און היץ און די איבריגע זאַכן. איז דאָס ניט אַזוי?"

„געוויס."

„און אַזוי אויך איז דער פאַל מיט דעם אומשטערבליכן. אויב מען איז מודה, אַז דאָס אומשטערבליכע איז אויך אומפאַרגענגליך, וואָלט די נשמה געווען אומפאַרגענגליך און אויך אומשטערבליך, אויב אָבער ניט, איז נויטיג אַן אַנדער באַוויַיז."

„אָבער," האָט ער געזאָגט, „עס איז ניט נויטיג, וואָס איז שייך דעם; וואָרעם קיין שום זאַך וואָלט זיכער זיך ניט געקענט אויסהיטן פון צושטערונג, אויב דאָס אומשטערבליכע, וואָס דויערט אייביג, איז עלול אונטערצוגיין."

„אַלע, דענק איך," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „וועלן מסכים זיין, אַז גאָט און דער עצם פון לעבן און אַלץ אַנדערע וואָס איז אומשטערבליך, קען קיינמאָל ניט אונטערגיין."

„געוויס וועלן אַלע מענטשן," האָט ער געזאָגט, „און נאָך מער, איך שטעל זיך פאָר, די געטער."

„ווען, אַלזאָ, דאָס אומשטערבליכע איז אויך דאָס אומצושטערבאַרע, וועט דען ניט די נשמה, אויב זי איז אומשטערב-

ליך, אויך זיין אומפאַרגענגליך?"

„גאַנץ נויטווענדיג."

„בכן, ווען דער טויט באַפאַלט אַ מענטשן, שטאַרבט, ווי עס שיינט, זיין שטערבליכער חלק; דער אומשטערבלי־כער חלק אָבער גייט אַוועק אומבאַשעדיגט און ניט צו־שטערט, און גייט דעם טויט אויס דעם וועג."

„אַזוי זעהט'ס אויס."

„בכן, קעבעס," האָט ער געזאָגט, „עס איז גאַנץ זיכער, אַז די נשמה איז אומשטערבליך, און אומפאַרגענגליך, און אונזערע נשמות וועלן עקזיסטירן ערגעצוואו אויף יענער וועלט."

„איך," האָט קעבעס געזאָגט, „האָב ניט מער וואָס איינ־צואווענדן קעגן דעם, און איך קען ניט צווייפלען דיינע שלוסן. אָבער, אויב סיממיאַס, אָדער ווער עס איז, האָט וואָס צו זאָגן, וועט ער טאָן גלייך דאָס ניט צו פאַרשווייגן, וואָרעם איך ווייס ניט אויף וואָסער בעסערע געלעגנהייט אַלס די איצטיגע ער וואָלט דאָס געקענט אָבלייגן, אויב ער וויל זאָגן אָדער הערן עטוואָס וועגן די דאָזיגע ענינים."

„אויך איך," האָט סיממיאַס געזאָגט, „קען ניט איינזעהן ווי אַזוי איך קען צווייפלען אין דעם רעזולטאַט פון דער דיס־קוסיע, אָבער דאַן צוליעב דער גרויסקייט פון דעם ענין, און ווען איך דענק וועגן די מענטשליכע שוואַכקייטן קען איך זיך ניט העלפן צו האָבן אַ שטיקל ספק אין מיינע געדאַנקען וועגן דעם וואָס איז געזאָגט געוואָרן."

„ניט נאָר דאָס, סיממיאַס," האָט סאָקראַטעס געזאָגט, „נאָר אונזער ערשטע פאָראויסזעצונגען מוזן ווערן באַטראַכט זייער פאָרזיכטיג, אַפילו ווען זיי זעהען אייך אויס צו זיין זיכער. און אויב איר האָט זיי פולשטענדיג אַנאַליזירט, וועט איר, דענק איך, נאָכפאָלגן און מסכים זיין מיט דעם אַרגו־מענט, אויף אַזוי פיל אויף וויפיל עס איז נאָר מעגליך פאַר אַ מענטשן צו טאָן. און ווען דאָס איז אייך גאַנץ קלאָר, וועט איר ווייטער ניט זוכן."

„דאָס איז אמת," האָט ער געזאָגט.

„אָבער מיינע פריינד," האָט ער געזאָגט, „מיר מוזן האַל־טען אין זין, אַז, אויב די נשמה איז אומשטערבליך, מוזן מיר פאַר איר זאָרגן, ניט נאָר פאַר דעם שטיקל צייט, וואָס מיר רופן לעבן, נאָר פאַר אַלע צייטן, און די סכנה צייגט זיך ערשט איצט אַרויס שרעקליך, ווען מען פאַרנאַכלעסיגט זי. וואָרעם אויב דער טויט וואָלט זיין אַן אַנטרינען פון אַלעם און אַלץ, וואָלט דאָס געווען אַ גרויסע מציאה פאַר די רשעים, וואָרעם ווען זיי שטאַרבן, וואָלטן זיי באַפרייט געוואָרן פון דעם גוף, און פון זייער רשעות צוזאַמען מיט זייערע נשמות. אָבער אַצינד, זינט די נשמה האָט זיך אַרויסגעצייגט צו זיין אומשטערבליך, קען זי ניט אַנטרינען פון שלעכטקייט, אָדער קריגן איר רעטונג אויף קיין אַנדערן וועג, אויסער צו זיין אַזוי גוט און אַזוי פאַרנינפטיג ווי נאָר מעגליך. וואָרעם די נשמה נעמט מיט זיך אויף יענער וועלט קיין אַנדער זאַך אחוץ איר בילדונג און איר נאַרונג, און דאָס איז, ווי מען זאָגט, צום גרויסן נוצן אָדער שאַדן פון געשטאָרבענעם ביים סאַמע אָנפאַנג פון זיין וואַנדערונג דאָרט אַהין. און מען זאָגט, אַז נאָכ'ן טויט קומט צו יעדן מענטש זיין מלאך, וואָס האָט אים באַגלייט זיין גאַנצן לעבן, און ער פירט אים צו דעם אָרט, וואו עס ווערן צוזאַמענגעקליבן די טויטע; נאָכדעם ווערן זיי גע'משפט, און זיי גייען אַוועק אויף יענער וועלט מיט דעם פירער, וואָס זיין עובדה איז אַהין צו פירן די דאָזיגע וואָס קומען פון דער וועלט, און ווען זיי האָבן דאָרט דערהאַלטן זייער חלק, וואָס איז זיי געקומען, און זענען דאָרט אויסגעווען זייער סראָק, ברענגט זיי אַן אַנדער פירער צוריק, נאָך זייער און זייער לאַנגע צייט פעריאָדן. און דער וועג איז ניט ווי טעלעפאָס באַשרייבט אים אין עסכילאָס' דראַמאַ; וואָרעם ער זאָגט, אַז אַן איינפאַכער וועג פירט צו דער אונ־טערשטער וועלט, און איך דענק, אַז דער וועג איז ניט איי־נער און ניט איינפאַך, וואָרעם דעמאָלט וואָלט מען ניט באַ־דאַרפט קיין פירער, וואָרעם קיינער וואָלט ניט פאַרלוירן דעם

וועג צו וואַסער עס איז אָרט, ווען עס וואָלט נאָר זיין איין שטעג. אין אמת'ן שיינט צו זיין אַ סך שיידונגען און קריי־צונגען. דאָס נעם איך פון די הייליגע מנהגים און צערע־מאָניעס, וואָס זענען איינגעפירט דאָ ביי אונז. די רעגלמע־סיגע און פאַרנינפטיגע נשמה פאָלגט נאָך איר פירער, און קען זיך אויף דער לאַגע; די נשמה אָבער, וואָס גלוסט דעם גוף, ווי איך האָב פריער געזאָגט, טרייבט זיך אַרום דעם, און אין דער זיכטבאַרער וועלט, אַ לאַנגע צייט, און נאָך פיל ווידערשטאַנד און אַ סך ליידן ווערט זי מיט מי און גוואַלט אַבגעפירט פון איר באַשטימטן מלאך. און ווען זי קומט אָן אויף דעם אָרט, וואו די אַנדערע נשמות זענען, ווערט די נשמה וואָס איז אומריין, און איז באַגאַנגען שלעכטע מעשים, ווי אומגערעכטן מאָרד, אָדער אַנדערע זאַכן ענליך צו דעם, און וואָס זענען די מעשים פון פאַרוואַנדטע נשמות, ווערן אויס־געמידן פון אַלע, און פון איר קערן זיך אַלע אָב, און קיינער וויל ניט זיין איר באַגלייטער אָדער פירער, און זי וואַנדערט אַרום אַליין אין פולשטענדיגער הילפלאָזיגקייט, ביז עס לויפט אָב אַ באַשטימטע צייט, נאָך וועלכער צייט די נויטווענדיג־קייט טראָגט זי אַוועק צו איר פּאַסיגן וואוינונגס אָרט. די נשמה אָבער, וואָס האָט פאַרבראַכט איר לעבן אין ריינקייט און געמעסיגטקייט, געפינט די געטער פאַר אירע חברים און פירער, און זי באַוואוינט איר פּאַסיגן וואוינונגס־אָרט. און אויף דער ערד זענען דאָ פילע וואונדערליכע ערטער, און די ערד אַליין איז ניט, סיי אין גרויס, סיי אין געשטאַלט, אַזוי ווי עס גלויבן די וואָס דיסקוטירן כסדר וועגן איר, ווי איך האָב געהערט פון איינעם, וואָס מען קען גלויבן."

און סיממיאַס האָט געזאָגט: „וואָס מיינסט דו, סאָקראַ־טעס? איך האָב אַליין אויך געהערט אַ שיין ביסל וועגן דער ערד, אָבער ניט דאָס וואָס דו גלויבסט. דערום וואָלט איך דאָס וועלן הערן."

„נו, סיממיאַס, איך דענק ניט, אַז איך דאַרף באַזיצן די קונסט פון גלאַוקוס צו דערציילן וואָס עס איז. נאָר צו באַ־

ווייזן, אַז דאָס איז אמת וואָלט, דענק איך, געווען פיל שווערער פון דער קונסט פון גלאוקוס, און איך וואָלט אפשר גאָר ניט געווען אומשטאַנד דאָס צו טאָן. אַ חוץ, ווען איך וואָלט אַפילו געהאַט די געשיקטקייט, דענק איך, סיממיאַס, אַז מיין לעבן וועט ניט זיין לאַנג גענוג פאַר דער לענג פון דער דיסקוסיע. דאָך שטערט מיר ניט קיין זאַך צו באַשרייבן וואָס עס איז, וואָס איך גלויב, די געשטאַלט פון דער ערד, און אירע פאַרשידענע ערטער."

„גוט," האָט סיממיאַס געזאָגט, „דאָס וועט זיין גענוג."

„איך בין איבערצייגט," האָט ער געזאָגט, „קודם כל, אַז אויב די ערד איז רונד און אין דער מיט פון הימל, דאַרף זי ניט קיין לופט, אָדער וואָס עס איז אַנדער ענליכע קראַפט וואָס זאָל זי אָבהאַלטן פון פאַלן, נאָר איר אייגענע גלייכגעוויכט, און די אַלזייטיגע גלייכקייט פון דעם הימל זענען גענוג זי צו האַלטן אויף איר פּלאַץ. וואָרעם אַ קערפּער וואָס האָט גלייכגעוויכט, און איז אַריינגעזעצט אין דער מיט פון עטוואס, וואָס האָט אַן אַלזייטיגע גלייכקייט, קען ניט ענדערן זיין נייגונג אין קיין ריכטונג, נאָר וועט אַלעמאָל בלייבן אין דערזעלבער פּאָזיציע. דאָס איז די ערשטע זאַך וואָס איך בין איבערצייגט דערין."

„און מיט רעכט," האָט סיממיאַס געזאָגט.

„צווייטנס," האָט ער געזאָגט, „איך גלויב, אַז די ערד איז זייער גרויס, און אַז מיר וואָס מיר וואוינען צווישן די זיילן פון הערקולעס און דעם טייך פּהאסיס, וואוינען אין זייער אַ קליינעם טייל דערפון אַרום דעם ים, ווי מוראַשקעס אָדער זשאַבעס אַרום אַ זומפּ. און אַז פילע אַנדערע וואוינען אין פילע אַנדערע אַזעלכע געגענדן. וואָרעם איך גלויב, אַז אומעטום אויף דער ערד זענען פאַראַן אויסהוילונגען פון פאַרשידענע געשטאַלטן און גרויסן, וואו עס האָט זיך אָנגעלאָפן וואַסער און נעפּל און לופט; די ערד אַליין אָבער איז ריין און ליגט אין דעם ריינעם הימל, אין וועלכן עס זענען אויך דאָ די שטערן, דער הימל, וואָס די דאָזיגע וואָס ריידן וועגן

די דאָזיגע ענינים רופן אַן עטהער; דאָס וואַסער, דער נעפּל און די לופט זענען דער אָבזאַץ פון דעם און זיי פליסן צוזאַמען אין די אויסהוילונגען אַריין פון דער ערד. מיר באַמערקן גאָר ניט, אַז מיר וואוינען אין די אויסהוילונגען, און מיר דענקען, אַז מיר לעבן אויף דער אויבערשטער אוי-בערפלאַך פון דער ערד, פונקט ווי ווען איינער וואָס וואוינט אין די טיפענישן פון ים זאָל מיינען, אַז ער לעבט אויף דער אויבערפלאַך פון דעם ים, און זעהענדיג די זון און די שטערן דורך דעם וואַסער, זאָל ער מיינען, אַז דער ים איז דער הימל, און זאָל, צוליעב פוילקייט אָדער שוואַכקייט, קיינמאָל ניט האָבען דערגרייכט די אויבערפלאַך פון דעם ים, און זאָל קיינמאָל ניט האָבן זיך אויסגעצויגן און אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַרויסצוקוקן פון דעם ים אין דער אויבערשטער וועלט אַריין, און זאָל קיינמאָל ניט האָבן געהערט פון קיינעם, וואָס האָט געזעהן, אויף וויפיל ריינער און שענער עס איז פון דער וועלט אין וועלכער ער לעבט. און איך גלויב, אַז דאָס איז פונקט דער פאַל מיט אונז. וואָרעם מיר לעבן אין אַן אויסהוילונג פון דער ערד, און מיר דענקען, אַז מיר וואוינען אויף דער אויבערשטער אויבערפלאַך; און די לופט רופן מיר הימל, און מיר דענקען, אַז דאָס איז דער הימל, וואָס אין אים וואַנדלען זיך די שטערן. און דער פאַקט איז דערזעל-ביגער, אַז צוליעב אונזער שוואַכקייט און פוילקייט זענען מיר ניט אומשטאַנד צוצוקומען צו דער אויבערשטער אויבער-פלאַך פון דער לופט; וואָרעם אויב ווער עס איז זאָל קומען צו דעם שפּיץ פון דער לופט, אָדער ער זאָל קריגן פליגל און אַרויפפליען, וואָלט ער געקענט אויפהויבן דעם קאָפּ אַריבער דעם און זעהן, ווי פיש הייבן אויף זייערע קעפּ פון דעם וואַ-סער, און זעהען די זאַכן אין אונזער וועלט, אַזוי וואָלט ער געזעהן זאַכן אין יענער אויבערשטער וועלט; און אויב ער וואָלט פון נאַטור געווען שטאַרק גענוג צו קענען אויסהאַלטן דעם אָנבליק, וואָלט ער דערקענט, אַז יענעס איז דער ריכ-טיגער הימל, דאָס ריכטיגע ליכט, און די ריכטיגע ערד.

וואָרעם די ערד אונזערע, און די שטיינער, און דער גאַנצער געגענד וואו מיר לעבן, זענען פאַרדאָרבן און צופרעסן, ווי אין דעם ים זענען די זאַכן צופרעסן פון דעם זאַלץ, און קיין זאַך פון ווערט וואַקסט ניט אין דעם ים, און דאָרט איז, מען קען זאָגן, קיין זאַך ניט פולקאָמען, נאָר שפּאַלטן אין זאַמד און אומענדליכע בלאָטעס און זומפּן, וואו עס איז אויך דאָ ערד, אָבער קיין זאַך ניט, וואָס איז ווערט עס זאָל פאַרגליכן ווערן מיט די שיינע זאַכן פון אונזער וועלט. אָבער די זאַכן אין יענער וועלט אויבן, וועלן זיך צייגן פיל, פיל אַריבערצו־שטייגן יענע וואָס זענען דאָ אין אונזער וועלט. און אויב איך מעג דערציילן אַ מעשה, סיממיאַס, וועגן די זאַכן אויף דער ערד, וואָס איז אונטער דעם הימל, און ווי זיי זעהען אויס, איז דאָס ווערט צו הערן."

„אוודאי און אוודאי, סאָקראַטעס," האָט סיממיאַס גע־זאָגט, „מיר וועלן גערן הערן דיין דערציילונג."

„זייער גוט, מיין פריינד," האָט ער געזאָגט, „קודם כל, די ערד, ווען מען קוקט אויף איר פון אויבן אַראָב, זעהט אויס, זאָגט מען, ווי פּילקעס וואָס זענען אַרומגעדעקט מיט צוועלף שטיקלעך לעדער; זי איז איינגעטיילט אין בונטע פאַרבן, פון וועלכע די פאַרבן וואָס מיר זעהען דאָ זענען פּרובן, אָט די וואָס די מאָלער געברויכן. אָבער דאָרט איז די גאַנצע ערד פון אַזעלכע פאַרבן, און זיי זענען אַ סך מער בלישצענדיג און ריינער פון אונזערע, וואָרעם איין טייל איז פּורפּור און וואונדערליך שיין, אַן אַנדערער איז גאָלד־פאַרביג, און אַן אַנדערער איז ווייס, ווייסער פון אַלאַבאַסטער אָדער שניי, און אַזוי באַשטייט זי אויך פון אַנדערע פאַרבן, און זיי זענען מער אין צאָל, און אַ סך שענער איידער די וואָס מיר זעהען דאָ. וואָרעם אָט די סאַמע אויסהוילונגען פון דער ערד, וואָס זענען אָנגעפילט מיט וואַסער און לופט, שטעלן פאָר אַ דערשיינונג פון פאַרבן ווי זיי בלישטשען צווישן אַ פאַר־שידנאַרטיגקייט פון אַנדערע קאָלירן, אַזוי אַז דאָס גאַנצע פּראָדוצירט איין אָנהאַלטענדן עפעקט פון פאַרשידנאַרטיגקייט.

און אין דער דאָזיגער שיינער ערד, זענען די זאַכן וואָס וואַקסן, די ביימער און די בלומען און די פרוכטן, אַנטשפּרע־כענד שיין, און אַזוי אויך די געבערג און די שטיינער זענען גלאַטיגער און דורכזיכטיגער. אָט די אַלע איידל־שטיינער אונזערע, ווי קאַרנעאָל, יאַשמע, שמוראַקן און אַנדערע איידל־שטיינער זענען נאָר שטיקער פון יענע דאָרט, אָבער דאָרט איז יעדע זאַך ניט נאָר ווי די דאָזיגע, נאָר אַ סך שענער. די אורזאַך איז וואָס דאָרט זענען די שטיינער ריין, און ניט צו־זשאַווערט אָדער צופרעסן, ווי אונזערע זענען מיט קויט און שאַרפע זאַכן, פון פייכטקייט און פליסיגקייט, וואָס פליסן דאָ צוזאַמען, און פאַראורזאַכן מיאוס'קייטן און קראַנקהייטן פאַר דער ערד, און די שטיינער, און די חיות, און די פלאַנצן. און די ערד דאָרט איז באַצירט מיט אַלע די צירונג, און אויך מיט גאָלד און זילבער און ענליכע זאַכן. וואָרעם דאָרט וואַל־גערן זיי זיך אַרום, אָן אַ שיעור און גרויס, און אומעטום, אַזוי אַז געבענשט זענען די וואָס קוקן דאָרט אָן די ערד. און עס זענען דאָרט דאָ פילערליי חיות, און אויך מענטשן; אַ טייל וואוינען אינדערמיט לאַנד, אַנדערע אויף די ברעגעס פון דער לופט, אַזוי ווי מיר וואוינען אַרום דעם ים, און אַנ־דערע ווידער אויף אינזלען, וואו די לופט פליט אַרום, נאָענט פון דעם פעסט־לאַנד; און בקיצור, וואָס וואַסער און ים איז אין אונזער לעבן, דאָס איז לופט אין זייערס, און וואָס לופט איז פאַר אונז, דאָס איז עטהער פאַר זיי. און די יאָר־סעזאָנען זענען אַזוי מילד, אַז די מענטשן דאָרט ווייסן ניט פון קיין קראַנקהייט, און זיי לעבן לענגער פון אונז. און אין זעהן, און הערן, און חכמה, און אין אַלע אַזעלכע זאַכן זענען זיי אַזוי פיל העכער פון אונז ווי לופט איז ריינער פון וואַ־סער, אָדער דער עטהער פון לופט. און זיי האָבן הייליגע ביימער און טעמפּלען פאַר די געטער, וואָס אין זיי וואוינען די געטער אויף אַן אמת. און זיי האָבן אַן אומגאַנג מיט די געטער דורך געשפּרעכן, און נבואה און וויזיעס, און זיי זעהען די זון, די לבנה, און די שטערן ווי זיי זענען אין דער ווירק־

ליכקייט, און אויף יעדן אַנדערן וועג איז זייער גליקזעליג־קייט אין איינקלאַנג מיט דעם.

„אַט דאָס איז די נאַטור פון דער ערד אַלס אַ גאַנצעס, און פון די זאַכן אַרום איר. אָבער אַרום דער גאַנצער ערד, און אירע אויסהוילונגען, זענען דאָ אַ סך געגענדן, מאַנכע טיפער און ברייטער פון די אין וועלכע מיר לעבן, און מאַנכע ווידער טיפער אָבער מיט אַ שמאָלערער שפּאַלטונג איידער אונזערע, און אַנדערע אויך פלאַכער אָבער ברייטער. די אַלע זענען פאַרבונדן אונטערערדיש איינס מיט ס'אַנדערע אויף פאַרשידענע וועגן, מאַנכע ברייטער און מאַנכע שמע־לער, און עס זענען דאָ דורכגאַנגען, דורך וועלכע עס פליסט אַ סך וואַסער פון איינעם צום אַנדערן, ווי פון בעכערס; און עס זענען דאָ אייביגע טייכן פון אומגעהייערער גרויס אונ־טער דער ערד, וואָס פליסן מיט הייסע און קאַלטע וואַסערן; און עס איז דאָ אַ סך פייער, און גרויסע טייכן פון פייער, און אַ סך שטראָמען פון בלאָטע, אייניגע שיטערער, און איי־ניגע געדיכטער, ווי די טייכן פון בלאָטע, וואָס פליסן בעפאָר די לאַווע אין סיציליען, און די לאַווע אַליין. די דאָזיגע פילן אָן די פאַרשידענע ערטער, ווי עס לאָזט זיך אין זייער פליסן פון איינעם צום אַנדערן צו יעדער צייט. און אַ מין וואַר־פעניש אינעווייניג פון דער ערד באַוועגט דאָס אַלץ אַרויף און אַראָב. און די נאַטור פון דער דאָזיגער וואַרפעניש איז ווי פאָלגט: אייניגע פון די אָבגרונדן פון דער ערד איז גרע־סער פון די איבריגע, און איז דורכגעבויערט דורך דער גאַנ־צער ערד; דאָס איז די דאָזיגע פון וועלכער האָמער זינגט: „ווייט, וואו טיף עס עפנט זיך דער אָבגרונד אונטער דער ערד“ און וואָס אַנדערשוואו האָט ער, און אַ סך אַנדערע פּאָעטן, אָנגערופן טאַרטאַראָס. וואָרעם אַלע טייכן פליסן אַריין אין דעם אָבגרונד, און זיי פליסן צוריק אַרויס, און זיי האָבן יעדער די נאַטור פון דער ערד, דורך וועלכער זיי פליסן. און די אורזאַך פאַרוואָס די אַלע שטראָמען פליסן דאָ אַריין און אַרויס איז, וואָס די דאָזיגע פליסיגקייט האָט ניט קיין דעק

און קיין גרונד. און אַזוי וואַרפט זיך דאָס, און כוואַליעוועט אַרויף און אַראָב, און די לופט און דער ווינט אַרום דעם טוען דאָסזעלביגע; וואָרעם זיי פאָלגן נאָך די פליסיגקייט, ווען עס באַוועגט זיך צו דער אַנדערער זייט פון דער ערד, און ווען עס באַוועגט זיך צו דער זייט, און פונקט אַזוי ווי דער הויך, פון די וואָס אָטעמען, בלאָזט אַריין און אַרויס, אַזוי וואַרפט זיך דער ווינט צוזאַמען מיט דער פליסיגקייט, און פאַראורזאַכט העפטיגע און שרעקליכע שטורמען ווען עס רייסט זיך אַריין און אַרויס. און ווען דאָס וואַסער גייט אָב צו די געגענדן, וואָס מיר רופן די אונטערשטע, פליסט עס אַריין אין די טייכן דאָרטן, און פילט זיי אָן, ווי מען וואָלט אין זיי אַריינגעפּאָמפּט; און ווען עס פאַרלאָזט יענע געגענד, און קומט צוריק צו דער זייט, פילט עס אָן די טייכן דאָ; און ווען די שטראָמען זענען אָנגעפילט, פליסן זיי דורך די דורכגאַנגען און דורך דער ערד, און קומען צו די פאַרשידענע ערטער, צו וועלכע זייעדע פאַרשידענע שטעגן פירן, וואו זיי מאַכן ימים און זומפן, טייכן און קוואַלן. פון דאַנען גייען זיי ווידער אַרונטער אונטער דער ערד, מאַנכע ציען זיך אַרום אַ סך גרויסע געגענדן, און אַנדערע אַרום ווייניגער און קלע־נערע ערטער, און גיסן ווידער אַריין אין דעם טאַרטאַראָס, אייניגע פיל ווייטער אונטן פון וואַנען זיי זענען געוואָרן אַרויסגעפּאָמפּט, און אַנדערע ניט אַזוי פיל, אָבער אַלע פליסן זיי אונטן פון זייער אויספלוס. אייניגע שטראָמען אַריין פון דער זייט, פון וועלכער זיי האָבן אַרויסגעשטראָמט, אַנדערע פון דער אַנדערער זייט; און אַנדערע ווידער ציען אַרום און אַרום אין אַ צירקל, און זיי דרייען זיך אַרום דער ערד איינ־מאָל אָדער עטליכע מאָל, ווי שלאַנגען, און זיי זינקען אַרונ־טער צו די טיפסטע טיפעניש, און פאַלן ווידער אַריין אין דעם אָבגרונד. עס איז מעגליך אַרונטערצוגיין פון יעדער זייט ביז צו דער מיט, אָבער ניט אַריבער. וואָרעם די ריכ־טונג פון ביידע שטראָמען גייט אַרויף משופּע פון יעדער זייט פון דער ערד.

„און די דאָזיגע שטראָמען זענען אַ סך און גרויס, און פון אַלע מינים, אָבער צווישן די אַלע זענען דאָ פיר שטראָמען, דער גרעסטער און אויסנווייניגסטער פון וועלכע איז דער, וואָס ווערט אָנגערופן אָקעאַנאָס, וואָס פליסט אַרום אין אַ צירקל, און אַנטקעגן דעם, וואָס פליסט אין אַן אַנטקעגנדיגער ריכטונג, איז אַכעראָן, וואָס פליסט דורך פאַרשידענע וויסטע פלעצער און ציענדיג אונטער דער ערד, קומט צו דער אַכערוזיאַנישער אָזיערע, וואוהין עס קומען אויך די נשמות פון די מייסטע פאַרשטאָרבענע, און נאָכדעם ווי זיי זענען דאָרטן אָבגעווען געוויסע באַשטימטע ציטן, וואָס זענען פאַר אייניגע לענגער און פאַר אַנדערע קירצער, ווערן זיי צוריקגעשיקט נאָך אַמאָל געבוירן צו ווערן אין לעבעדיגע באַשעפענישן. דער דריטער טייך פליסט אַרויס צווישן די ביידע, און באַלד צוגיסט ער זיך אין אַ גוואַלדיג גרויסער געגענד, וואָס ברענט מיט אַ גרויס פייער און בילדעט אַן אָזיערע, וואָס איז גרעסער פון אונזער ים, וואָס זידט מיט וואַסער און בלאָטע. דאָן פליסט דאָס אין אַ צירקל, מוטנע און בלאָטיג, און קומט אויף זיין געדרייטן וועג, צווישן אַנדערע פלעצער, אויך צו דעם ברעג פון דער אַכערוזיאַנישער אָזיערע, אָבער עס מישט זיך ניט אויס מיט אירע וואַסערן. דאַן, נאָכדעם ווי עס דרייט זיך אַרום עטליכע מאָל אונטער דער ערד, גיסט עס זיך אַריין אין דעם טאַרטאַראָס נאָר אונטן. דאָס איז דער טייך, וואָס ווערט אָנגערופן פּיריפלעגעטאָן, און די לאַווע־שטראָמען, וואָס שפּריצן אַרויס אויף דער ערד ווי עס לאָזט זיך, שפּריצן פון דאָרט. אַנטקעגן דעם ווידער שטראָמט דער פערטער טייך, צוערשט, ווי מען זאָגט, אין אַ ווילדן און שרעקליכן געגענד, וואָס באַשטייט אין גאַנצן פון אַ טונקל בלויער קאָליר. דאָס ווערט גערופן דער סטיגישער טייך, און די אָזיערע וואָס פאָרמירט זיך פון דעם אַריינפליסן איז דער סטיקס. און ווען דער טייך האָט זיך דאָ אַריינגעוואָרפן, און האָט אויפגענומען געפערליכע כחות אין זיינע וואַסערן, גייט ער אַרונטער אונטער דער ערד, און,

דרייענדיג זיך אַרום און אַרום אין דער ריכטונג, וואָס איז אַנטקעגן דעם פּיריפלעגעטאָן, באַגעגענט עם דאָס, ווען עס קומט אויף דעם אַנדערן וועג אין דער ארכערוזאנישער אַזיערע. און דאָס וואַסער פון דעם טייך מישט זיך אויך ניט אוים מיט קיין אַנדער וואַסער, נאָר דאָס דרייט זיך אויך אַרום אין אַ צירקל, און פאַלט אַריין אין דעם טאַרטאַראָס אַנטקעגן פּיריפלעגעטאָן. און דער נאָמען פון דעם טייך, ווי די פּאָעטן זאָגן, איז קאָקיטאָס.

דאָס איז די נאַטור פון די דאָזיגע זאַכן. אַצינדער, ווען די טויטע זענען אָנגעקומען אויף דעם אָרט, וואוהין יעדער ווערט געפירט פון זיין מלאך, ווערן צוערשט אָבגעשייט די דאָזיגע, לויט דעם וואָס האָבן געלעבט שיין און פרום פון די וואָס האָבן ניט אַזוי געלעבט. און די וואָס ווערן אויס־געפונען, אַז זיי האָבן געלעבט ניט גוט און ניט שלעכט, באַ־געבן זיי זיך אויף דעם אכעראָן, באַשטייגנדיג די שיפלעך, וואָס זענען אָנגעגרייט פאַר זיי, און קומען מיט זיי אָן צו דער אַזיערע; דאָרטן וואוינען זיי, און זיי ווערן גערייניגט, און אויב זיי האָבן געזינדיגט, קומען זיי אָב פאַר זייערע זינד מיט דער שטראָף וואָס זיי דערהאַלטן פאַר זייערע חטאים, און פאַר זייערע גוטע מעשים קריגן זיי פאַרגעלטונג, יעדער לויט דעם ווי ער האָט פאַרדינט. די יעניגע אָבער, וואָס שיינען ניט צו פאַרדינען קיין מחילה, צוליעב די גרויס־קייט פון זייערע חטאים, ווייל זיי זענען באַגאַנגען אַ סך גרויסע פאַרשוועכונגען פון די הייליגטימער, אָדער אומגע־רעכטע און געמיינע מאָרדן, אָדער ענליכע אַזעלכע פאַר־ברעכנס, די ווערן אַריינגעוואָרפן פון זייער פאַסיגן גורל אין דעם טאַרטאַראָס, פון וואַנען זיי שטייגן קיינמאָל ניט אַרויס. די דאָזיגע, אָבער, וואָס פאַרדינען מחילה, אָבער וואָס ווערן געפונען צו האָבן באַגאַנגען גרויסע זינד — וואָס האָבן, למשל, אין אַ מינוט פון צאָרן באַגאַנגען גוואַלד־טאַטן קעגן פאָטער אָדער מוטער, און האָבן געטאָן תשובה זייער גאַנץ לעבן, אָדער וואָס האָבן גע׳הרג׳עט עמעצן אַן אַנדער פּערזאָן אונ־

טער ענליכע צושטאַנדן — די מוזן ווערן אַריינגעוואָרפן אין דעם טאַרטאַראָס, און ווען זיי זענען דאָרט אָבגעווען אַ יאָר, וואַרפט זיי די כוואַליע צוריק אַרויס, די מערדער אין דעם קאָקיטאָס, און די וואָס האָבן זיך פאַרזינדיגט קעגן פאָטער און מוטער אין דעם פּיריפלעגעטאָן. און ווען זיי זענען געטריבן פון דעם שטראָם, געבראַכט געוואָרן צו דער אַכעַ־רוזיאַנישער אָזיערע, שרייען זיי און וויינען, און רופן צו די וואָס זיי האָבן געמאָרדעט, אָדער פאַרגוואַלטיגט; און נאָכ־דעם, ווען זיי האָבן זיי צוגערופן, חלש'ן זיי און בעטן זיך מען זאָל זיי לאָזן אַרויסקומען אין דער אָזיערע אַריין. אויב זיי פּועל'ן, קומען זיי אַרויס און זייערע צרות הערן אויף, אויב אָבער ניט, ווערן זיי ווידער פאַרטראָגן צו דעם טאַר־טאַראָס, און פון דאָרטן ווידער צו די טייכן, און דאָס האַלט אָן אַזוי לאַנג, ביז זיי פּועל'ן ביי די וועמען זיי האָבן געטאָן שלעכטס; וואָרעם דאָס איז זייער שטראָף וואָס די ריכטער האָבן אויף זיי אַרויפגעלייגט. אָבער די וואָס מען געפינט אַז זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט אין אַ הייליג לעבן, די ווערן באַפרייט פון די געגנטן אין דער ערד, און זיי ווערן אַרויס־געלאָזן ווי פון אַ תפיסה. זיי שטייגן אַרויף צו זייער ריינער וואוינונג און זיי לעבן איבער דער ערד. און אַלע פון די דאָזיגע, וואָס האָבן זיך געהעריג געריינִיגט מיט פילאָזאָפיע, לעבן פאַר אַלע צייטן אין גאַנצן אָן די לייבער, און זיי קומען אין נאָך שענערע וואוינונגען, וואָס אי עס איז ניט לייכט צו באַשרייבן, אי מיר האָבן ניט מער גענוג צייט. אָבער, סיממיאַס, צוליעב אָט די אַלע זאַכן, וואָס מיר האָבן דאַ איבערגעגעבן, מוזן מיר טאָן אַלץ וואָס איז נאָר מעגליך זיך איינצושאַפן טוגענד און פאַרנונפט אין לעבן. וואָרעם שיין איז דער פּרייז, און די האָפנונג גרויס.

„נו, עס וועט ניט זיין פּאַסיג פאַר אַ מענטש מיט שכל צו באַשטיין דאַרויף, אַז אַלץ דאָס איז פּונקט אַזוי ווי איך האָב עס באַשריבן, אָבער, אַז ענטוועדער דאָס, אָדער עטוואָס גלייך צו דעם איז אמת וועגן אונזערע נשמות און זייער

וואוינונג, ווארעם ווי עס זעהט אויס איז די נשמה אומ־שטערבליך, דענק איך, אז עס איז פאסיג און ריכטיג זיך צו דערוועגן צו גלויבן. און דאס דערוועגעניש איז זייער כדאי; און יעדער דארף דאס איבער׳חזר׳ן צו זיך אליין ווי דאס וואלט געווען א צויבער־שפרוך, און דאס איז די אורזאך פאר וואס איך האב די דערציילונג אויסגעצויגן אזוי לאנג. דאס איז פאר וואס א מענטש דארף זיין גוט געשטימט וועגן זיין נשמה, ווען ער האט ביים לעבן פארווארפן די תענוגים און די צירונג פון דעם גוף, דענקענדיג, אז זיי זענען אים פרעמד, און אז זיי קענען אים טאן מער שאדען ווי גוטס, און ער האט אייפריג נאכגעזוכט די תענוגים פון פארשן, און ער האט באפוצט זיין נשמה, ניט מיט פרעמדע באפוצונג, נאר מיט איר אייגענער צירונג, ווי געמעסיגקייט, און גערעכטיגקייט, און קוראזש, און פרייהייט, און אמת; און אזוי דערווארטעט ער אויף דער נסיעה אויף יענער וועלט, פארטיג צו גיין, ווען דאס שיקזאל רופט אים. איר, סיממיאס און קעבעס און די איבעריגע," האט ער געזאגט, „וועלן גיין אן אנדערש מאל, יעדער אין זיין צייט, אבער איך ווער אצינד שוין, ווי א טראגיקער וואלט זאגן, גערופן פון דעם שיקזאל, און עס איז ארום צייט פאר מיר צו גיין אין דעם באד, ווארעם איך דענק, אז עס איז בעסער זיך צו באדן, איידער איך נעם דעם סם, כדי די פרויען זאלן זיך ניט דארפן באמיען צו וואשן דעם טויטן גוף."

ווען ער האט דאס אבגעזאגט, האט קריטאן געזאגט: „נו, סאקראטעס, ווינשט דו איבערצולאזן עפעס א צואה מיט אונז וועגן דיינע קינדער, אדער וואס עס איז אן אנדער אנגעלעגנהייט — עפעס וואס מיר וואלטן קענען טאן דיר צוליעב?"

„וואס איך האב אלעמאל געזאגט, קריטאן," האט ער געזאגט. „ווייטער גאר ניט. אויב איר וועט זארגן פאר אייך אליין, וועט איר טאן פאר מיר און פאר די מייניגע און אייך אליין, וואס איר וועט נאר טאן, אפילו ווען איר גיט

אַצינד ניט קיין צוזאָגן; אויב אָבער איר פאַרנאַכלעסיגט זיך אַליין, און איר זייט ניט וויליג צו לעבן, נאָכפאָלגנדיג טריט ביי טריט, אַזוי צו זאָגן, אין דעם וועג, וואָס איז אָנ־געצייכנט געוואָרן אין אונזערע איצטיגע און פריערדיגע גע־שפּרעכן, וועט איר גאָר ניט אויספירן ווען אַפילו איר זאָלט נאָך אַזוי פיל, און נאָך אַזוי שטאַרק איצט פאַרשפּרעכן."

„מיר וועלן אַוודאי זיך סטאַרען צו טאָן ווי דו זאָגסט," האָט ער געענטפערט. „אָבער ווי אַזוי זאָלן מיר דיך מקבר זיין?"

„ווי אַזוי איר ווילט," האָט ער געענטפערט. „אויב איר וועט מיך כאַפּן, און איך וועל זיך ניט אַרויסדרייען פון אייך." ביי דעם האָט ער רוהיג געלאַכט, און קוקנדיג אויף אונז האָט ער געזאָגט: „איך קען ניט, מיינע פריינד, איבערצייגן קריטאָן, אַז איך בין דאָס דער סאָקראַטעס וואָס רעט אַצינדער און לייגט אייך פאָר די איינצעלהייטן פון זיין אַרגומענט. ער גלויבט, אַז איך בין דער, וואָס וועט באַלד זיין א בר מינן, און ער פרעגט, ווי אַזוי מיך מקבר צו זיין. און הגם איך האָב געהאַלטן אַ לאַנגע רעדע, אַז נאָכדעם ווי איך וועל טרינקען דעם סם וועל איך מער ניט זיין מיט אייך, נאָר וועל אַוועקגיין צו די הערליכקייטן פון די געבענשטע — דאָס דענקט ער איז געווען סתם גערעט צו באַרוהיגן אייך און מיך אַליין. מוזט איר געבן קאַוציע פאַר מיר ביי קריטאָן. דעם פאַרקערטן פון דעם, וואָס ער האָט געגעבן די ריכטער פאַר מיר ביי דעם משפט. וואָרעם ער האָט געגעבן קאַוציע, אַז איך וועל בלייבן, איר אָבער מוזט געבן קאַוציע, אַז איך וועל ניט בלייבן, ווען איך בין טויט, נאָר אַז איך וועל אַוועקגיין, כדי קריטאָן זאָל דאָס לייכטער קענען איבערער־טראָגן, און כדי ער זאָל זיך ניט מצער זיין, ווען ער וועט זעהן ווי מיין גוף ווערט פאַרברענט אָדער באַגראָבן, אַזוי ווי מיר וואָלט געשעהן עפּעס אַ שרעקליכע זאַך. ער זאָל ניט זאָגן ביי דער לויה, אַז ער שטעלט אַרויס סאָקראַטעס'ן, אָדער ער טראָגט אים אַרויס, אָדער ער באַגראָבט אים. וואָרעם,

מיין טייערער קריטאָן, דו מעגסט זיין זיכער, אַז אַזעלכע שלעכטע אויסדרוקן זענען ניט נאָר זינדיג אין זיך אַליין, נאָר זיי שטעקן אָן די נשמה מיט שלעכטס. ניין, דו מוזט זיין מוטיג, און זאָג אַז דו באַגראָבסט מיין גוף — און באַגראָב אים ווי דו דענקסט צום בעסטן, און ווי לויט דיין שכל געשיקט זיך צו מייסטן."

דאָס אָבגעזאָגט, איז ער אויפגעשטאַנען, און איז אַריינגעגאַנגען אין אַן אַנדער צימער, זיך צו באָדן. קריטאָן האָט אים באַגלייט, אָבער ער האָט אונז געהייסן וואַרטן. האָבן מיר געוואַרט, און איבערעגעגערעט צווישן זיך און דיסקוטירט די לעקציעס וואָס מיר האָבן געהערט. און דאַן האָבן מיר גערעט פון דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט אונז געטראָפן, וואָרעם מיר האָבן אַלע געפילט, אַז מיר ווערן באַרויבט ווי פון אַ פאָטער, און מיר וועלן דאַרפן פאַרברענגען אונזער איבריג לעבן ווי יתומים. און ווען ער האָט זיך אָבגעבאָדן, און מען האָט צו אים געבראַכט זיינע קינדער — וואָרעם ער האָט געהאַט צוויי קליינע זין און איינעם אַ גרויסן — און די פרויען פון דער פאַמיליע זענען געקומען, האָט ער מיט זיי גערעט אין קריטאָנ'ס אנוועזנהייט, און האָט זיי אָנגעוויזן, וואָס עס איז געווען זיין וואונש; נאָכדעם האָט ער געהייסן די פרויען אַוועקגיין, און ער איז געקומען צו אונז. עס איז שוין אַצינד געווען נאָענט פון זון אונטערגאַנג; וואָרעם ער האָט פאַרבראַכט אַ לאַנגע צייט אינוויינינג. און ווי ער איז געקומען פריש פון באָד האָט ער זיך אַנידערגעזעצט און ער האָט שוין ניט פיל גערעט, וואָרעם דער דינער פון די עלף איז אַריינגעקומען, האָט זיך געשטעלט נעבן אים און האָט געזאָגט: „סאָקראַטעס, אויף דיר וועל איך זיך ניט דאַרפן באַקלאָגן, ווי אויף די אַנדערע, וואָס זענען בייז אויף מיר, און שעלטן מיך, ווען אויף דעם באַפעל פון די העכערע זאָג איך זיי אָן צו טרינקען דעם סם. ניין, איך האָב דיך אין דער גאַנצער צייט דערקענט צו זיין אויף יעדן וועג, דער איידלסטער, דער געלאַסנסטער און דער בעסטער

מענטש, וואָס איז ווען עס איז דאָ אהערגעקומען, און אויך אצינד וויים איך, אז דיין כעס איז געריכטעט קעגן יענע, ניט קעגן מיר, וואָרעם דו ווייסט, ווער מען צו באַשולדיגן. נו, דו ווייסט די בשורה וואָס איך בין געקומען דיר ברענגען, האָב מוט און סטאַרע זיך איבערצוטראָגן וואָס דו מוזט, אַזוי לייכט ווי נאָר מעגליך." און ער האָט אָנגעהויבן צו וויינען. און ער האָט זיך אומגעקערט און איז אַוועקגעגאַנגען. און סאָקראַטעס האָט אים נאָכגעקוקט און האָט געזאָגט: „אויך דו האָב מוט, איך וועל טאָן ווי דו הייסט." און נאָכדעם האָט ער געזאָגט צו אונז: „ווי פיין דער מענטש איז. די גאַנצע צייט וואָס איך בין דאָ, איז ער אַלע מאָל געקומען מיך צו באַזוכן, פון צייט צו צייט גערעדט מיט מיר, און איז געווען דער בעסטער פון אַלע מענטשן, און ווי אויפריכטיג ער באַוויינט מיך! אָבער קום, קריטאָן, לאָמיר אים פאָלגן, און זאָל ווער עס איז ברענגען דעם סם, אויב ער איז שוין צוגעגרייט, און אויב ניט, זאָל דער מענטש אים צוגרייטן." און קריטאָן האָט געזאָגט: „אָבער איך דענק, סאָקראַטעס, די זון שטייט נאָך אויף די בערג, און איז נאָך ניט אונטער־געגאַנגען, און איך וויים, אַז אַנדערע האָבן גענומען דעם סם גאַנץ שפּעט נאָכדעם ווי מען האָט זיי אָנגעזאָגט, און האָבן דערוויילע גאַנץ גוט געגעסן און געטרונקען, און אַ טייל האָבן זיך נאָך אונטערגעהאַלטן אין דער געזעלשאַפט פון די וואָס זיי האָבן געליבט. איַל זיך גאָר ניט, עס איז נאָך צייט."

און סאָקראַטעס האָט געזאָגט: „קריטאָן, די דאָזיגע וואָס דו דערמאָנסט האָבן אַ רעכט צו טאָן ווי זיי טוען, וואָרעם זיי מיינען זיי וועלן עפּעס געווינען מיט דעם, און איך וועל האָבן רעכט ניט צו טאָן ווי זיי טוען, וואָרעם איך דענק, איך וועל גאָר ניט געווינען מיט דעם, וואָס איך וועל נעמען דעם סם אַביסל שפּעטער. איך וועל זיך נאָר מאַכן לעכערליך אין מיינע אייגענע אויגן, ווען איך זאָל אַזוי שטאַרק זיך אָנהענגען אָן דעם לעבן, און שפּאָרן דאָרט וואו עס איז שוין מער גאָר ניט דאָ. קום," האָט ער געזאָגט, „פאָלג מיך און טו

ניט אנדערש."

באלד דארויף האָט קריטאָן א וואונק געטאָן צו דעם אינגל, וואָס איז געשטאַנען נאָענט. דאָס אינגל איז ארויס־געגאַנגען און האָט זיך געזאַמט א לאַנגע צייט, נאָכדעם איז ער צוריקגעקומען מיט דעם מאַן, וואָס האָט באַדאַרפט איינ־געבן דעם סם, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אין א בעכער פאַרטיג צום געברויך. און ווען סאָקראַטעס האָט אים געזעהן, האָט ער געזאָגט. „נו, מיין גוטער מענטש, דו ווייסט דאָך וועגן די זאַכן; וואָס דאַרף איך טאָן?" „גאָר־ניט," האָט ער געענטפערט, „נאָר טרינק דעם סם, און גיי ארום ביז דיינע שענקלען פילן שווער; נאָכדעם לייג זיך אנידער, און דער סם וועט שוין אליין האָבן א ווירקונג."

מיט דעם האָט ער דערלאַנגט סאָקראַטעס׳ן דעם בעכער. ער האָט דאָס גענומען, און גאַנץ געטרייסט, עכעקראַטעס, אָן שום ציטערן, און ניט בייטנדיג זיין קאָליר אָדער אויס־דרוק, נאָר קוקנדיג דעם מאַן גלייך אין די אויגן, ווי עס איז געווען זיין געוואוינהייט, האָט ער געזאָגט: „וואָס זאָגסט דו מכח אָפּגיסן א נסך פון דעם בעכער צו עפּעם א גאָטהייט? מעג איך דאָס, צי ניט?" „סאָקראַטעס," האָט ער געזאָגט, „מיר גרייטן נאָר צו אזוי פיל, וויפיל מיר דענקען עס איז גענוג." „איך פאַרשטיי," האָט סאָקראַטעס געזאָגט; „אָבער איך מעג, און איך מוז מתפלל זיין צו די געטער, אז מיין אָברייזע פון דאַנען זאָל זיין א גליקליכע; אזוי גיב איך די תפילה, און הלוואי זאָל איך געהערט ווערן." מיט די ווערטער האָט ער גענומען דעם בעכער צו זיינע ליפּן, און מיט הייטער־קייט און גלאַסן האָט ער עס אויסגעטרונקען ביז צום דעק. ביז צו דער צייט האָבן די מייסטע פון אונז עס געהאַט ביד איינצוהאַלטן אונזערע טרערן גאַנץ ניש׳קשה׳דיג. אָבער ווי מיר האָבן געזעהן ווי ער טרינקט, און ער האָט שוין גע־טרונקען דעם סם, האָבן מיר דאָס מער ניט געקענט. געגן מיין אייגענעם ווילן האָבן מיינע טרערן זיך אַרונטערגעקייקלט אין א גוס, אזוי אז איך האָב צוגעדעקט מיין פּנים, און האָב

געוויינט פאַר זיך; וואָרעם ניט איבער אים האָב איך געוויינט, נאָר איבער מיין אייגענעם גורל, צו ווערן באַרויבט פון אַזאַ פריינד. קריטאָן איז געוועזן אויפגעשטאַנען און אַבגעטראָטן נאָך פריער פון מיר, וואָרעם ער האָט ניט געקענט איינהאַלטן זיינע טרערן. אָבער אַפּאָללאָדאָראס, וואָס האָט שוין פריער די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין וויינען, איז דעמאָלט, אין זיין צער, אויסגעבראָכן אין אַ הויכן געוויין, אַז מיר אַלע זענען צוזאַמענגעבראָכן, אַ חוץ איין סאָקראַטעס. און ער האָט געזאָגט: „וואָסער דרך איז דאָס, איר טשודנע מענטשן! איך האָב די ווייבער אַוועקגעשיקט ניט צו וויינעגטען צוליעב דעם, זיי זאָלן זיך ניט באַנעמען אַזוי קאָמיש, וואָרעם איך האָב געהערט, אַז עס איז צום בעסטן צו שטאַרבן שטיל. האַלט זיך רוהיג און זייט מוטיג."

דאַן האָבן מיר זיך פאַרשעמט, און זיך איינגעהאַלטן פון וויינען. ער איז אַרומגעגאַנגען, און ווען זיינע שענקלען זענען געוואָרן שווער האָט ער זיך אַוועקגעלייגט אויף דעם רוקן, וואָרעם אַזוי האָט דער מענטש אים געהייסן. דער מאַן וואָס האָט איינגעגעבן דעם סם האָט אַרויפגעלייגט די הענט אויף אים, און אין אַ ווײלע אַרום האָט ער אונטערזוכט זיינע שענקלען און זיינע פיס, דאַן האָט ער געגעבן אַ פעסטן דרוק זיין פוס, און האָט געפרעגט צי ער פילט דאָס. ער האָט געזאָגט: „ניין!" נאָכדעם זיין קני; און אַזוי איז ער אַרויפגעגאַנגען אַלץ העכער, און האָט אונז געציינט ווי ער ווערט ביסלעכווייז קאַלט און שטייף. און ווידער האָט ער אים אָנגערירט און געזאָגט, אַז ווען עס וועט צוקומען צום האַרץ, וועט ער זיין פאַרביי. די קאַלטקייט איז דערוויייל אָנגעקומען אַרום דעם אונטערלייב, און ער האָט אָבגעדעקט זיין פנים, וואָס איז געוועזן צוגעדעקט, און ער האָט געזאָגט — דאָס זענען געוועזן זיינע לעצטע ווערטער „קריטאָן, מיר זענען

שולדיג אַ הון צו אסקלעפּיאס.*) באַצאָל דאָס, און פאַר־נאַכלעסיג דאָס ניט." „דאָס וועט געטאָן ווערן," האָט קריטאָן געזאָגט, „אָבער זעה צי דו האָסט נאָך עפּעס צו זאָגן." אויף דער פראַגע האָט ער שוין ניט געגעבן קיין תשובה, אָבער אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך אַ ריר געטאָן, דער דינער האָט אים אָפּגעדעקט, זײַנע אויגן זענען געווען שטאַר. ווען קריטאָן האָט דאָס געזעהן, האָט ער פאַרמאַכט זײַן מויל און אויגן.

דאָס, עכעקראַטעס, איז געווען דער סוף פון אונזער פרײַנד, וואָס איז געווען, ווי מיר מעגן זאָגן, צווישן אַלע וואָס מיר האָבן געקענט אין אונזער צײַט, דער בעסטער, דער פאַרנונפטיגסטער און דער גערעכטסטער מאַן.

*) אסקלעפּיאס, דער גאָט פון מעדיצין. צו אים פלעגט מען מקריב זײַן אַ הון, ווען מען איז גענעזן געוואָרן פון אַ קראַנקהײַט. סאָקראַטעס האָט מיט דעם אַוודאי געוואָלט באַצייכענען, אַז זײַן טויט איז געווען אַ גענעזונג פון דער קראַנקהײַט פון לעבן.

